די ווערק פון יצחק לייבוש פרץ. צוועלף בענד.
צוזאַמענגעשטעלט אונטער דער רעדאַקציאָן פון
דוד פינסקי

צוועלפטער באַנד

ארויסגעגעבען פון פאַרלאַג „אידיש“, ניו־יאָרק.
תר"פ — 1920

## י. ל. פרץ

# אַרטיקלען און פעליעטאָנען



ארויסגעגעבען פון פארלאג „אידיש״, ניו-יארק.

# בילדונג.

(פאָרוואָרט צום ערשטען באנד „אידישע ביבליאָטעק“)

## א.

אונזער פּראָגראַם איז — בילדונג; מיר ווילען בילדען דאָס פאָלק, מאַכען אויס נאַרען — קלוגע, אויס פאַנאַטיקער — געביל־דעטע מענשען; אויס לעדיג־געהער און לופט־שלינגער — ארביי־טער; נוצליכע, אָרענטליכע מענשען, וואָס ארבייטען פאר זיך, און דעם כלל קומט דערפון א טובה ארויס.

אונזערע שונאים זאָגען, אז דער כלל אידען, איז בלוט־איגעל (פּיאווקעס), קאַטאָרזשניקעס, כל־בו'ניקעס... אונזערע שפעטער זאָגען, אז דער אידישער מח איז א פארפוילטע הושענא, דאָס הארץ — א קיזעל־שטיין, די הויט — פאַרוואָרלעסיגט, און אלע אברים — קרום און לאָם.

אונזערע שאָוויניסטען זאָגען: אז ישראליק איז גאָטס בן־יחיד'ל — זיין וויג איז אמונה, זיין קאָפּען־קישעלע — בטחון, זיינע ווינדעלעך — יריעות פון מקדש, זיין פלינאַק — א פּרוכת, זיין וויקעל־שנור — משה רבינו'ס גאַרטעל, זיין הארץ — מלאכים־לעבער, זיין מח — דער אָרון מיט די כרובים, זיינע ציעמיעניעס אויפ'ן קאָפּ — הייליג לבנון־גראָז.

מיר זאָגען איינפאַך: מיר אידען זענען מענשען, ווי אלע מענשען! מיר האָבען מעלות, מיר האָבען חסרונות. מיר זענען נישט קיין געטער, נישט קיין טייוולאָנים, נאָר מענשען. און מענ־שען דאַרפען זיך בילדען, שטענדיג לערנען, מיט יעדען טאָג ווערען קליגער, בעסער און פיינער.

בטבע זענען מיר גלייך, ווי אלע מענשען, און דאָך איז אונזער פאָלק נישט גלייך צו אנדערע פעלקער, ווייל אונזער לעבען איז אַנ־דערש, אונזער געשיכטע איז אַנדערש, אונזער רבי איז — דער גלות...

דעם גלות האָבען מיר צו פאַרדאַנקען אסך. אסך מעלות,

נאר אסך חסרונות אויך. אין דעם טויזענט־יעהריגען לעבענס־שטרייט, בפרט פארצייטען, ווען אלע פעלקער האבען כח געזא־מעלט און באנוצט אויף מארד, ברענען און צווינגען, האבען מיר כחות געזאמעלט און באנוצט אויף סבלנות, אויף אויסהאלטען, אויסדולדען, איבערלײדען די שלעכטע צייט. י ע נ ע קראפט וואקסט אזוי לאנג, ביז זי טרעפט אויף א גרעסערע און פלאצט, ווי א זייפען־בלאז, א ו נ ז ע ר קראפט וועט שוין אויף קיין גרעסערע נישט טרעפען. דעריבער זענען אסך פעלקער אונטער־געגאנגען און מיר לעבען און ווילען לעבען אייביג...

צייט מיר זענען אין גלות, האבען מיר אויף אונזער געוויסען, אויף אונזער „יהדות" קיין איינציגען טראפען פרעמד בלוט; דער פעלקער־פאנאטיזם האט אונזער פאהן מיט בלאטע באשפריצט, מיר האבען איהם מיט איינענעם בלוט געוואשען.

און ווייל מיר זענען אין גלות, ווייל מיר עסען שטענדיג ביי א פרעמדען טיש, ווייל מיר זענען אייביגע אומגליקליכע אורחים אויף דער וועלט, דעריבער האפען מיר צו דער מענשהייט, דעריבער איז מענשליכקייט אונזער הייליגסטער אידעאל, דעריבער איז אונ־זער ע ג א א י ז ם (איינענליעבע) די ריינסטע מענשען־ליעבע! ווייל מיר פיהלען, אז כל־זמן די מענשען־ליעבע וועט נישט גובר זיין, כל־זמן עס וועט זיין קנאה־שנאה, תחרות און מלחמות, וועט אונז נישט גוט זיין, דעריבער בעטען מיר שטענדיג אויף שלום, דעריבער זענען אונזערע הערצער, ווי א שוואם פאר אלע נייעסטע אידעען, דעריבער האבען מיר הארץ, געפיהל און מיטלייד מיט אלע אומגליקליכע, מיט אלע פארטריבענע, מיט אלע געיאגטע... דעריבער זענען מיר „רחמנים בני רחמנים"...

און ווייל קיינער וויל פאר אונז נישט זארגען, ווייל מיר האַ־בען שטענדיג געמוזט זיך אין זינען האבען אליין, ווייל מיר האַ־בען שטענדיג צווישען שונאים געלעבט, ווייל אונזער מארגען איז קיינמאל נישט זיכער געוועזען, ווייל אונזערע מחיות זענען שטענ־דיג באגרענעצט, האבען מיר זיך מיט דער צייט צוגעוועהנט צום זארגען, צום דענקען, צום איינשפארען; צו האלטען שטענדיג קאפ, צו באהאלטען אויף א שלעכטען טאג, צו וואקסען אויף בקא־לעס אהן רעגען, אהן טוי...

און ווייל מיר האבען נאר מיט אונזער גייסט געשטריטען,

ווייל די הענט האָבען מיר געמוזט האַלטען ביי זיך, זענען מיר גייסטיגער און ערדלער געוואָרען...

די רעשט האָבען מיר צו פאַרדאַנקען אונזער תּורה, אונזערע נביאים און אונזערע בעלי התלמוד.

די איינהייט גאָטעס (אחדות הבורא), וואָס איז היינט אַלס „די איינהייט דער קרעפטע" באַוויזען; דער: „ואהבת לרעך כמוך*), וואָס אַלע פעלקער זאָגען אונז נאָך, כאָטש פון צונג צום האַרץ איז ווייט און צו דער האַנט — נאָך ווייטער; דער „חקה אחת לכם ולגר הגר בתוככם"**), וואָס דער ניינצעהנטער יאָהרהונדערט קאָן איהם נאָך נישט פאַרדייען; די בריק, וואָס די תורה האָט געוואָרפען איבער דעם תהום צווישען רייך און אָרעם מיט „לקט, שכחה ופאה***), דער אסור פון פּראָצענט****), דאָס באַגרענעצען פון נעמען משכנות, דער צער בעלי־החיים, וואָס איז פול אין אונזערע חקים, שלמה המלך'ס געבעט ביי חנוכת־הבית, די נביאות, וואָס ווייזען אונז די מענשהייט אַלס דאָס גרעסטע גליק און אידעאַל; און — די זעלבע מאמרים דערגענצט און דערלייטערט אין תּלמוד בבלי וירושלמי, דאָס אַלץ איז אונזער אייביגער שטאָלץ.

דאָס איז די קווינט־עסענץ פון אונזער „אתה בחרתנו"! נאָך דעם ערשטען גלות (מצרים) האָבען מיר דער וועלט א תורה געגע־בען, אינ'ם צווייטען און דריטען גלות זענען מיר א לעבעדיגער פּראָטעסט געגען קנאה, שנאה, געגען פיזישער קראַפט, געגען „כל דאלים גבר"!

דאָס איז אבער נאָר דער אָדלער פון רענדעל, דאָס רענדעל האָט אבער א „רעשקע" אויך; אין קעלער פוילט די בעסטע פרוכט און וואַקסט איבער; מיר ליגען שוין טויזענטער יאָהרען אין פינס־טערען קעלער!

---

*) האָב ליעב דעם צווייטען, ווי זיך אַליין.

**) איין רעכט פאַר אייך און פאַר פרעמדע, וואָס וועלען וואוינען צווישען אייך.

***) לויט דעם געזעץ געהער צום אָרעמאַן: דאָס, וואָס ער קלייבט אויף, וואָס דער בעל־הבית פאַרגעסט אויפ'ן פעלד, און די עקען פונ'ם פעלד.

****) את כספך לא תתן בנשך.

ארום דער „אחדות הבורא“ זענען געוואקסען: כשוף פון כשדים, מלאכים פון בבל, סגולות פון אפריקע, פאנאטישע זאבא־באנעס פון אייראפעאישען מיטעלאלטער, נאכגעמאכטע פאקטוי־רים צווישען גאט און מענשען — גוטע־אידען!

אויף דעם ארט, וואס די ריינע רעליגיאן זאל אונז פאראיי־ניגען, שפאלטען אונז פארשידענע פאנאטיזמען אויף דייטשען, מתנגדים און הונדערטער פארטייען חסידים; ווייל אמת איז נאר איינע, שקרים — אסך! און יעדער שקר וויל זיינע בתי־מדרשים, זיינע רבנים, שמשים, שוחטים, זיינע שול־קלאפער, זיינע פא־נאטיקער... און איהר ווייסט, ווי טייער עס קאסט אונז דאס שפיל... וויפיעל ממון און דמים עס ווערט פארגאסען...

און — אויף דעם ארט פון איין רעליגיאן פאראייניגט אונז איין חלול־השם! מיר צופאלען אויף מאסען קופקעלער. יעדער פאנאטיקער וויל פון זיין גארטעל מאכען אן אהל איבער כל ישראל, מען זאל די וועלט פאר זיך נישט זעהן, נאר באגנינען זיך מיט זיין נשמה־ליכטעל, וואס רויכערט און לייכט נישט...

זאל זיך אונזער ציוויליזאציאן, וואס האט זיך אנגעהויבען מיט רחמנות, מיט ליעבע, מיט מענשליכקייט, מיט חכמה — ענ־דיגען מיט צדיקים, צו וועלכע דער רבונו של עולם איז בבחינת עבד, מיט געשלעג, מיט רדיפות, מיט מענשענהאס, מיט פאנא־טיזם? זאל זיך די גאלדענע קייט ענדיגען מיט בליי?

מיר ווילען קיין רעפארמען!... ווער עס רוקט אפ די סטא־ווידלעס פון דעם ארט, וואו די פאליעס שלאגען, אויף דעם ארט, וואו דער טייך איז רוהיג — טוט נישט דעם טייך, נאר די סטא־ווידלעס א טובה!... מיר ווילען נאר בילדען דאס פאלק! מיר ווי־לען אויפווייזען, וואס עס איז א ו נ ז ע ר און וואס עס איז פ ר ע מ ד; וואס עס איז קערן (זיארנע) און וואס עס איז פלעווע און שטרוי; אויך אומפלוט, וואס האט זיך צו אונז צוגעטשעפעט אויף פארשידענע גלות־בעטען!... מיר ווילען נאר ליכטיג מאכען אין אונזערע מחות, אז די גוטע אמת׳ע אידעען, וואס וואוינען דארט, זאלען דערזעהן, ווער זייערע שכנים זענען, מיט וועמען זיי חבר׳ען זיך!

נאר נישט דאס איינע האבען מיר דעם גלות צו פארדאנקען. ווייל מיר האבען נאר מיט סבלנות געשטריטען, זענען מיר פיינ־

לינגע געוואָרען; עס איז אויף אונז מקוים געוואָרען די קללה, אז מיר וועלען ציטערען פאר א גערויש פון א פוילען בלעטעל, און צעהן טויזענטער אנטלויפען, נאך איידער מען יאָגט זיי; מיר האָבען אמאָל די האַרפען צובראָכען און די פינגער זיך אָפּגעשניטען אום ציון־ליעדער אין פרעמדען לאַנד נישט צו זינגען, און שפּעטער האָבען מיר פאר א דרייער דעם ערשטען בעסטען שכור „מה יפית“ געזונגען; מיר זענען הינטערליסטיגע שמייכלער געוואָרען, אונזער געפיהל און שטאָלץ פארלוירען... און — ווייל מיר האָבען צופיעל געבאָטענע און אומגעבאָטענע תעניתים געהאַט, שטענדיג פון דער וואַנט פּרנסה געצויגען, האָבען מיר פארבויגען אביסעל דעם יושר...

---

מיר האָבען מיט סבלנות געשטריטען, און דעריבער — א שטיק ליים געוואָרען, אין וועלכען, אין יעדער צייט, אויף יעדען אָרט שטעקט יעדער פושער אריין די הענט און מאַכט פון אונז יואָס ער וויל. מיר לעבען נישט מיט א ו נ ז ע ר לעבען... מיר זענען געוואָרען, ווי א גולם, און ווער עס וויל, בלאָזט אריין פון זיין אָטעם... שטרעקט א פאַלק צו אונז אויס א מינדסטען פינגער פון דער לינקער האַנט, פאַלען מיר איהם צו די פיס און קושען די קנעבעל; שרייט א שונא: „נרפים אתם נרפים“, איהר מאַכט נאַר פּיראַמידען און ווילט אליין קיין שטרוי נישט קלייבען... ווערט א געשריי: „שטרוי קלייבען איז די עהרליכסטע פּרנסה!“ שרייט א המן: „ודתיהם שונות מכל עם ועם“, ווערט א געשריי אויף דער גאַנצער ליניע: שערט אונטער די ארזי הלבנון, זיי זאָלען נישט העכער זיין, ווי געוועהנליך גראָז! וויל עמיץ פון אונז פּויערען מאַכען, ווערט אין דער מאָדע די סאָכע!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איין טאָג שטעלען מיר סדום'ס בעטעל פאר אונז אליין. ווער עס איז לענגער, שניידט מען אונטער; ווער — קירצער, ציהט מען איהם אויס, אז די ביינער קנאַקען און מיר גלויבען, אז די מענש־הייט איז א צעד, ציוויליזאַציאָנען זענען קנעפּ און מעהר, ווי זעקס־אַכט מינים השכלות, טאָרען נישט זיין.

אמאָל ווילען מיר זיין, ווי די נידעריגסטע ברואים אין דער נאַטור, מיר ווילען קיין אייגענע קאָליר נישט האָבען... נאַר —

שארע — אויף דער ערד, ברוין — אויפ'ן שטאם, גרין — אויף דעם צווייג, אבי מען זאָל אונז נישט דערקענען! און מאָרגען, דאכט זיך אונז, אז דער צלם אלקים שטעקט אין שטריימעל מיט פאות! מיר זענען די ערשטע צום נעטא, די ערשטע צו וואָלאפּיק!

און ווייניג נאָך, וואס מיר זענען געוואָרען כחומר ביד היוצר, א שטיק ליים צום קנעטען, מיינען מיר נאָך, אז די צורה, וואס דער פרעמדער האט אין אונז אויסגעקנעטען, איז טאַקע דאס אמת'ע אידישע פנים.

בילדונג דארפען מיר, בילדונג, ליכט! מיר ווילען מאכען רע־וויזיע אין אונזער אוצר, זעהן, וואס א ו נ ז ע ר איז, וואס פרעמדס! און דער עיקר — וואס גוט איז, און וואס שלעכט.

און נישט א י נ ע ר זאָל זעהן און די רעשט זאָל גלוי־בען אויפ'ן ווארט; דאס פאָלק א י נ ג א נ צ ע ן ווילען מיר בילדען, מענער, ווייבער און קינדער. יעדערער זאָל זעהן, יעדע־רער זאָל פיהלען, יעדערער זאָל פארשטעהן.

אונזער גאט איז נאָהנט צו אלעם; אונזער תורה איז שוין נישט אין הימעל, מען זאָל זי דארפען ערשט פון דארט אראפּברענ־גען. א ל ץ זאָל זיין יעדען נאָהנט און פאַר יעדען אָפען!

ב.

מיר ווילען בילדען דאס פאָלק, און שרייבען זשארגאָן, ווייל מיר האָבען אן ערך פון דריי מיליאָן נפשות, וואס פארשטעהען נאָר זשארגאָן. נאָר מיר האלטען נישט דעם זשארגאָן פאַר הייליג. מיר סימפּאטיזירען גאַנץ אָפען מיט די, וואס ווילען דעם זשארגאָן אויף א לעבעדיגער לאַנדעס־שפּראַך פארטוישען.

מיר ווילען נישט זיך אליין גוטוויליג פארשליסען אין געטא. ביי דער ג ר ע ס ט ע ר עמיגראציע, מיט די נ ר ע ס ט ע מיטעל, וועלען דאָך איינינע מיליאָן אידען מוזען בלייבען וואוינען צווישען פעלקער, און מוזען האָבען מיט זיי מגע ומשא ומתן. די איינינע מיליאָן אידען מוזען זיין בירגער אין די לענדער, וואו זיי פארבלייבען, זיי מוזען אן אנטייל נעמען אין דעם לעבען פון פאָלק, מיט וועלכען זיי וואוינען צוזאמען.

נאָך שטארקער סימפּאטיזירען מיר מיט די אנהענגער פון

„שפה־ברורה", ווי ווייט זיי שטעלען זיך אלס צוועק, צו פארברייטערען די העברעאישע ליטעראטור, צו שטיצען די שריפטשטעלער, וכדומה.

מיר ווילען דאָס פאלק אינגאנצען זאָל קענען העברעאיש, כדי עס זאָל נישט דאָס תנ"ך׳ל פארגעסען... דאָס תנך׳ל איז דער אוצר פון אונזער אמונה, פון אונזער נאַציאָנאַליטעט, פון אונזער עטיק (מוסר)! מען דארף זעהן, עס זאָל זיין ביי יעדען איד, נישט נאָר אין שראנק, נאָר אויך אין האנט, אין הארץ, און אין מח... מיר ווילען אייביג לעבען, און אייביג איז נישט צו בארעכענען. עס טוישען זיך די צייטען, עס טוישען זיך טעג און נעכט... מאָרגען קאָנען מיר ווייטער קומען צו גרויסע נסיונות, דאמאָלט קאָן אונז נאָר דאָס תנ"ך׳ל מוט געבען און כח.

און עס איז ווייניג, אז אונזער עטיק שטעהט העכער שוין טויזענטער יאָהרען, מען דארף, אז יעדער פון אונז זאָל פיהלען און וויסען, פ א ר וואָס און מ י ט וואָס זי שטעהט העכער! עס איז ווייניג פאר אונז, אז מיר בלייבען אידען, ווייל מיר זענען געבוירען אזוי, ווייל מיר זענען געוועהנט דערצו, ווייל אונזערע רבנים און גוטע אידען זאָגען, אז מיר זענען אידען און פארזיכערען, אז עס איז גוט אזוי; מיר ווילען, אז יעדערער זאָל האנדלען לויט פעסטער איבערצייגונג! זאָל דער אסימיליאַנט נישט מיינען, אז ער שיצט נאָר די דולדזאמקייט, דאָס סבלנות; זאָלען פרויען נישט מיינען, אז זיי ליידען דורך די יולדת־קוויטלעך, וואָס הענגען אויף די ווענט; זאָל דער מתנגד נישט מיינען, אז מיר דערהאַלטען זיך ביי אידישקייט צוליעב דעם תקון שבועות, און דער חסיד — צוליעב צרופין מיט השבעות — אַלע זאָלען וויסען, אז מיר זענען זיך מוסר נפש פאר אונזערע הויכע אידעאַלען, אונזער מענשהייט, אונזער מוסר.

באזונדער האָט לשון־הקודש פאר אונז אַן אנדער ווערט.

א יחיד איז קיין פרייער איינציגער פונקט אויף דער וועלט; ער איז אַן אויג אין דער נעץ, וואָס פארשפרייט זיך אויף א געוויסען פלאַץ אויף דער ערד; די נעץ איז זיין דור. א מענש איז אינאיינוועגס א רינגעלע פון דער אומגעהייערינקייט, וואָס ציהט זיך פון אברהם אבינו עד סוף כל הדורות.

ו ו ע ר קאָן אויף זיך זאָגען, אז ער נעהערט צו א פאָלק?

דער, וואס האט פארבינדונג מיט אלע אויגען פון דער נעץ, פון דער פארשפרייטער אויף דער גאנצער וועלט, און קען גוט די קייט, וואס ציהט זיך פון אברהם אבינו ביז דעם היינטיגען טאג.

די העברעאישע שפראך, וואס אלע אידען פארשטעהען אין אלע לענדער, איז דער רימען, וואס האלט צוזאמען די רעדלעך, זיי זאלען זיך נישט פונאנדערלויפען; דער איינציגער קליי, וואס האלט אונזערע צושיטע ביינער צוזאמען.

די העברעאישע שפראך האלט אויך צוזאמען די רינגען אין דער צייט. זי פאראייניגט אונז מיט משה רבינו, מיט די נביאים, מיט דער משנה, מיט דער גמרא, מיט אלע אונזערע גרויסע שטערען, וואס האבען אמאל אויף אונזער הימעל געלויכטען!

די העברעאישע שפראך בינדט אונז צוזאמען מיט די, וואס האבען פיראמידען געבויט; מיט די, וואס האבען זייער בלוט אויף ירושלים׳ס מויערען פארגאסען, ווי אויך מיט די, וואס האבען אויף דעם ברענענדיגען פייער „שמע ישראל!“ געשריען.

פארגעסען די העברעאישע שפראך הייסט: פארגעסען די תורה, די נביאים, פארגעסען די געשיכטע, אפרייסען זיך, ווי א צווייג פון בוים, פוילען א קורצע צייט און — פארשוואונדען ווערען!

נאר מיט העברעאיש אליין קאנען מיר דערוויילע נאך נישט דורכקומען.

עס זענען דא צווישען אונז שאוויניסטען פאנאטיקער, וואס מיינען, אז איבער נאכט קאן מען א שפראך לעבעדיג מאכען; אז עס איז גענוג פיערציג־פופציג בטלנים זאלען מאכען ביכלעך און פארשרייבען אלע נייע ווערטער, וואס זיי וועלען טרעפען אדער אויסקלערען, און דערנאך מאכען דערפון א פאלקאמען ווערטער־בוך; עס זענען דא בטלנים, וואס ווערען דערפרעהט, אז זיי זעהען א העברעאישען ראמאן; וואס קריגען קעלבערנע התלהבות פון א העברעאישען וואנט־קאלענדאר; עס זענען דא אזעלכע, וואס ווילען שוין די קינדער אויף העברעאיש ערציהען! זיי וויסען נישט, אז די שפראכע איז נאר די פ א ר ם, דער ת ו ך מוז זיין די א י ד ע ע. זיי האבען קיין באגריף נישט דערפון, אז ווערטער זענען נאר סמנים פון באגריפען, אז ווער עס וויל זיין א י ג ע נ ע שפראך — מוז פריהער זיין אייגענע ב י ל ד ו נ ג האבען.

„ואם הייתי הלילה לאיש" — מען זאָל היינט ביינאַכט שוין אָנ־הויבען רעדען העברעאיש, מיט געוואַלד שאַפען באַגריפען. „הלהן תשברנה?" קאָנט איהר דאָס גאַנצע פאָלק לאָזען שטעהן און וואַר־טען? וואָס זאָל דערווייל דאָס אַרעמע פאָלק טון? דערקוויקען זיך מיט שמ"ר'ס ראָמאַנען?

זאָל שוין אפילו דאָס גאַנצע פאָלק רעדען העברעאיש, וועלען מיר דערפון האָבען אַ ציוויליזאַציע? נאָר דער פאַנאַטישער שאָ־וויניזם קאָן אויף דעם רעכענען.

שטעלט אייך פאָר, אַז עס איז אייך געראָטען, אַז אונז האָט זיך געטראָפען אַ פאַרקערטער נס, ווי יוסף הצדיק: איהם האָט אַ מלאך אויסגעלערענט אין דער תפיסה אין איין נאַכט אַלע שבעים לשונות, און צו אונז איז געקומען אין דער תפיסה אריין דער מלאך של שכחה, אַ שנעל נעגעבען אונטער דער נאָז, און מיר האָבען אַלע לשונות פאַרגעסען, (אויסער אביסעל ווערטער, אבי מען זאָל קאָנען קויפען ביים פויער אַ קערצעל תבואה); צינד לאָמיר מאַכען אַ רעכענונג, וואָס אונז איז געבליבען אין אונזער פאַרמעגען!

עס וועט זיך באַלד אויסווייזען, אַז מיט די שפּראַכען האָבען מיר אַלע אידעען פאַרגעסען: ערשטענס, האָבען מיר פאַרלוירען אַלע דאָקטוירים, אַלע אדוואָקאַטען, אַלע טעכניקער אַלע וויסענ־שאַפטליכע מענשען בכלל; מיר האָבען אין העברעאישען קיין איינציגע וויסענשאַפט!

ביז דעם היינטיגען טאָג איז די נייַ־העברעאישע ליטעראַטור זעהר אָרעם. צווישען גאַנצע פודען ביבולע, פאַרדרוקטע מיט שרפות, מעשות פון געהאַנגענע, פון מחלוקת'ן אין קליינע שטעדט־לעך, באַשרייבונגען פון נייע בענק אין אַן אַלטער באָד, אין אַן „עיר ואם בישראל" האַציפּלאַץ, קינות אויף אַ געשטאָרבענעם גביר צו אַ דין — צווישען גאַנצע פודען שמאַטעס, קאָנט איהר היינט געפי־נען, כאָטש זעלטען, אַ קליינעם אָרענטליכען אַרטיקעל!... אַ טראָ־פען געזונטען פאַרשטאַנד אין אַ ים פון דומהייטען!

נאָר דער טראָפען איז אויך נישט געבליבען... ער איז אויך געוועזען פון יענער זייט גרענעץ... קוקט אייך צו בעסער, וועט איהר זעהן, ווי דאָס קליידעל ליגט אויף דער מיוחסת טאַקע, ווי אַ נע־באָרגטס!

אמת, אונזער מלמד׳ישער שאַוויניזם פיהרט אונז אַלע מאָל אויפ׳ן הימעל אַרויף נייע שטערען, וואָס לייכטען אין פינסטערען גלות... נאָר ווען מען נאַרען מיר דערמיט? ווען מען נאַרען מיר, אַז מיר נעמען אַ פּורים־רב און מאַכען איהם פאַר אַ פאָלקס־דיכטער, אַ בדחן מיט גראָבע ווערטלעך — און לעגען איהם אויף דעם גראָבען פאַרשוויצטען שטערן אַ לאָרבער־קראַנץ אַ לאַ מילטאָן? וואָס פאַרדינען מיר דערמיט, אַז מיר מאַכען פון שמאַטע־פליקער — אַר־כעאָלאָגען, פון שלעכטע איבערזעצער, וואָס טראָגען איבער אַ פרעמד ווערק פון דער באָבע יאַכנעס צייטען מיט אַלע דרוק־פעה־לער — אַז מיר מאַכען פון זיי דענקער און פילאָזאָפען?

די שאַראַווארעס מאַכען נישט דעם קאָזאַק, דאָס שטריימעל — פון בעדער קיין רב, און אַז איין בעטלער רופט דעם צווייטען „גביר“, האָבען זיי ביידע דערפון קיין קאָפּיקע!

אונזערע גרויסע לייט זענען, ווי די בערג אויפ׳ן וועג; פון דערווייטענס, מכלומר׳שט, סיני׳ס, אררט׳ס; קומסט דו נעהנטער, שלאָפען אויף זיי אַרויף די פערד און פאַרגעסען זיך אַפילו אָפּצר שטעלען!

דער שאַוויניזם איז געפעהרליך!

העברעאיש מוזען מיר קענען אַלס אידען, נאָר — אַלס געבילדעטע מענשען, אַלס לעבעדיגע מענשען, מוזען מיר קענען די לאַנד־שפּראַך. אין לשון הקודש שטעקט אונזער רעליגיאָן, אונזער נאַציאָנאַליטעט, אין דער לאַנד־שפּראַך — אונזער בילדונג, אונזער געוועהנליך לעבען.

האַנדלען אויף העברעאיש און לערנען די ביבעל אויף דער לאַנד־שפּראַך, זענען צוויי גאָר גלייכע דומהייטען. צוויי שפּראַכען מוזען מיר קענען, אויף דעם זענען מיר אין גלות! אויף דעם זענען מיר צושפּרייט און צווזייהט צווישען פעלקער! וואָס דאַרפען מיר נאָך דעם זשאַרגאָן? נאָר ווער פרעגט אונז אַן עצה? עס עקזיסטירט אַ דריטע שפּראַך, דריי מיליאָן נפשות פיהרען זי. און אויב מיר ווילען די דריי מיליאָן נפשות בילדען, קאָנען מיר נישט וואַרטען ביז זיי וועלען זיך אַנדערע שפּראַכען אויסלערנען! גוטע עלטערען רעדען פריהער נאָך דעם קינד, איידער דאָס קינד לערענט זיך אויס רעדען, ווי די עלטערען; קיין שפּראַך איז אַן־און־פאַר־זיך נישט הייליג, נישט גוט, נישט שלעכט. די שפּראַך

איז נאָר א מיטעל, איינער זאָל דעם אנדערען פארשטעהען און געבילדעטע מענשען זאָלען אויף די אומגעבילדעטע ווירקען.

עס וואָלט בעסער געווען מיר זאָלען נאָר דארפען א י י ן שפראַך קענען, על כל פנים נאָר צוויי, מיר מ ו ז ע ן אָבער קענען אלע ד ר י י !

עס טרעפען זיך צווישען אונז נדיבים, וואָס האָבען א ברייט הארץ און א פרייע האנט על חשבון הגביר, אויף הקב"ה'ס רעכע־נונג ; דער דאָקטאָר ק. מאכט א חשבון, אז יודענטום איז נאָר ער מיט א מנין בטלנים, וואָס דאַווענען מנחה ומעריב ; די רעשט שטרייכט ער אוים ! ווער עס קען קיין העברעאיש, איז נישט בכלל ישראל... אן אנדערער דאָקטאָר וויל איבערפיהרען נאָר איין האַלב מיליאָן אידען קיין ארץ ישראל, דאָרט וועט זיין דאָס גאַנצע יודענ־טום, די רעשט דארף ער נישט, די רעשט שענקט ער אוועק, ווי די בני משה, ווי די עשרת השבטים...

מיר זענען קיין גרויסע נדיבים, מיר האָבען נישט אזא ברייט הארץ, און נישט אזא יד פתוחה ; פאר אונז זענען אלע אידען — אידען ; מיר ווילען פאר אלע ארבייטען ! און דער עיקר פאר דער מאסע !...

זשאַרגאָן האָט קיין פרעטענזיע צו פארטרעטען די מוטער־שטעלע אין א אידישען הויז ; דעם פּלאַץ פארנעמט און דארף פאר־נעמען לשון הקודש ; זשאַרגאָן האָט קיין פרעטענזיע צו דער לעה־רער־שטעלע, דעם פּלאַץ מוז לעת עתה פארנעמען א לאַנד־שפּראַך; זשאַרגאָן איז נאָר א ניאַנקע, זי וויל נאָר אויסלערנען געהן, זיצען, אָ נ ה ו י ב ע ן רעדען... דערנאָך — מעגט איהר די ניאַנקע ארוים וואַרפען, אָדער, אוים דאַנקבאַרקייט, איהר איבערלאָזען אן אָרט ביים טיש !

נאָר — ווער עס וויל דאָס פאָלק קענען, און ווער עס וויל דאָס פאָלק לערנען — דער מוז קאָנען רעדען און שרייבען זשאַרגאָן.

ג.

מיר ווילען בילדונג, נאָר מיר מיינען נישט ד י בילדונג, פון וועלכער מען האָט א מ א ל גערעדט. נישט די בילדונג, וואָס אנטוויקעלט נישט הארץ און מח, וואָס מאכט דעם מענש נישט

קליגער, נישט בעסער, נישט פעהיגער, נאָר בלאַנזשירט איהם אָפּ דאָס פּנים, לערענט איהם בויגען זיך און בוקען, פיין פאַרשפּיצען דאָס בערדעל און אָנרופען א הונט אויף עטליכע לשונות.

מיר מיינען ד י בילדונג, וואָס מאַכט פאַבריקען, באַנען, שאַ־סייען; בילדונג, וואָס לערענט ארבייטען — זיך און דער וועלט צום נוצען, אויך ד י בילדונג, וואָס מאַכט דעם מענש עהרליך און גוט.

ד י, וואָס ווילען נישט ד י בילדונג אויך, האָבען א ברירה! לאָזען זיי זיך פריהער אָפּזאָגען פון אלע טובות, וואָס זיי האָבען פון דער בילדונג; זאָלען זיי נישט וואוינען אין הייזער, נאָר ווי ווילדע מענשען אין היילען פון ערד און שניי, אין לעכער פון פעל־זען ביים ים; זאָלען זיי נישט טראָגען קיין געוועבטע און קאָלירטע קליידער, נאָר טראָגען זיך, ווי אדם און חוה אין גן־עדן, אדער, ווי עד היום נאָך, די חיות אין וואַלד... לאָזען זיי זיך באַגניגען מיט נים פון וואַלד, ווי אפען (מאַלפּעס). מיט רוי פליישׁ — בא! „עם הארץ אסור לאכול בשר!“, א גראָבער יונג טאָר קיין פליישׁ אויך נישט עסען... איהם קומט נאָר על פּי דין די טרפה, די נבלה, וואָס מען געפינט אויף דעם פעלד, נאָר טויטע פיש, וואָס דאָס וואַסער וואַרפט אליין ארוים! בפרט, ווי קומט צו איהם זעמעל און ברויט? וואָס פאַר א רעכט האָט ער צו טראָגען קאַלאָשען, צו טרעטען אויף טראָ־טואַרען, צו פאָהרען אויף שאַסייען מיט פּאָסט, אויף באַנען? ער דאַרף נעמען א גרויסען שטעקען אין האַנט אריין און געהן צו־פוס... קומט ער צו א וואַסער, דאַרף ער העכסטענס א בוים אויסרייסען און וואַרפען איבער דעם שטראָם — נאָר ווי קומט צו איהם ברי־קען, שיפען, דאַמפף־מאַשינען?

די אלע זאַכען האָט די בילדונג געמאַכט! זי האָט אונז היי־זער געבויט, געלערענט פּיה ציכטיגען, פיש כאַפּען, האַלטען און מאַכען פייער, זי האָט אונז געגעבען דעם פּלוג, די בראַנע, דרעש־מאַשינען און מיהלען; זי האָט געמאַכט אלץ, אלץ — אָהן וואָס א מענש קאָן זיך נישט באַגעהן.

צי לעבט א פאָלק צווישען פעלקער צושפּרייט, צי גאָר אליין פאַר זיך — אָהן ד ע ר בילדונג מוז עס אונטערגעהן!

ד י בילדונג מוזען האָבען ד י, וואָס רעכענען אויף בעסערע

צייטען, די, וואָס זוכען אין אמעריקא פּרנסה, און ב פ ר ט די — וואָס ווילען אויפוועקען א טויטע שפּראַך, צוריק אויפ־בויען א וויסט לאַנד...

מיט אומגעלומפּערטע הענט, מיט א לעדיגען הארץ, מיט א לע־רען מח — קאָן מען דאָס אלץ נישט באווייזען...

קיין איינציג לאַנד אויף דער וועלט, קיין איינציג פאָלק, ווי געבילדעט עס זאָל נישט זיין, וויפיעל גראַד היץ עס זאָל נישט ווייזען זיין טערמאָמעטער פון מענשען־ליעבע, וועט נישט גערן אריינלאָזען א מאַסע פאָלק, וואָס פארמאָגט נישט מעהר — נאָר א הונגעריגען מאָגען!

ארץ ישראל שטעהט אויך נישט אזוי פריי פאר אונז. דאָר־טען איז אויך דאָ א פאָלק און א רעגירונג, וואָס האָבען אויך א דעה... אונזער רעכט אויף דעם לאַנד איז עלטער... נאָר אונזער אדוואָקאַט האָט נאָר א מויל צום רעדען, בשעת, ווען דאָרט איז דאָ באוואָפענטע קראַפט... מיט וואָס געהען מיר? מיט אונזער עשירות, וואָס איז קיינמאָל נישט געשטויגען, נישט געפלויגען? מיט׳ן כּפּריט צום האנדעל? מיט וואָס וועלען מיר עמיגרירען? עמיגרירט, מיט וואָס און פון וואָס וועלען מיר לעבען?

און דעריבער איז נאָך וויכטיגער די בילדונגס־פראַגע אין ארץ ישראל. דאָרט וועט שוין זיכער נישט זיין „זכה, מלאכתו נעשית על ידי אחרים“... דאָרט וועט מען שוין מוזען לעבען אן א י י ג ע ן לעבען, מוזען האָבען אייגענע אקער־בוי, אייגענע וועגען, אייגענע פאבריקען, אייגענע באַנען...

נאָר, וואו די השגחה וועט איינעם נישט וואַרפען, וואו יעדען פון אונז וועט אלץ אויסקומען צו לעבען און צו ווירקען — איז בילדונג דער באַזיס, די איינציגע קוועל, פון וועלכער עס קאָנען אונז בעסערע יאָהרען ארויספליסען... און דעריבער דאַרפען מיר בילדען דאָס פאָלק!

מיר דאַרפען בילדען דאָס פאָלק! מיר דאַרפען ליכטיג מאַכען יעדען איד אין מח, וואַרעם אין האַרץ און געבען אין דער האַנט אריין א מיטעל צום לעבען, צ ו ם זעלבסטשטענדיגען לעבען!...

די בילדונג — האָט, אויסער נאַרען, קיין שונאים נישט.

## ה.

די בילדונג איז אונזער פּראָגראַם און מיר בעטען אַלע אמת־געבילדעטע מענשען, זיי זאָלען אונז מיטהעלפען בילדען דאָס פאָלק.

מיינט נישט, איהר געבילדעטע מענשען, אז איהר זייט יוצא דערמיט, וואָס איהר ארבייט פאר א גרעסערען כלל, מכלומר'שט פאר דער גאַנצער מענשהייט.

עס איז נאָך עד היום קיין מענשהייט נישטאָ. אויף דער וועלטס־ביהנע שפּילען נאָך איינצעלנע טרופּען, איינצעלנע פעל־קער, פאַרשידענע ציוויליזאַציאָנען.

מיר גלויבען נישט אין וואָלאַפּיק, נישט אין עספּעראַנטאָ; מיר האָפען אויך אויף דער אַלגעמיינער מענשהיים, נאָר נישט אויף ד ע ם וועג וועלען מיר קומען צו איהר. קיין איינציגע שפּראַך געהט שוין נישט פאַרלוירען, קיין איינציג פאָלק דאַרף נישט פאַר־ניכטעט ווערען, קיין איינציגע ציוויליזאַציאָן איבערגעהאַקט. דאָס אַלגעמיינע נאָר אין די שפּראַכען, אין די פעלקער־כאַראַקטערען, אין די ציוויליזאַציאָנען — וואַקסט, און עס וועט וואַקסען, ביז עס וועט ווערען איין ציוויליזאַציאָן, איין שפּראַך, איין מענשהייט.

די צוקונפט איז א טיגעל, אין וועלכען אלע מעטאַלען וועלען זיך צושמעלצען און עס וועט ווערען א ג אָ ל ד ע נ ע צ י י ט. נישט די אומוויסענדע גאָלדענע צייט פון גן־עדן־הקדמון, פון וועל־כער עס האָט זיך אויך רוסאָ'ן געחלומ'ט, נאָר די גאָלדענע צייט, פון וועלכער ישעיה זאָגט נביאות: „ומלאה הארץ דעה את ה' כמים לים מכסים... ולא ישא גוי אל גוי חרב ולא ילמדון עוד מלחמה וכו'*)".

נישט דערפאַר האָבען מיר טויזענטער יאָהרען געליטען, מיר זאָלען אונזער ציוויליזאַציאָן פאַרגעסען; מיר ווילען און דאַרפען זי ווייטער פיהרען, אום זיך מיט דער מענשהייט אויף גלייכע רעכט

*) און די גאַנצע ערד וועט פאַרפולט זיין מיט קענען גאָט, ווי דער ים איז מיט וואסער פאַרפולט. עס וועט איין פאָלק קעגען דעם צווייטען נישט אויפהויבען קיין שווערט, מען וועט זיך שוין קיין קריג נישט לערנען א. ז. וו.

צו פאַראייניגען. מיר ווילען אויך האָבען א חלק אין שותפות, מיר ווילען אויך זיין אין דער פירמא.

מיר האָבען אונזערע אידעען, אונזערע באַגריפען, אונזער וועלט־אַנשויאונג — העלפט אונז זיי צו אַנטוויקלען.

אין גלות זענען מיר א צייט פאַרגליווערט, פאַרשטאַרט, קריסטאַליזירט געבליבען, מען דאַרף אונזערע ציוויליזאציאָן אויפטויען, אויפהויבען, לעבעדיג מאַכען.

דורך אייך, וואָס איהר האָט ביז אהער נאָר אין פרעמדע פעלדער געאַרבייט, איז אונזער אקער פאַרווילדעט און פאַרדאָרנט געוואָרען; דאָרט פעהלט נישט קיין הענט, ביי אונז — פעהלען זיי ליידער צופיעל! דורך דעם, וואָס איהר האָט ביז אהער אונטער פרעמדע נעמען געווירקט, דאכט זיך מאַנכען, אז ער האָט אין דער וועלטס־וויסענשאַפט קיין חלק נישט. אונזער פאָלק האָט געמוזט גייסטיג באַנקראָטירען, ווייל פון אנדערע פעלקער האָט קיינער פאַר איהם נישט געאַרבייט, בשעת ווען אונזערע געבילדעטע האָבען נאָר פאַר פרעמדע געווירקט.

איהר זענט אויף דער וועלט צו פריהע מענשהייטס־בלומען; איידער פאַר אזעלכע בלומען וועט אויפשיינען די זון, וועט זיי דער פראָסט אונטערשלאָגען, דער שניי פאַרשיטען, דער ווינט מיט דער ערד פאַרקערען!

נישט איינצעלנע מענשען דאַרפען און קאָנען זיך פאַראייניגען, נאָר — פעלקער!

קומט צוריק צום פאָלק, זייט אָן עמוד ענן בייטאָג, זייט אָן עמוד אש ביינאַכט! פיהרט איהם, נאָר לויפט נישט פאַראויס און לאָזט איהם נישט אין מדבר.

איהר לעגט אָן א פייער אונטער'ן אָפענעם הימעל, בשעת ווען ביי אייך אין שטוב ווערט מען געפרוירען אָדער דערשטיקט פאַר רויך.

כל־זמן עס איז קיין אלגעמיינע בילדונג נישט דאָ, איז יעדער איינצעלנער מענש א פּראָדוקט פון זיין נאציאָן; נעמט איהם באַלד פון דער ברוסט אוועק, אין זיין מח ליגען שוין איינגעוויקעלט פאַרשלאָפענע, גע'ירש'נטע פעהיגקייטען, וואָס ווּעלען שפּעטער ערוואַכען און אנטוויקעלט ווערען! „גיורא עד עשרה דרא״!

רעדט וואָס פאַר א שפּראַך איהר ווילט, זאָלען זיך אייך שי־

טען פערעל פון מויל, פארקינדרעט, וואס פאר אידעען איהר ווילט; אייער בארעדזאמקייט איז דער ר"ן אויף נדרים, אייער וויץ — א געבווירענער גלות־וויץ, אייער שארפזין שמעקט אומגעהויער נאך „אדרבא—איפכא", נאך „מאי קא משמע לן"! „ואם תמצא לומר"!

כל־נדרי קאן מאיר־בער'ן נישט ארויס פון קאפ, ער בלאנקעט זיך אין אלע זיינע מעלאדיען; היינע און בערנע זענען אידען אין יעדען ווארט, אין יעדען וויץ, אין יעדען ערנסט!

איהר זייט אונזער, דארפט איהר ביי אונז אין וויינגארטען ארבייטען.

די מענשהייט לינט נאך אין וויגעל; וואס איהר רוימט איהר היינט אין אויער, וועט זי דערנאך נישט געדענקען, זי וועט נאר פיהרען דאמאלט אן אנדער שפראך...

העלפט בילדען דאס ארעמע אומגליקליכע פאלק; לאזט עס נישט איבער ביי פאנאטיקער אין די הענט, זיי זאלען דערפון דאס רעשט ביסעל בלוט אויסזויגען, אויסנאגען דאס לעצטע ביסעל מארך פון די דארע ביינער.

לאזט עס נישט ביי פאנטאסטער אין די הענט, זיי זאלען עס נישט אין אלע וויסטע מדבריות פארפיהרען! לאזט נישט אינגלעך און ישיבה־בחורים פיהרען דאס רעדעל — עס איז א רחמנות אויף דעם פאלק! מען דארף עס נישט לאזען פאלען! דאס פאלק האט אין זיך א מאסע לעבענס־קראפט, אן אוצר ענערגיע, דאס פאלק איז א טרעגער פון א ציוויליזאציאן, וואס די וועלט פארקענט, נ י ש ט צו איהר נוצען, פון אזעלכע אידעען, וואס וואלטען איהר שטארק צונויץ געקומען. דאס פאלק איז אן אייביגע בלום... בייטאג, ווען די זון שיינט, ווען דער מענשען־גייסט אנט־וויקעלט זיך, לעבט זי אויף, אנטוויקעלט איהרע בלעטער; קוים אבער קומט די פינסטערע נאכט, מאכט זי זיך צו, קארטשעט זיך איין, פארשליסט זיך אין זיך אליין... דאמאלט, דאכט זיך, אז עס איז א געוועהנליכער לעדיגער דארען... און ווען עס שיינט צ ו ר י ק אויף די זון, געדויערט לאנג איידער די זון דערקענט די בלום, אויך איידער די בלום ווערט געוואר, אז די זון שיינט... אי־בער נאכט ווערט זי פארשטויבט און באשמוצט, און נישט גע־שווינד דרינגען דערנאך די ליכטיגע שטראלען דורך!

העלפט דעם פאָלק, עס זאָל זיך באלד אין דער פריה מיט דער זון דערקענען.

— — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

און דער עיקר דארף מען זעהן, ווי ווייט מעגליך איז, דאָס פאָלק זאָל האָבען פרנסה...

.1890

# וואָס הערט זיך?

— — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — —

פון אונזער לאַנגע א י ז לאַנד, האָבען מיר ווענינ וואָס צו רעדען; זי איז יעדען לעזער גאַנץ גוט באקאנט...

מיר קאָנען נאָר פאַרצייכענען דעם פאקט, אז אין דער לעצטער צייט, וואָס איז שלעכט פאר דער גאַנצער וועלט, זענען די א י ד י ש ע פרנסות אַזוי געפאַלען, אז אפילו אונזערע שונאים האָבען שוין נישט דאָס ה אַ ר ץ צו רעדען פון אונזער אַנגעגזל׳טער עשירות. זיי זענען שוין מודה, אַז מיר זענען אָרעם, ז ע ה ר אָרעם. אַז, צוזאַמענגעדריקט אין שטעדט, גענינט נאָר אונזער הכנסה אויף קוים א שטיקעל ברויט מיט א ציבעלע אָדער א ציינדעל קנאָבעל; נאָר דאָס, זאָגען אונזערע שונאים, קומט אונז אויך נישט. פאר רחמנות וואָלטען זיי צוגעלאָזט צום מויל אַ פּאָר ברויטלעך מיט עטליכע ציבעלעס און א צעהנדליג קנאָבעל, נאָר פיער מיליאָן ברויטלעך א טאָג, פיער מיליאָן ציבעלעס, א צוויי מיליאָן קנאָבעל יעדען טאָג — דאָס זאָגען אונזערע שונאים, קומט אונז נישט. זיי רעכענען אויס, וויפיעל עס קאָסט א יאָהר, א שמיטה, א יובל און שרייען געוואַלד.—

— — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — —

דער אַנטיסעמיטיזם אין אויסלאַנד שטעהט אייפ׳ן אייגענעם אָרט; קיין נייעס איז ער נישט. אין אַלע דורות זענען געוועזען אַנטיסעמיטען, נאָר אין גוטע צייטען, ליגען זיי פאַרשטעקט אין די

לעכער און מען הערט נישט זייער קול; קומען שלעכטע צייטען... שטעהען זיי אויף בימה'ס און דרש'נען.

אין עסטרייך און פרייסען האבען זיך געמאכט געזעלשאפטען צו ווירקען געגען די אנטיסעמיטען. אין עסטרייך זענען צוגע־שטאנען דערצו פון אדעל און גרויסע באאמטע; אין פרייסען נישט, די סבה איז א פשוט'ע: אין פרייסען וויל די רעגירונג שטארקען דעם נאציאנאליזם, ווייל ער האלט גאנץ דייטשלאנד צוזאמען, און דעריבער קוקט זי אביסעל דורך די פינגער אויף די אנטיסעמיטען, וואס ווילען אויסרייניגען דייטשלאנד, עס זאל בלייבען נאר פאר ריינע דייטשען; דעריבער האלטען זיך די באאמטע און דער אדעל פון ווייטענס; דאגעגען אין עסטרייך, וואס עס איז צוזאמענגע־שטעלט פון פארשידענע פעלקער — דייטשען, אונגארן, בעהמען, פאליאקען און אנדערע, איז דער אנטיסעמיטיזם — ווי ווייט ער איז נאציאנאל — פאר דער רעגירונג געפעהרליך, און דעריבער האבען זיך דער אדעל און די באאמטע צוגעשלאסען צו דער געגנען־פארטיי. — „מעז יצא מתוק“!

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

וועניג וואס האבען מיר צו זאגען וועגען דער עמיגראציע. מעהר וועניג איז יעדען באקאנט, אז קיין רעגירונג איז נישט צופרידען, אז עס קומען צו איהר ארעמע לייט מיט לעדיגע הענט. אין יעדען לאנד אין אייראפא, און היינט שוין אפילו אין די פאראייניגטע שטאטען אין אמעריקא, איז דא מעהר הענט צו דער ארבייט, אלס מען ברויכט.

אלע טאג קומען ארויס נייע מאשינען, וואס פארשפארען מענ־שען־ארבייט. די ארבייטער דערוויילע מעהרען זיך און האבען פון טאג צו טאג וועניגער ארבייט און וועניגער נאך פארדינסט, ווייל דורך דער קאנקורענץ פאלט דער לוין פון דער ארבייט. אין אלע אייראפעאישע לענדער, ווי אויך אין די פאראייניגטע שטאטען אמעריקאס איז דער ארבייטער־קלאס אומרוהיג, די רעגירונגען הא־בען מורא פאר מרידות, און ווילען על כל פנים נישט לאזען פאר־גרעסערען די צאהל פון פראלעטאריאט.

וועניגע האפען אויף בעסערע צייטען פאר אידען אין איי־ראפא, און אפילו די, וואס האפען נאך, רעכענען אויף א לאנגע,

לאנגע צייט. דעריבער איז, על כל פנים דערווייל, די קאלאניזאַ־ציע א לעבענס־פראגע פאר אידען.

די הויפט שטעלען זענען פאלעסטינא און ארגענטינא. פון ארגענטינא ווייסען מיר זעהר װעניג. דער באראן הירש האט גע־קויפט ערד, מן הסתם האט ער זיך נישט געלאזט נארען, די ערד איז אודאי גוט, דער קלימאט איז געזונט. עס פאלט אונז נישט איין שטארק מסופק צו זיין, צי אידען זענען פעהיג צו ערד־ארבייט, ווייל דער מוח איז דער בעסטער לעהרער, און א איד איז פון איי־ביג אן א גוטער תלמיד; עס קאן נאר זיין די פראגע, ווי לאנג עס וועט דויערען דאס אויסלערנען, און דאס לאזט זיך נישט איבער־רעכענען; דערווייל איז חשק ביים תלמיד דא גענוג, סבלנות האט ער, און א פאר דורות וועלען מוזען ליידען...

עס איז נאר געווענדט דערין, די רעגירונג זאל די עמיגרא־ציע ערלויבען. ווייל אן עמיגראציע, וואס איז נישט געמאכט פאר איינצעלנע מענשען, נאר פאר טויזענטער, דארף קיין מהומה נישט זיין. עס מוז זיין מיט א סדר. געהן דארפען נישט אלע, וואס ווילען, נאר די פון זיי, וואס זענען פעהיג צו ערד־ארבייט. כל התחלות קשות; דערנאך וועט אפשר קומען די צייט אויף דער רעשט. די ערשטע קאלאניסטען זענען דער פונדאמענט פון'ם בנין, און צו א פונדאמענט דארף מען גוט, שטארק מאטעריאל און זיין באהוטזאם. יעדערער פאר זיך, ווען ער לויפט, איז ער אפשר גערעכט; דער דלות טרייבט! נאר דעם כלל טוט יעדער איינציגער, וואס לויפט פאר דער צייט, א גרויסע רעה.—

— — — — — — — — — — — — — — — — —

די קאלאניזאציע פון פאלעסטינא איז עלטער, מיר האבען שוין דארטען אסך קאלאניעס. נאר, ליידער, ווייסען מיר פון דאר־טען אויך זעהר וועניג, וואס אייך צו זאגען.

נאכפלאפלען מענשען, וואס האבען פאלעסטינא פאר ד'אויגען נישט געזעהן, האבען מיר נישט דאס הארץ. ווער עס איז א היי־סער פאלעסטיניעץ, האט רעכט אליין צו געהן אומבארעכענט, נאר יענעם הייסען, און דערנאך צו הערען א שאלה: „המבלתי אין קברים", האט קיינער קיין רעכט נישט! יעדער מענש פאר זיך אליין מעג זיך מוסר נפש זיין פאר אן אידעע, אלע ארום איהם קאַ־

נען זיהם אפילו פארגעטערען דערפאר; נאָר פארלאַנגען פון גע־וועהנליכע מענשען מסירת־נפש מיט ווייב און קינד איז נאַריש.

נאָר צי איז באמת דאָ דערביי מסירת־נפש? ווי שטעהען די קאָלאָניעס, וואָס מען האָט ביז אהער געמאכט? צי איז באמת פון דעם „ארץ זבת חלב ודבש" געוואָרען א „סדום־ועמורה"? עס איז שווער צו גלייבען, עס לאָזט זיך נישט גלויבען. וויפיעל קללות עס איז אויף אונז נישט געקומען, קאָנען מיר זיך דאָך נישט איינ־שטעלען נאָך אויף ד ע ר קללה צו רעכענען!

פארוואָס דען שווייגען די חובבי ציון? פארוואָס הערט מען זיי פון אלעמען רעדען, און שטארק און הייס רעדען, און פון דעם מאכט מען א שווייג? פארוואָס האָבען מיר חשבונות פון הוצאה והכנסה און קיין חשבון פון דעם, וואָס עס דארף שוין זיין אונזער קנין, אונזער נחלה, אונזער אייגענטום?

די חובבי ציון זענען מענשען, און אלס מענשען האָבען זיי אודאי גרויסע פעהלער געמאַכט. ווער ווייסט, ווי אזוי מען האָט זיי געגנארט ביים ערד קויפען; ווער ווייסט, ווי אזוי און ווי ווייט זיי האָבען זיך גענארט אין די ערשטע מענשען, וואָס זיי האָבען אויף זייער קראָפט און געטריישאַפט געהאָפט...

אַט! דאָס בלייבט אונז נאָר צו קלערען... די חובבי ציון, אלס גרויסע אידעאליסטען, זענען אודאי געוועזען זעהר נישט פראַקטיש ביי פּראַכטע זאכען, ווי ערד קויפען, פארזייהען, פלאַנ־צען... און ווייל זיי האָבען מורא, מען זאָל נישט זייערע פעהלער אננעמען אלס פעהלער פון דער ערד — שווייגען זיי בעסער.

צי איז באמת א חלוק פון פארשווייגען דעם אמת און ליגען זאָגען? אָדער — צי הייליגט ווירקליך דאָס ציל די מיטעל?

מיר וואָלטען געהאַט אַסך דעריבער צו רעדען, נאָר דערווייל איז עס א „הלכתא למשיחא", די טערקישע רעגירונג לאָזט נישט אריין קיין אידען, און אויך — עס הערט זיך, אז פון היינט אָן זאָל ווערען אנדערש.

די קאָלאָניזאַציע זאָל איבערנעמען דער באַראָן הירש, עס פאַהרט אראָפּ, זאָגט מען, א קאָמיטעט פון געלעהרטע באקוקען די ערד... עס זאָל ווערען ג אָ ר אינגאַנצען אנדערש!

דערווייל מוזען מיר וואַרטען און האָפען.

.1891

# ווענען געשיכטע.

א באקאנטער איד זעצט זיך לעבען מיר אויף א באנק אין קראשינסקי'ס גארטען און פרעגט מיך, וואס איך בין אזוי טרויעריג.

— גרעץ איז געשטארבען! — ענטפער איך איהם.

— ברוך־דין־אמת! — מאכט דער איד — א היגער?

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

די פראגע, וואס ניינציג פראצענט אידען וואלטען געפרעגט אויף זיין ארט, איז די מאס, ווי טיף עס איז דער תהום, אין וועלכען מיר זענען אריינגעפאלען? ווערטען קען נישט דאס אידישע ווארשוי? ווער וואינט נישט אין דער נאלעווקעס מח, ווער ליגט נישט אויף דער וואלאווער צונג? פון וועמען רעדט אלץ נישט דער אריסטאקראטישער גרזשיבאוו?

ווארשוי זאל קלינגען, דארף מען נישט דוקא פארשפילען ווייב און קינד אין דערדע, אדער ארויפקריכען אויף'ן אויאזדאווער קלאץ.. עס איז גענוג, א דראשקארסקע פערד צו זיין, און פאלען איבער די שינעס פון טראמוויי...

דאך איז וועניג א גרעץ צו זיין, די געשיכטע פון אידישען פאלק צו שרייבען!

און, אז מיין שכן ווערט פון מיר געוואר, וואס גרעץ האט געשריבען, מאכט ער ערשט:

— א! היסטאריע! און מיט אזא קול, גלייך ער וואלט באוואונדערט עמיצען, וואס האט אויפגעגעסען צוועלף הארטע אייער מיט אמאל.

און, אז איך שפרינג שיער פון דער הויט ארויס, פרעגט ער גאנץ נאאיוו:

און וואָס האָט מען פון דער היסטאָריע?

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— איהר זענט א איד? — פרעג איך.

— דאכט זיך! — שמייכעלט ער, ווי איינער רעדט: אביסעל מעהר פאר דיר!

— איהר האָט עפּעס ליעב אידען?

— ווי דען! פיינט האָב איך?!

— איהר ווייסט, אז אלכסנדר מוקדון האָט געטראָפען אויף זיין וועג פון סאמע נצחונות א גאנצע מדינה מיט סאמע ווייבער?

— א שאלה דאָס איז! עס איז דאָך — דאכט זיך — אַן עין־יעקב, און אפשר האָט עס מיר דער רבי אין חדר דערצעהלט.

— איהר ווייסט, ווען מלכות בית־דוד און מלכות ישראל האָבען זיך צוטיילט? ווען פון איין אידישען פאָלק איז צוויי געוואָרען?...

— ווען? וואָס טויג מיר צו וויסען ווען?... די מעשה שטעהט אין פּסוק.

— און וואו איז אהינגעקומען מלכות ישראל?

— מלכות ישראל — האָבען מיר א קיימא־לן — איז אויף יענער זייט סמבטיון...

— און וואו זענען אהין געקומען די אידען, וועלכע מען האָט ארויסגעטריבען פון הישפּאניען?

— זיי זענען זיך צולאָפען...

— און די, וואָס מען האָט ארויסגעטריבען צוויי מאָל פון פראנקרייך?

— וואו זאָלען זיי זיין! אביסעל איז אודאי ע ר ג ע ץ אוועק, און די רעשט האָט זיך צוריק אריינגע'גנב'עט. א שאלה דאָס איז!

— איהר ווייסט דאָך, וואָס אידען ה אָ ב ע ן געליטען, און ליידען ביז היינט אין פּרס, רומעניען...?

— אין פּרס, ווייס איך נישט; וועגען רומעניען דערצעהלט מען אלע מאָל אין שול, פון הצפירה ארויס; האָר און נעגעל שטעלען זיך קאַפּויר!

— און פון „ק ר י י ץ ־ צ י ג ע“ ווייסט איהר עפּעס?

— פרעגט מיך עפּעס גרינגערס!

— איהר קענט נישט קיין דייטש ?

— דייטש איז עס ? ! מילא, — פעהלט מיר א  וואָרט !

— און „נושאי־הצלב“ ?

— וואס איז דאס פאר א לשון ?

— לשון־קדש ! איהר ווייסט גאָרנישט, אז דורך די נושאי־הצלב, אדער קרייץ־ציגע, זענען טויזענטער אידען גע'הרג'עט, גאַנצע קהלות חרוב ונחרב געוואָרען...

— איהר מיינט אודאי שנת ת"ח, כמיעלניצקי'ס צייטען !

— פון אידען אין מאראקא, ווייסט איהר עפּעס ?

— אין מאראקא ? נ י י ן, נישט געהערט !

— און געוואלט וויסען וואלט איהר ?

— בא ! וויסען ! און וואס איז דאָרט ! אנדערע מאדע צרות ? עס געהט אויף אן אנדערען אופן ? גלויבט מיר, — אומעטום איינוועלט... איך דאנק גאָט, אז כ'פארגעם דערזן. (פויזע. און נאך א זיפץ :) — און זאָגט נאַר, איהר לייענט דאך צייטונג, וואס הערט זיך בעסער נייעס ?

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

— ניין, — זאג איך צו מיין שכן, — איהר האָט אידען נישט ליעב.

— א והא־ראיה ? איך גיב קיין געלט נישט ? כ'האב נישט ! די דייטשען האבען — גיבען זיי !

— נישט דאס מיין איך.

זעהט איהר, די טבע איז פון א בשר ודם, אז ער וויל וויסען אלץ, וואס ריהרט נאר אן זיינס א גוטען פריינד, א קרוב. אז איהר טרעפט, למשל, א קרוב, וועלכען איהר האָט שוין עטליכע יאהר נישט געזעהן, ווערט איהר נישט מיד אויסצופרעגען : ווי עס איז איהם איבער דער צייט געגאנגען, וואס ער האָט איבערגעלעבט : איהר פרעגט, וואס זיין ווייב, זיינע קינדער מאכען. איז עמיץ פון הויז־געזינט קראנק געוועזען, ווילט איהר וויסען אויף וואס, צי האט ער גרויסע יסורים געהאט, ווי לאנג עס האָט געדויערט, וועלכער דאקטאר, צי וועלכער זנאכאר עס האָט געהאָלפען ; אויב א דאקטאר — צי איז דאס פלעשעלע געוועזען א רויטס אדער א גרינס, און אפשר גאר א וויס... אויב א זנאכאר — צי האט ער געזאגט אדער נאך איינגעוויקעלט אין רויך... און נישט

דוקא ביי אזוינע וויכטיגע זאכען... אז איהר דערזעהט אויף אייערם א באקאַנטען א ניי מלבוש, ווילט איהר וויסען, ווי טייער ער האט געצאָהלט אַן ארשין, וויפיעל שניידער־געלט; איהר הויבט נאָך אויף די פאַלע, צי מען האט איהם נישט גענארט אויף׳ן אונטערלאַג...

— אמת, — שמייכעלט דער איד, — דאס קאן איך נישט לייקענען.

— יאָ, — פאַל איך אריין אין נצחון: — און, אַז איהר האט ב ר י ד ע ר, זאג איך, אויף דער גאנצער וועלט, ווילט איהר גארנישט וויסען, וואס מיט זיי טוט זיך! און, אַז אייערע ברידער ליידען שוין טויזענטער יאהרען, אינטערעסירט אייך נישט צו וויסען, וואס אין דער גאנצער צייט איז מיט זיי געשעהען.

— און פון דאנען — זאג איך ווייטער — איז געדרונגען, אז „עם כל ישראל אחיהם“ פון ראש־חדש־בענשען, זאגט איהר מיט דער אייגענער כונה, ווי „לשנה הבאה בירושלים“...

---

— און אז איך פיהל פּארט, אז איך האב ליעב אידען!

— האט איהר א טעות.

— גלאט געזאגט...

— איך וועל אייך אויסווייזען, נאר ענטפערט מיר עהרליך אויף עטליכע שאלות.

— נו!

— איהר האט ליעב אייערע קרובים?

— נישט אלע.

— פארוואס נישט אלע?

— ווייס איך, וואס איהר פרעגט! און אז מיינס א קרוב מאכט זיך לעבען מיר א מסחר, פונקט אזוינעם, ווי איך האב, גלייך עם פעהלט מסחרים אויף דער וועלט, קריכט מיר אין וועג אריין, רייסט מיר ארויס דעם קונה פון געוועלב, דעם ביסען פון מויל,— זאל איך איהם קיין שונא נישט זיין?... אדער, אז איך האב — פון ווייבס־צד — א קרוב א שכור, אדער א מחלל שבת בפרהסיא, — זאל איך זיי ליעב האבען?!

— און אחוץ זיי?

— אחוץ זיי — יאָ! אלע קרובים, וועלכע איך קען!

— און די, וואָס איהר קענט נישט?

— ווייס איך נישט! איך האָב, למשל, אַ לייבליך שוועס־טערקינד אין אַמעריקאַ, איך האָב'ן קיינמאָל פאַר די אויגען נישט געזעהן!...

— האָט איהר איהם טאַקע... לעג איך איהם אונטער.

— פיינט נישט, נאָר ליעב אויך נישט, אַז איך קען איהם גאָרנישט פאַרשטעלען! האָב ליעב אַ לאַך פון אַ ביינעל, אַז איך קען איהם נישט!

— און אידען בכלל קענט איהר?

מיין „איך" האָט זיך דערפיהלט, ווי אַ מויז אין פאַל, ער וואַרפט זיך: אַט אַהין, אַט אַהער.

— פאַרפאַלען, — זאָג איך — איהר האָט נישט ליעב דעם כלל אידען, ווייל פון כלל אידען האָט איהר גאָר קיין באַגריף נישט! אַ לאַך פון אַ ביינעל! (פויזע).

— מיט וואָס, — פרעג איך, — האַנדעלט אַ איד?

— מיט שפייז, — ענטפערט ער פינסטערליך.

— איהר לעבט שוין אויף דער וועלט אַ יאָהר פופציג?

— פינף און פיערציג! — פאַרבעסערט ער.

— זאָל זיין פינף און פיערציג; אין אייער לעבען האָט איהר דערקענט אביסעל נעהנטער אַ צוויי הונדערט אידען... פון זיי וואַרפט איהר האַלב אין וואַסער אַריין, — די, וואָס זענען נישט פרום, די, וואָס זאָגען הודו פאַר ברוך־שאמר, אדער פאַרקערט... ווער שמועסט די, וואָס דאַווענען גאָרנישט... אפיקורסים! — איז פייער אַריין... פון דער רעשט נעמט איהר נאָך אַ שפּאַר ביסעל און וואַרפט אויף דער וואַנט: מיט איינעם האָט איהר אַ פּראָצעס, דער צווייטער אַ קאָנקורענט — קריכט אין דער לעבער, דער דריטער האָט אויף אייך אַ ווערטעל געזאָגט, דעם פיערטען זענט איהר נעלט שולדיג, דעם פינפטענס ווייב האָט זיך מיט אייער פלונית'־טע געקריגט... די רעשט, וויפיעל עס בלייבט דאָרט, האָט איהר פיליכט ליעב...

ער פאַרטראַכט זיך, קלערט נאָך און איך שמיד דאָס אייזען אין דער היץ:

— ליעב האָבען, הייסט קענען! ליעב האָבען דעם כ ל ל ישראל, הייסט: זיין צוגעבונדען, נישט צו אַ צוואַנציג־דרייסיג אי־

רען, נאָר צו דער גאַנצער לענג פון אַלע דורות, און צום גאַנצען היינטיגען דור, וואָס איז צושפּרייט און צוזייהט... אַ פאָלק איז ווי אַ קאַנוס...

— וואָס איז דאָס ווייטער?

— זאָל זיין, ווי אַ היטעל־צוקער: אויבען — אברהם אבינו! וואָס אַראָפּ געהט אַלץ ברייטער און ברייטער... אונזער היטעל־צוקער... איז אייגענטליך נישט קיין ריכטיגע קאַנוס: אינמיטען האָבען די מייז אויסגעביסען, וואַסער אויסגענעצט... וואָס נידע־ריגער, שפּאַלט זיך און צופליישט זיך אַלץ מעהר די פיגור... צווי־שען אונזערע פאַרשידענע טיילען שווימען דורך וואַסערען, ציהען זיך סטעפּען, פאַרשפּרייטען זיך לענדער... — ליעב האָבען אידען הייסט: ליעב האָבען די גאַנצע פאָרם! ליעב האָבען הייסט: אַלץ קענען, אַלץ וויסען, אַלץ האָבען אין האַרץ, אין געהירן, אין בלוט!

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

— מען קאָן נישט זאָגען, — מאַכט מיין שכן אַ פּאָר מינוט שפּעטער, — אינטערעסאַנט איז עס!

— עס איז — זאָג איך איהם — מעהר אַלס אינטערעסאַנט, עס איז אַ נויטיגע זאַך. עס איז איינס פון די יסודות, וואָס דאָס גאַנצע יודענטום, דאָס גאַנצע „היטעל צוקער“ שטעהט דערויף...

זעהט איהר, מיר זענען דאָך אַן אַלט פאָלק, און דאָך זענען, אין דעם פאַך, אַנדערע פעלקער פיעל קליגער פאַר אונז. און נישט נאָר די אייראָפּעאישע פעלקער, וואָס שרייבען, לעזען און לערנען היס־טאָריע; נישט נאָר די רוימער, די גריכען, די אַלטע געבילדעטע פעלקער, וואָס האָבען געהיט זייער געשיכטע, ווי אַן אויג אין קאָפּ; נישט נאָר אפילו מצרים, פּרס־ומדי, וועלכע האָבען זייער היסטאָריע געקריצט אויף שטיינער, אויף ווענט, אויף פּיראַמידען, נאָר אפילו די אמת ווילדע, גאַנץ ווילדע פעלקער, האָבען אויך פאַר־שטאַנען, וואָס היסטאָריע איז.

די ווילדע שטאַמען אין אַפריקא און אַמעריקא, געהען נאָד ארום נאַקעט, ווי אדם וחוה אין גן־עדן; טראָגען, פאַר שעהנקייט וועגען, מעשענע רעדלעך אין דער נאָז, פּראָש־שיסעלעך אין די אויי־בערשטע אָדער אונטערשטע ליפּען, לעדערנע בראַסלעטען אויף די פיס, הערנער אָדער געפליגעל־פעדערען אויף די קעפּ! זייער נאַקע־

טער לייב איז אויסטאטאווירט מיט אלערליי פארבינע פיגורען, באַשמירטע מיט פעטס. און אפילו ד י ווילדע מענשען, ווייסען שוין אויך, אז היסטאריע איז נויטיג! און, ווייל די מענער זענען אייביג פארנומען מיט קריג, פיש־כאפען און יאגד, מוזען די ווייבער געדענקען אלץ, וואס דער שטאם האט איבערגעלעבט און דערצעהלען עס ביי יעדער געלעגענהייט —

— אפשר איז עס טאקע מנהג עכו"ם?

— און די תורה פון וואס הויבט זיך אן, נישט פון געשיכטע?

— אויף דעם שטעלט זיך טאקע רש"י!...

---

— און צו וואס דארף מען זי פארט די געשיכטע?

— איהר האט עפעס קינדערלעך? — ענטפער איך מיט א פראגע.

— ווי גאט האט געבאטען!

— ווער איז — איך בעט אייך — קליגער, א י ה ר אדער אייער קינד, וואס געהט ערשט אויף דער וועלט ארויס?

ער ווערט ערנסט.

— די אייער זאגען שטענדיג, אז זיי זענען קליגער פאר די הינער...

— אבער די הינער וואס זאגען? — צי וועט איהר געטרויען א אינגעל פון זעקס—זיבען יאהר אייער פארמעגען, אייערע געשעפטען?...

— אודאי נ י ש ט! משוגע בין איך?

— פארוואס נישט?

— איך וואלט מיר באלד געדארפט א טארבע קויפען.

— וואס איז, א זעקס יעהריג אינגעל קאן קיין געשעפט נישט פיהרען?

— מן־הסתם נישט! וואס, פראקטיקע האט ער?

— און דעריבער אפנים, גיט מען דעם פאר־פאלק נישט אזוי געשווינד און נישט אויף אמאל ארויס דעם נדן, ווייל צום האנדלען דארף מען האבען פראקטיקע און דער יונגערמאן איז ערשט פון הינטער'ן אויוועז אפיר!

— אודאי אזוי!
— מען זוכט פאַר אַזוינעם אַ יועץ, אַן עלטערען שותף.
— מן הסתם! איהר מיינט, אז ביי פּראָסטע אידען איז שוין גאָר קיין שכל נישט דאָ?
— חס ושלום! איך מיין גאָרנישט. נאָר זאָגט מיר, איך בעט אייך, אָבער מיט דער צייט, ווערט פון קינדער לייט?
— אודאי! אז מען זעהט אַ וועלט, מען קריגט פּראַקטי־קע, מען ווערט געוואָר. וואָס גוט און וואָס שלעכט איז, לערענט מען זיך אויס.
— זעהט איהר, אַ פילאָזאָף האָט געזאָגט, אז דער נעכטיגער טאָג איז דעם היינטיגענס לעהרער.
— אויף דעם דאַרף מען אַ פילאָזאָף? אַ חדר־אינגעל וויים דאָס פון פּראַקטיקע! — די וועלט (זיפצט ער אָפּ) איז אַ טייערער לעהרער!
— צו פּראַקטיקע, דאַכט זיך, דאַרף מען האָבען זכרון?
— אודאי —
— און ווען איינער, חס־ושלום, ווערט קראַנק, למשל, אויף אַ טיפוס, און פּאַרגעסט אַלץ?
— איז טאַקע שלעכט! מוז מען אָנהויבען פון אלף־בית... דאָס אייגענע האָט דאָך ר' ששת'ן געטראָפען.
— און ווי איז, אז איינער, רחמנא־לצלן, האָט גאָר קיין זכרון נישט, ער איז געבוירען געוואָרען אָהן זכרון?
— עס טרעפט זיך דען?
— למשל!
— איז אודאי ביטער, ווי גאָל; אַזוינער קען זיך גאָר נישט אויסלערנען. קאָן קיינמאָל נישט קליגער ווערען... אפילו ביי משותלח'ם יאָהרען... אָהן זכרון איז אָהן פּראַקטיקע.
— און אַ אינגעל פון זעקס יאָהר מיט אַ זכרון, קאָן זיין קליגער פאַר איהם?
— אודאי!
— זעהט איהר, איין זאַך אָבער מוזט איהר נאָך פאַרשטעהן, אַז נישט נאָר אַ מענש, נאָר אויך אַ פאָלק דאַרף האָבען אַ זכרון! און אַ פאָלקסמער זכרון איז די היסטאָריע! אָהן היסטאָריע — ווי אַ מענש אָהן זכרון — קאָן קיין פאָלק נישט קליגער, נישט בעסער

ווערען. פון וואנען זאל דאס פאלק נעמען „פראקטיקע“? אין דער שלעכטער צייט — עצות און בטחון, אז יעדער דור מיט זיינע צרות און נחת, חסרונות און מעלות, ווערט — „אפגעשניטען און אוועקגעלעגט“, אז וואס אריין אין גרוב איז ארויס פון קאפ!

—ווירקליך, — זאגט ער — אין א שלעכטער צייט פארלירען מיר די קעפ, עפעס ווערט פון אונז, ווי א סטאדע שאף; ווער עס וויל און „נעמט זיך הערנער“, ווערט דער טריק; דער שליח צבור!

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

— פאלגט מיך, קויפט אייך גרעץ...

— און געלט? —

— בין איך געבליבען אהן תשובה —

.1890

# וואָס ווילען מיר?

(פאָרוואָרט צום זאַמעלבוך „ליטעראַטור און לעבען")

(פאָרוואָרט צום זאַמעלבוך „ליטעראטור און לעבען" 1894.)

נאָך צוויי יאָהר שווייגען, נעמען מיר זיך ווידער צו דער זשאַרגאָנישער ליטעראַטור.

ווער עס וויל טרעפען צו רייכע, אינטעליגענטע אדער בעלי־בתי'שע הייזער, דער קאָן אַנדערע שפּראַכען באַנוצען; ווער עס וויל טרעפען צום הארץ און מח פון פּראָסטען, איינפאַכען פאָלק, צו די, וואָס די העכערע קלאַסען רופען מיט פאַראַכטונג „המון עם", דער מוז שרייבען זשאַרגאָן.

געשוויגען האָבען מיר דורך דריי אורזאַכען: עס האָט גע־פעהלט געלט. נאָך א גרעסערער מאַנגעל איז געוועזען אין מיט־אַרבייטער. און כמעט אוממעגליך איז געוועזען צו רעדען אַן ערנסט איינפאַך וואָרט מיט'ן פאָלק, בשעת ווען פאַרבּרענטע אידעאַלאָגען און דורכגעטריבענע שאַרלאַטאַנען האָבען איהם צוגעזאָגט א מאַ־מענטאַלע הילף, א ראַדיקאַל מיטעל אויף אַלע קרענק און וועה־טאָגען... אין א צייט פון עטליכע יאָהר וועט מען אויפבויען א אי־דישע מלוכה אין ארץ ישראל, אדער פאַרלעגען א אידישע רעפּוב־ליק אין ארגענטינא....

דאָס אָרעמע דערשלאָגענע פאָלק האָט געגלויבט, און עס האָ־בען אויפגעהערט אַלע לעבענס־פראַגען, אַלע געמיין־מענשליכע אינטערעסען... דער עולם האָט זיך געפּאַקט, היינט מאָרגען אין וועג אריין, די אַלטע אתה־בחרתנו'שע קעסעלפּויק האָט געדונערט. ציון'ס צימבעל — געקנאַקט, און די אַלטע רבּני'שע פלעדער־מויז האָט אויסגעשפּרייט די פליגעל איבער'ן פאַרטומעלטען קהל...

געהן דאַרף מען, געהן מוז מען, די פראַגע איז נאָר געוועזען, ווער עס האָט רעכט: דער באַראָן הירש אדער ווערמאָנט? דער הנדיב הידוע אדער יעדוואַבניק?

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

היינט, דאכט זיך, איז שוין אביסעל שטילער!

דער פארברענטסטער חובב ציון לעגט שוין אפ: שמיטה, פרה אדומה, בן סורר ומורה און קרבנות אויף עטליכע דורות, די ליעבע צו ציון בלייבט דערווייל א פלאטאנישע — פון דערווייטענס; דער שטארקסטער „ארגענטיניעץ" פארשטעהט שוין, אז כאטש דעם באראן הירש'ס נדבה פארבלענדט אונז, ווי די זון איז תמוז, כאטש זי פארשעמט אלע וואוילטעטיגקייטען, וואס זעגען געשעהען, זייט די היסטאריע געדענקט, איז דאך ווייט פון זיין ריזיגען פלאן ביז א פאלקס־עמיגראציע. על כל פנים קאן דאס נישט אזוי געשווינד געשעהען...

לויט דעם קאלטען חשבון (וואס אונזערע אידעאליסטען האבען אזוי פיינט) קאן פאלעסטינא (ווען דער טערק זאל אפילו אריינלאזען) מיט ארגענטינא (עס זאל אפילו קיין היישערעק נישט זיין) צוזאמען ביי אונז יאהר־יעהרליך צונעמען העכסטענס אזוי פיעל, וויפיעל עס ווערען ביי אונז מעהר געבוירען אלס געשטארבען; אז פיער מיליאן אידען מוזען דא בלייבען, אז פאר די פיער מיליאן מוז מען ארבייטען אויפ'ן ארט, און — אז די אינטעליגענץ מוז דערייבער מאכען זיך פאר א הויפט־צוועק — צו בילדען דאס פאלק.

מיט מיטארבייטער איז אויך א שווערע זאך געוועזען. ווען עמיץ זאל וועלען ארויסגעבען נאך אמאל א „ספר הזכרון" און רעגיסטרירען אלע אונזערע שרייבער, וואס „אפפערען צייט" פאר די „ארעמע ברידער", ארבייטען פאר „כנסת ישראל", זעגען זיך „מוסר נפש פאר'ן אידישען פאלק", וואלט ער א גאנץ דיק בוך ארויסגעגעבען... עטליכע צעהנדליג משוררים, שרייבער אין הונדערטער, פובליציסטען אויך עטליכע טוץ... און דאך, דאך איז נישט דא מיט וועמען צום טיש צו געהן... ווארים — ווער איז ביי אונז קיין שרייבער נישט? ביי אונז איז יעדער בטלן גענוג קלוג צו געבען געדרוקטע עצות; אין זיין אייגענער שטאדט „קאן ער קיין קאץ קיין עק נישט צובינדען" און פאר דער וועלט דונערען זיינע חכמות פון ציישונגען, אדער פון א באזונדערער קאטעדרע אראפ, וואס ער אליין אדער א מוכר־ספרים האט איהם געבויט! ביי אונז איז יעדער בדחן א משורר, יעדער פראלער—א פובליציסט, און הדר־אינגלעך — קארעספאנדענטען... אונזערע צייטונגען ווילען ארבייט אומזיסט, ארויסגעבער און מוכרי־ספרים ווילען

נאָר טאַנדעט, נאָר ביליג... און דער עולם האָט פּרייען פּלאַץ, ווייל די ווירקליכע אינטעליגענץ האַלט זיך אַלץ פון דערווייטענס...

יעדערער פאַרשטעהט, אז שוסטעריי קאָן מען נישט אומגע־לערענט... קיינער וועט קיין אַרשין טוך נישט געטרויען אַזוינעם, וואָס האָט ביי אַ בעל־מלאכה קיין געוויסע צייט נישט געאַרבייט... אַ רייף שלאָגען אַרום אַ פאַס מוז אַ ספּעציאַליסט אַ באַנדער... אָבער קינדער לערנען קאָן דער ערשטער בעסטער בטלן. און די קינדער, דעם בטלן'ס תלמידים, שרייבען אין צייטונגען, דרוקען ספרים און לערנען דאָס פאָלק! די תאווה געדרוקט צו ווערען איז אַ שעדליכע, אַנשטעקענדע קרענק, זי האָט שוין אפילו אַ גריכישען נאָמען: „גראַפאָמאַניאַ“. און איין רפואה, איין ראַדיקאַל מיטעל קעגען איהר וואָלט געוועזען — אונזער אינטעליגענץ זאָל איבער־נעמען אונזער ליטעראַטור אין איהרע הענט.

עס איז שוין צייט, אַז אונזער ווירקליכע אינטעליגענץ זאָל פאַרשטעהן, וואָס פאַר אַ פליכט, וואָס פאַר אַ התחייבות זי האָט פאַר'ן פאָלק... אַז אַרבייטען ביי זיך אין דער היים, פאַר אייגענע ברידער, הייסט נישט אַרויסלאָזען די אַלגעמיין־מענשליכע פאָהן פון דער האַנט... הייסט מ ו ז אַרבייטען יעדערער ביי זיך. אַקערען און זייהען זיין אָפּגעגרענעצט שטיקעל לאַנד, אָבוואָל, אָדער בעסער — ו ו י י ל מיר האָפען, אַז די צוקונפט וועט זיין דער אַ ל ג ע מ י י ן - מ ע נ ש ל י כ ע ר שפּייכלער, אין וועלכען עס וועלען אַריינקומען אַלע יווייצען, די גאַנצע תבואה; אַ שפּייכלער, וואָס וועט שפּייזען אַלע גלייך, שפּייזען יעדען אומגעפרעגט, ווער זיין זיידע איז געוועזען, און נישט געקוקט, פון וואָס פאַר אַ פאַרב זיין הויט איז...

אין דעם זין קאָן די נאַציאָנאַל־אידעע — דער מאַנטעל, מיט אַ וואַרעמען וואָל־שטאָף אַלס אונטערלאַג צום לייב, און אַ דאָרני־גער, שטאַכעל־שוויינינגער הויט אַלס אויבערשלאַג פאַר פרעמדע— דעם אייגענעם נוצען ברענגען דער אַלגעמיינער בילדונג, ווי די קינסטליך געטיילטע וויסענשאַפטען — דער אַלגעמיינער וויסענ־שאַפט.

אויך איז שוין צייט די אינטעליגענץ זאָל אוועקלעגען אין אַלטען אַרכיוו אַריין די פראַגען: צי איז זשאַרגאָן אַ שפּראַך? צי קאָן זיין אַ שפּראַך אָהן אַ (געדרוקטע) גראַמאַטיק? צי קאָן הייסען

א שפראך א צוזאמענפליקעכץ פון פארשידענע שפראכען פון פאר־שידענע צייטען? דאס איז אלץ די אלטע בטלנ'יש־פילאזאפישע מיסט, איז וועלכער עס וועלען אייביג פיקען אונזערע ליטעראַרישע עקרות־הינער; די אמת'ע אינטעליגענץ דארף פארשטעהן, אז זשאר־גאן איז א פאקט, וואס איז געשעהן נישט מיט אונזער ווילען און וועט אויף אונזער פארלאנגען איבער נאכט נישט פארשוואונדען ווערען... אז שפראך הייסט יעדעס מיטעל, וואס מענשען באנוצען איינער מיט'ן אנדערען זיך צו פארשטענדיגען, אז פיער מיליאן אידען, וואס רעדען און פארשטעהען נאר זשארגאן, זענען אויך מענשען, און אז ווער עס וויל זיי בילדען, מוז זייער שפראך אלס מיטעל באנוצען....

עס איז שוין צייט, אז די אינטעליגענץ זאל פארשטעהן, אז דעם היים־געהאפטען מארגען וועט די „שפראך" אזוי פיעל אינטע־רעסירען, וויפיעל דער יחוס פון עלטער־זיידען אדער די פארב פון דער מענשליכער הויט...

און עס איז שוין די העכסטע צייט די אינטעליגענץ זאל ארויסטרעטען און ארויסנעמען די פאלקס־בילדונג פון אומגעלומ־פערטע, גראבע הענט...

דאס פעלד איז שוין גענוג פון שלעכטע שרייבער און העכסט אינטערעסאנטע ראמאניסטען גענומען. עס איז שוין די העכסטע צייט צום פארזייהען!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

מיר ווילען די אלגעמיין־מענשליכע פאהן נישט ארויסלאזען פון דער האנט און מיר ווילען נישט זייהען קיין שאוויניסטיש ווילד קרויט, קיין פאנאטישע דערנער און נישט דעם פערז פון בטלנ'י־שער פילאזאפיע; דעם אומקרויט ווילען מיר ארויסרייסען מיט די ווארצעל, אויסהאקען די דערנער, דעם פערז פארברענען און זייהען ריינע, מענשליכע אידעען, ריין־מענשליך געפיהל און וויסען.

מיר ווילען אקערען, באארבייטען און פארזייהען אונזער שטיק פעלד, ווייל מיר גלויבען פעסט, אז דער צוקונפטיגער אלגעמיינער שפייכלער וועט שפייזען אלע הונגעריגע צוגלייך! מיר גלויבען, אז געוויטער, שטורעם און רעגען מוזען פארבייגעהן, עס מוז קומען די צייט, און די ערד וועט אונז געבען איהר קראפט, דער הימעל

— ווארעם און ליכט... און מיר ווילען נישט, אז אין שניטער־צייט זאָל אונזער פאָלק שטעהן פון ווייטענס, אין יום טוב באוויינען פארלוירענע יאהרען און פארשעמט בעטלען פרעמד ברויט פון פרעמדען בלוטיגען שוויים...

מיר ווילען אויך אריינפיהרען אביסעל קאָרן און ווייץ אין שפייכלער אריין, מיר ווילען אויך בעלי־בתים זיין, ארעמע בעלי־בתים, נאָר נישט קיין בעטלער...

מיר ווילען, דער איד זאָל זיך פיהלען אלס מענש, ער זאָל אנ־טייל נעמען אין אלעם, וואס מענשליך איז, מענשליך לעבען און שטערבען. און — — באַלײדיגט, זאָל ער זיך פיהלען באַ־לײדיגט אלס מענש!

---

אט דאס איז אונזער צוועק. פאר וועלכען מיר בעטען הילף ביי דער ווירקליכער אינטעליגענץ.

.1894

# דער לץ.

## 1.

איך האָב די עהרע מיך פאָרצושטעלען:
אני הקטן, בין דער לץ פון דער רעדאקציע!
אז עס וועלען מאוס ווערען די הערכסט אינטערעסאנטע ראמאנען, דערצעהלונגען און לעבענס־בילדער, וואָס זענען געדרוקט אין בוך; אז עס וועלען אייך איבערדריסיג ווערען די קלוגע ארטיקלען איבער לופט, קינדער־דיעט וכדומה — גוטע זאכען; אז איהר וועט אייך איבערעסען מיט עצות: ווי אזוי א גוטער בעל־מלאכה צו ווערען; אז אייער שוואך קעפעל וועט זיך פאַרדרעהען, בארוישט פון די זינגענדיגע, קלינגענדיגע גראמען, —
דאמאלט, דארף איך, בדחן, אייך משמח זיין; טאָמער ווילט איהר ערגעץ איינשלאָפען, דארף איך אייך קיצלען!
און איך, לץ, בין דער פעפער און דאָס זאלץ ביים „שלחן ערוך“, וואָס דער רעדאקטאָר האָט פאר אייך געדעקט: איהר האָט אלערליי מאכלים טובים, איהר האָט מעסער און גאָפעל, (א רובל מיט פופציג קאָפּיקעס), קאָנט איהר עסען און טרינקען, און מיך באנוצען אלס כריין, צום שאַרפען דעם אפעטיט.
איך דארף אייך משמח זיין.
פארוואָס? כי לכך נוצרתי, דאָס הייסט, ווייל צו דעם האָט מיך דער רעדאקטאָר אויסגעוועהלט; ער האָט מיר צוגעזאָגט א חלק פון זיין פאַרדינסט, וואָס איז אזויפיעל ווערט ווי זיין חלק עולם־הבא!
מיינט נאָר נישט, חלילה, אז איך בין א ספעציאליסט פון לאַכען. נאָר פאַרקערט — וויינען קאָן איך בעסער! אפשר ווילט איהר, נעם איך מיך אונטער א פאַדריאַד! און זאָלען מיר אפילו

טרערען פארפעהלען, שאדט נישט, בעט איך מיין ווייב, באניסט זי אייך מיט א מבול; שיק איך נאָך מיינס א קינד, נאָך וועלכעס איהר ווילט פון מיינע „צוועלף עשרת השבטים“, און בין דערמיט יוצא לכל הדעות! נאָר, אז דער רעדאקטאָר וויל, איך זאָל ל א־כ ע ן, וועל איך מוזען און קאָנען לאכען.

א איד איז א ספעציאליסט צו אלעמען. היינט איז ער פאבריקאנט, מאָרגען — שוסטער, איבער־מאָרגען ווערט ער א מלמד, אין א פאָר וואכען ארום טראָגט ער א צילינדער און שפילט אין אידישען טעאטער, דערנאָך גיט ער ארויס א ציימונג!

א איד, איידער ער שטאַרבט, טוישט ער הונדערט מאָל זיין פרנסה, און זעלטען ער זאָל זי האָבען!

פאָר דאָס אבער, טוישענדיג די פרנסה שוין טויזענטער יאָהרען, האָט ער זיך אויסגעלערענט טויגען צו אלץ, דאָס הייסט, צו גאָרנישט, און נעמט זיך צו אלץ אין דער וועלט.

און איך בין אויך א איד! היינט בין איך א לץ, מאָרגען וועל איך אפשר זיין קאָלאָניסט אין ארץ־ישראל, א שוחט ובודק אין אמעריקע, א צושניידער אין מאָסקווע, א זיצער אין פעטערסבורג, און אפשר גאָר א גביר פון מאה אלף רו״ב, נאָך א באנקראָט פון שי״ן אלף ר״ד!

א קשיא אויף א מעשה!

נאָר, ווי געזאָגט, דערווייל בין איך א לץ, א בדחן.

איך זעה נישט קיין גרויסע זאכען דערפון, נאָר — וואָס קאָן איך דאָ צולעגען? אלץ בעסער, ווי לעדיג גענאַנגען, לאָז מיין ווייב כאַטש מיינען, אז איך טו עפּעס!

---

— אדוני הרעדאקטאָר, — האָב איך געזאָגט צו מיין בעל־הבית, — דו הייסט צינגעל מאכען, גיב שטרוי!

דער אדון הרעדאקטאָר האָט מיר געוויזען מיט'ן גרויסען פינגער אונטער'ן טיש.

א לץ טאָר קיין נאָר נישט זיין; איך האָב מיך באלד געשטויסען, וואָס ער מיינט: אונטער'ן טיש שטעהט א קויש, און אינ'ם קויש ליגט שטרוי פון מיינעטוועגען.

איך רוק אפיר דעם קויש און נעם מיך צו מיין מלאכה. רבונו של עולם! וואס פאר אן אוצרות דא ליגען! סאמע היימישע מחברים! יונג־ און אלטווארג, דאמען אפילו; ווי איך בין א איד, דאמען ליגען אין קויש!

איך דערקען זיי באלד, דאס שפיציג־קינדישע כתב'ל!

איך דארף זיין א לץ, און האב דאך באותו הרגע רחמנות, א ביטער רחמנות אויף מיין רעדאקטאר! דער אומגליקליכער מענש האט געמוזט דאס אלץ איבערלעזען!

האר און נעגעל שטעלען זיך קאפויר!

שטעלט אייך פאר, אז איהר זענט א חודש דורכאנאנד אין דול־הויז און איהר הערט נאר משוגעים רעדען. נאך ווייניג, איהר מוזט די משוגעים ענטפערען! איך קוק אויף דאטען; נאך איידער עס איז ארויס דער פראספעקט, איז שוין דא מאטעריאל פון א מאסע קליינע שטעדטלעך, פון א מעננע ישיבה־בחורים, פון חתנים און פון כלות אויך!

און דאס איז נישט נאר א סכנה פאר'ן מוח, עס איז אויך א סכנה פאר די אויגען!

אונזערע מחברים האבען א פארליעבע צו טונקעל־קאלירטען פאפיר, קליינע בויגעלער, דראבנע אותיות, ווי שפילקע־קעפלעך, און צו וואסערדיגער טינט.

עס איז מיר א רחמנות אויפ'ן רעדאקטאר, אויפ'ן זעצער, און דער עיקר אויף מיר, ווארים איך בין די לינקע זייט פונ'ם רע־דאקטאר!

„אדוני הרעדאקטאר — שרייבט איינער — למען השם, אזוי ווי דער שיר וועט געדרוקט ווערען, זאלט איהר א ספר אריינשי־קען מיין כלה, מרת חנה גרימפילגריץ פון מזלבאזשיץ, נאר מיט'ן גאלדענעם שניט, וועל איך דערמיט יוצא זיין פאר א כלה־מתנה— א סדור!“

דער צווייטער בעט: מען זאל זיין נאמען נישט אונטערשריי־בען, נאר „פייוויש“, ווייל דער פאטער זיינער איז פון די, וואס „טרעטען הינטערוואליכם“. ער האט פיינט די השכלה, און וועט איהם די ביינער ברעכען; על כל פנים — נישט מיטנעמען אויפ'ן יריד, וואס וועט זיין גיך און באלד אין לענטשנא! און פארוואס „פייוויש“? ווייל דער פאטער איז שוין געווואר געווארען, אז ער איז

עס געוועז דער „לעקיש" אינ'ם „פאָלקסבלאַט". און אפשר, האלט ער זיך אן עצה, איז בעסער גימפעל? ענדליך — ווי איהר ווילט!

איינער פון אונזערע באריהמטע פושער, קאן זיך נישט אנדערש צוזאמען קומען מיט'ן רעדאַקטאָר, נאָר ווי חתן־כלה — אינמיטען וועג! אינמיטען וועג האָט ער א באַקאַנטען, דעם באַקאַנטען וועט ער ארייַנשיקען זיין ארטיקעל, און דער רעדאַקטאָר זאָל ארייַנשיקען מעות; און רעדט זיך אויס „ברחל בתך הקטנה": אז דער שליש וועט נעמען דעם אַרטיקעל און שיקען דעם רעדאַקטאָר, ווי אויך— נעמען דאָס געלט און שיקען איהם, דעם באַקאַנטען פושער.

דערביי לינט א פרייז־קוראַנט:

1) צוויי מצבות פון זיינע געשטאָרבענע ווייבער — זעקס קאָפּיקעס פאַר א שורה.

2) א מצבה פאַר א גביר'יש קינד, זיינס א תלמיד — צעהן קאָפּיקעס פאַר א שורה. ענדליך:

3) אזוי שירים: „דער ליטווישער קוגעל", „דער פעפער אין פּאָפּליניק" און א פּאָעמע: „דאָס האָניג טייגעל", נישט אנדערש, ווי צו זיבען קאָפּיקעס!

איינער שיקט אריין פיער וויצען; דריי גע'גנב'עטע פונ'ם „הויז־פריינד", א פיערטען אן אייגענעם. דער פיערטער קלינגט: „קויף ביי קיין ציגיינער קיין פערד; ער האָט עס אזוי פאַרדאַר־בען, אז דער בעל־הבית, ביי וועלכען ער האָט גע'גנב'עט, וועט עס נישט דערקענען!" און הייסט זיך געבען פינף הונדערט עקזעמפּ־לאַרען פאַר באַקאַנטע, ווי „הרב הגאון חותני מאיר מאָנטיג, והרב הגאון..." ער רעכענט אויס א משפחה פון רבנים, גאונים, אחוץ משכילים און מחברים!

א געוויסער באריהמטער צימבלער שיקט אריין א ווערק! א שיר פון זעקס הונדערט סטראָפען, אויף געגעבענע גראַמען וועגען שמטה אין די קאָלאָניעס אין ארץ־ישראל, און וויל נישט מעהר ווי צוויי קאָפּיקעס פער שורה און דרייסיג עקזעמפּלאַרען געבונ־דען אין ענגלישען לייוואַנט!

צינד געהט א טראַגעדיע.

דער ערשטער אקט:

עס קעמט זיך א מיידעל די האָר און זינגט און זאָגט, אז די

השכלה שיינט, ווי די זון, שמעקט, ווי א רויז, און איז בא׳טעמ׳ט, ווי האניג!

אין צווייטען אקט קומט פאר איהר טויבער פאטער און שווערט אין אכציג סטראפען, אז ער מוז נאך די וואך חתונה מאכען די בת־יחידה, ווייל ער זעהט שוין, ז׳י איז „אנגעריהרט“!

ער רופט אריין דעם לאמען משרת, און שיקט איהם, ער זאל לויפען אויף איין פוס, און ברענגען דעם פאנפאטען שניידער, דעם שוסטער מיט דער געלער זאך, די בלינדע נייטארין, און נאך אזוינע קאליקעס, מען זאל אין איין וואך אויפנעהען דער טאכטערס חתונה־מלבושים, — א חתן וועט ער איהר שוין אליין זעהען; מען קריגט די סחורה!

אין דריטען אקט: — וואלגערט זיך דער משרת פאר וועה־טאג אויף דער ערד: ער האט ליעב דעם מלאך, באשען, און ציי־טערט אימת מות פאר׳ן בעל־הבית, איהר פאטער! ער עפענט אויף דאס מויל און ווייזט דעם פובליקום, אז ער האט קיין איינציגען צאן אין מויל, פון די פעטש, וואס ער האט שוין פון בעל־הבית באקומען, פאר נישט פאלגען; צינד — ווייסט ער נישט, וואס צו טון: זאל ער פאלגען און רופען די בעלי־מלאכות, מאכט ער אומ־גליקליך דעם מלאך, באשען, די בת־יחידה; זאל ער נישט רופען— גאט ווייסט, וואס עס וועט זיין!

דערווייל קומט אריין די בעל־הבית׳טע.

זי לויפט צו צום משרת, ווישט איהם אוים פאר רחמנות, מיט׳ן ברודיגען פארטוך, די טרערען פון די אויגען; און, אז זי הערט אין וואס עס געהט, ברעכט זי זיך די הענט און וויינט מיט. העל־פען קאן זי נישט; א מאן איז א מאן, און זייט דער מגלה׳ס ציי־טען, האט א מאן צו שאפען!

אין פיערטען אקט: זיצט ביים טיש א שטומער רב, וואס זאגט נאר איין ווארט „לחיים“!

א חזן, וואס שרייבט מיט דער לינקער האנט די תנאים.

א פארטראכטער שמש, וואס דערלאנגט צו קבלת קנין, אויפ׳ן ארט פון א פאטשיילע, דעם ווייבס הארבאנד.

א קרומער סארווער, וואס פאלט פיער מאל איבער זיינע איי־גענע צוויי פאלעס פון דער איינציגער שבת׳דיגער קאפאטע, און צובריכט דערביי אכט גלעזער.

א דין מיט קאַלטינאַוואַטע פּאות, וואָס כאַפּט זיי באַלד אין מויל אַריין און קלערט, צי איז מען מיט דעם שוין יוצא, אָדער מען דאַרף צום מזל־טוב אויפ׳ם ניי א פּאָר כלים צוברעכען.

עטליכע אידען, וואָס כאַפּען פון די טעלער!

עטליכע ווייבער, וואָס ווישען אויס מיט די פינגער די שע־לעכלער פון איינגעמאַכטס, און זענען מקנא דער כלה.

דער חתן — א רויטער, מיט א גראָבען וואָרצעל אויף דער לאַנגער נאָז, מיט א פּעפער אונטער׳ן אויג — און וויל דיקא א קוש טון דער כלה.

און די כלה אליין, שווייגט, נאָר דאָס פּנים רעדט.

דער פינפטער און דער לעצטען אקט קומט פאָר שויז אין גאַס.

מוזיק, א אידענע מיט א קוילישט, א חופּה!

נאָר, ווען דער חתן וויל נאָכזאָגען דעם שמש „הרי את“, טרינקט אויס די כלה א פלעשעלע סם, קריגט שרעקליכע לייב־שמערצען; שרייט מיט א שרעקליכען קול: רוצחים! גנבים! מערדער! און פאַלט אנידער טויט!!!

דער מחבר זאָגט אינ׳ם בריף, אז ער האָט נאָך געוואָלט מאַ־כען א זעקסטען אקט, און באַשרייבען די לויה, נאָר מען האָט איהם געזאָגט, אז עס איז א מאָדע נאָר פינף אקטען!

---

נעגונג! עס גלוסט זיך אייך צו לאַכען? מיר נישט!

מיך שרעקען די — קאַליקעס!

— הער רעדאַקטאָר! פון קויש וועט גאָרנישט זיין.

דער רעדאַקטאָר ציהט מיט די פּלייצעס, ווי איינער רעדט: שלאָג דיר קאָפּ אין וואַנט!

וואָס זאָל איך טון, אז צו שלימזל בין איך געבוירען געוואָרען א איד!

נאָט, גאָט! פאַרוואָס בין איך א אידישער פעליעטאָניסט!

פאר א קריסטליכען פעליעטאָנען־שרייבער שטעהט אָפען און פריי די וועלט! די פאַקטען, וואָס דאָס לעבען גיט, זענען: לייכטע, שווערע און מיטעלע; די שווערע ווערען באַאַרבייט דורך די גע־לעהרטע, שווערע רייטער, דערפון ווערען ווערק, לייטענדע אַרטיק־

לען, אפהאנדלונגען, מאנאגראפיען און דערגלייכען; די נאר לייכ־טערע ווערען געדרוקט מיט גאנץ קליינע אותיות אלס טעגליכע ניי־עס. זיי ווערען סענגרעניערט, יעדעס מין געהט באזונדער: ארויס־נעגאנגגען אזוינע און אזוינע חבורים, געשטארבען אזוינע און אזוי־נע לייט, דערנאך געהען: קאנצערטען, בעלער, דועלען, און נאך אזוינע קלייניגקייטען. די מיטעל שווערע געהערען צום פעליעטא־ניסט. נישט ערד־ציטערניש, נאר א טענצעל פאר ארעמע לייט; נישט א מלחמה, נאר אזוי איינער דעם צווייטען געבראכען די ביי־נער; נישט ווילהעלם, נישט פראנץ יאזעף, נאר אלכסנדר פון באט־טענבערג, נישט נייע, וויכטיגע ערפינדונגען, נאר אן עלעקטריש שפילצייג; און דערגלייכען זאכען, וואס זענען נישט גרויס, נישט קליין, נישט אהין, נישט אהער. דאס אלץ שלעפט דער פעליע־טאניסט צוזאמען, קנעט זיי צונויף, מאכט פון זיי א קאשע, גיסט צו אביסעל ווארעם וואסער, עס זאל נישט זיין צו געדיכט, עס זאל נישט שטאפען; גיט צו אביסעל זאלץ, אביסעל פעפער, א קליינעם סקאנדאל צום טעם, עס זאל נישט זיין צו לאנגווייליג; עס זאל א ציפ געבען אין שפיץ צונג און שוין! צוגעשטעלט, אפ־נעקאכט, אויפגעגעבען אלץ פארשמאק, אדער לעגאמינע, און פאר־טיג, אבי גרינג צו פארדייען!

אונזער לעבען האט נישט אזוינע פאקטען: מיר האבען אדער גאר קליינע, נישט צום דערזעהן מיט די אויגען, אבער גאר גרויסע צרות, וואס דער שכל קאן נישט משיג זיין.

פון פיאלון, ווערמקרויט און טייוועלסקויט — קאן מען קיין לעגאמינע און קיין פארשמאק נישט מאכען!

מיר האבען אויך אמאל געטאנצט אויף דער וועלטס חתונה, אויך געהערט דעם וועלט־באריהמטען ברחן, און נישט איינמאל אן אייגענעם וויץ פאבריצירט... נישט היינטיגע צייטען! היינט איז אזוי גליטשיג, אזוי טרויעריג, אז עס הרג'עט אוועק דעם הר־מאר, אפילו דעם גאלגען־הומאר.

פאקטען וואלגערען זיך אין די גאסען... נאר וואס דו הויבסט אויף, איז פארזאלצען פון טרערען, באגאסען מיט אומזיכטען שווייס...

מאטעריאל איז אפילו דא, די הענט צוצופיהרען: רבנים, שוחטים, דיינים, ליציטאציעס אויף „אתה הראית" מיט פעטש,

היינט — מסירות, שרפות וכדומה... עס דאכט זיך גאָר איינס אין דער וועלט אויף א פעליעטאָן...

נאָר דאָס מוז מען שוין איבערלאָזען פאר חדר־אינגלעך אין די טאָג־בלעטער! עס איז שוין זייער פרנסה, זייער חזקה!

א פעליעטאָניסט איז א קונצענמאכער, ער וואַרפט און כאַפּט צוואנציג רעשלעך אויף אמאָל, עס רעגענט ביי איהם מיט רעשלעך... ביי אונז זענען אבער אָדער שטויב, אָדער גאנצע צעהנער־פודיגע קוילען, נישט אויפצוהויבען, נישט אוועקצוריהרען, נישט צו ברענגען פון אָרט.

---

און דאָך איז א איד בטבע וויציג. ער איז וויציג, זיין שפּראַכע איז וויציג! אין פוילען וועניגער; אין דער ליטא שאַרט מען עס מיט לאַפּאַטעס, מען שיט פון ארבעל, מען שפייט עס אויס אין די גאסען. און א איד דארף זיין וויציג, זיין גאנץ לעבען איז א קאַלאַמבור, זיין היסטאָריע — א רעטעניש, זיינע תנועות, זיינע מנהגים...

שא! דער רעדאקטאָר האָט מיט מיר אויסגענומען א תנאי, איך זאָל נישט אָנריהרען קיין מנהגים! איך וועל שוין נישט מעהר! איך וועל שוין אפילו נישט לאכען פון אַן אייזען — א שמירה פאר דער תקופה, א מעסער אין וויגעל ביי א יולדת פאר שדים, פון צוריקוואַרפען אויסגעריסענע גראָז אויפ'ן הייליגען אָרט, ווער שמור־עסט פון באָרד און פאות. אז מען זאָגט ניין, איז ניין. איך בין אריינגעפאַלען צו א פרעמדען רעדאקטאָר איז פאַרפאַלען. נאָר רבונו של עולם, פון וואס דען זאָל איך לאכען?

פון די עשרה הרוגי מלכות? פון דער סוגיא הכל שוחטין? פון דעם געעהרטען, באַריהמטען, גוטען פובליקום? פון דעם פרומען רעדאקטאָר, אָדער אפשר פונ'ם

לץ פון דער רעדאקציע?

1890

2.

אנהויב ווינטער האָב איך מיך פאר א לץ געשטעלט, עס איז שוין, ברוך השם, סוף זומער, און איך האָב נאָך נישט אויף עפּעס רעכטס אוואַנסירט. איבער דער צייט איז אויף טויזענטער אן אי־

בערקערעניש געקומען... דאס רעדעל פון מזל האט זיך אזוי שטארק געדרעהט, אז איידער איינער האט זיך אומגעקוקט, האט ער שוין עטליכע קאזשיאלקעס אין דער לופט געמאכט. איבער דער צייט זענען מאסען גבירים בדיל־הדל און נע־ונד געווארען, פאר דאס ווייטער זענען א מאסע „א י ד ע ן" ביי דער גרענעץ נתעשר געווארען פון די עמיגראנטען... אסך „געענדיגטע" זענען געווארען „ערלה אויף דריי יאהר". פאר דאס זענען א מאסע אפיקורסים אזוי פרום געווארען, אז עס ווילט זיך זיי טאפען ביים דופק.

ארויף, אראפ — דאס רעדעל דרעהט זיך, נאר איך איינער שטעה נאך אויף איין ארט. וואו עס האט זיך מיר נישט עפעס געוויזען, וואו איך בין נישט געגאנגען עפעס זוכען, האב איך אלץ געפונען א פול הויז (אדער פאדער־הויז) מיט מענשען פון געוויסע מ ק ו מ ו ת, אדער נשרפים פון נאהנט און פון ווייט... זיי זענען, זאגט מען, בילכער, און זיי אליין געהען צוריק מיט גארנישט. איך בין צוריק שרייבער!

און דא, ווערט דאס לעבען אין ווארשוי טאג־טעגליך אומערטרעגליכער... דורך די שרעקליכע היצען פארען־אוים פון מח אלע בעסערע געדאנקען, און — דער עיקר — האט מען פארוועהרט ביי די יאטקעס דאס „ביינער־פלייש" מיט די „שטיקלעך", ווייל זיי ווערען געשווינד פארדארבען, און די ארעמע לייט זענען אזוי באגייסטערט פונ'ם מאגען, אז די נאז האט ביי זיי נאר קיין דעה נישט. עס בלייבט דעם ארעמאן צו שלינגען לופט, נאר קיין לופט איז אויך נישטא. אין די גאסען איז פול שטויב פון ליים, קאלעך און ציגעל—: די אלטע הייזער פוצען זיך שוין אוים צום ווינטער־קארנאוואל, קלעפען זיך אוים די צוראצטע הויט, רעזירען זיך, און אין די גערטנער איז דא מעהר מענשען, ווי בלעטער... דערצו נאך איז דער טראטואר זעהר מסוגל צום שטיוועלרייסען. נאר די אלע מלאכי־הבלה האבען נאר געקריגען דעם רשות, וועלכען דער שטן האט אויף איוב'ן באקומען, טו מיט'ן, וואס דו ווילסט, „רק את נפשו שמור", בשעת, ווען די ניי־געבאקענע פאטריאטען האבען ממשלה אויף דער נשמה אויך.

„רבונו של עולם!" אויף מיינע פלייצעס שטעהט איינער מיט לאנגע וואנצעס, אויף זיינע פלייצעס שטעהט נאך איינער — די אפצאסען מאכען מיר לעכער אין די פלייצעס, איז נאך ווייניג,

דאַרף איך נאָך ליידען פון פ אַ ט ר י אָ ט ע ן! ראַפּטום וואַקסט מיר אַ סטודענט פון אונטער דער ערד אַרויס און רייסט מיר פון מויל אַרויס ברונ'ס אַ פּאַפּיראָס, פלוצלונג האַקט מיר איינער מיט אַן „אוטשאַני זנאַק" אין די פּלייצעס אַריין: מנחה דאַווגען! אַט לאָמט מיר ווייטער איינער אַקעגען: יונגערמאַן, ווייז די ציצית!

ניין! איך מוז אַנטלויפען פאַר פּאַטריאָטען, שטויב, טראָטואַרען און פון דער שטאָדט אָהן „ביינער־פליש"! איך מוז אַרויס אויף דער פרישער לופט!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין שטאָדט האָבען מיך די טראַמוויים און די דראָשקעס אַזוי טויב געמאַכט, אַז אַצינד ערשט פיהל איך, ווי די אויערען גהען מיר אָפּ. איך הויב אָן לאַנגזאַם צו הערען יעדען שאָרך, יעדע לייכטע באַוועגונג. אויך בין איך מיך מחיה דערמיט, וואָס איך קאָן אַבי־סעל פאַרמאַכען די אויגען, און דאָך נישט אָפּגעריסען צו ווערען פון דער וועלט. און די וועלט איז דאָ אַזוי פּראָסט, אַזוי איינפאָך: אויבען בלוי, אונטען גרין, און אַזוי ווייניג מענשען!...

מיט דער צייט אָבער האָב איך אָנגעהויבען צופיעל צו הערען. איך האָב אָנגעהויבען צופיעל צו פאַרשטעהן די אַלערליי לשונות פון עופות, פייגעל, אפילו פון געוויקסען.

איינמאָל, ביינאַכט, האָב איך ראַפּטום געהערט, ווי אַ הון זאָגט איהר'ס אַ קליין הענדעל:

— פיהר דיך בדרך הישר, זיי נישט ווילד, וועסט דו זוכה זיין לשני שלחנות... אויף ד ע ר וועלט וועט מען דיך שפּייזען מיט אַלעם גוטען, און צו י ע נ ע ר וועלט וועט מען דיך אַוועק־שיקען מיט אַ ברכה.

איך בין אַנטלאָפען. —

עס פליהען צוויי שוואַלבען. איינע מאַכט צו דער אַנדערער:

— ווען מענשען זאָלען וויסען, אַז מיר עסען ווייז, און ווער־רעמלעך נאָר בשעת־הדחק, וואָלטען זיי אונז אַלע אויסגעשאָסען... די מענשען ווערען אַלע יאָהר הונגעריגער און קלינגער... מען דאַרף זיך היטען פאַר זיי... דאָס וואָס מיר האָבען אַמאָל וואַסער גע־בראַכט צו לעשען די שרפה פון בית־המקדש, איז היינט קיין מעלה נישט... אַזוינע אַלטע וועקסעל צאָהלט מען נישט!

פאַר אַ מענש אַנטלויפט מען, וואָס טוט מען אָבער מיט

שוואלבען, וואס פליהען מיר אין גרויסע רעדער איבער'ן קאפ? איך ווארף מיך אנידער אויף דער ערד.

הער איך, ווי דערנער רעדען.

— ווי פאדלע — הער איך אונטער מיר א דארען — ווי פאדלע די מענשען זענען. אז זיי קאנען אונז נישט פרעסען, לאזען זיי אונז נישט לעבען א מינוט, איז מען אונז עוקר מן השרש! נאך וועניג, זאגען זיי נאך, אז מיר זענען מאוס... ווייץ און קארן זענען שעהן, מיר — נישט־עסטעטיש, נמאס ומאוס... זייער גע־שמאק, זייער געפיהל, זייער גאנצער שכל ליגט אין מא־גען! וואס עס לאזט זיך פרעסען, איז אנגענעם, און וואס אנגע־נעם איז — איז שעהן, פיין און עסטעטיש.

און דערנער רעדען שטעכעדיג. איך שפרינג אויף; דאנק גאט, אז די שוואלבען זענען שוין אוועקגעפלויגען, און דערזעה ערשט, אז נישט ווייט פון מיר ליגען צוויי „ליעטניקעס" אהן סורדוטען.

זיי רעדען פון שלעכטע צייטען!

— שלעכטע צייטען, — מאכט איינער, — מיר פעלשער מע־גען פארמאכען די קראמען... געווארען א פולע לופט מיט מיקרא־בען... עס דרעהט איינעם אין אויער — מיקראבען! עס קראצט ביי דער פאדעשווע — מיקראבען!... די „הינטישע מיקראבען" האבען אויפגעפרעסען די פיאווקעס, באנקעס, און אונז, פעלשער, אינגאנצען... די וועלט אפילו דרעהט זיך, ווי א רעדעל, נאר איידער עס וועט צוריקקומען אונזער צייט, וועלען מיר שוין אויף דער וועלט נישט זיין!"

א פעלשער אויף א זומער־וואוינונג איז דער בעסטער סמן פון שלעכטע צייטען; נאר די זיכערהייט, אז עס מוז צוריק קומען צו בלוט צאפען, לעשט אין מיר אוים יעדען פונק פון רחמנות; איך נעה אוועק קאלט, ווי אייז. —

—...אויסער עס זאל זיך מאכען אן אונטערגאנג!

יאגט מיך נאך דעם פעלשערס קול. —

---

אך, די ערענסטע „פרנסה" אויף דער וועלט איז א ליץ.

גוט, וועניגסטענס אויף א זומער־וואוינונג, איז נאר מיין חבר.

יעקעל דעם משורר: בלויע הימעל, גרינע ערד, פייגעל... פון ווייטע׳ קלינגט מען, ער הויבט אָן זינגען:

אין מען הערט, ווי גרויסע גלאָקען קלינגען,
און מען הערט, ווי מען מעלקט די קיה!

גליקליכע משוררים; עס האָט עמיץ צווישען די קשאַקעס גע־נאָסען, הערען זיי קלינגען אין וואלד, און דערמאָנען זיך, אז מען מעלקט די קיה! איך, אָרעמער ליץ, אז איך קוק אויף דער גרינער ערד, געהט זיך מיר די גרינע גאל אָן פאר די גרינע ווערים, וואס קריכען אויף איהר; אז איך קוק ארויף אויפ׳ן בלויען הימעל, האָב איך פאר די „לוסטיגע הימלישע אויגען" קיין אנדערע שאלה נישט נאר: רבותים, ווי געהט עס ביי אייך מיט׳ן בלוט־צאפּען? וועט עפּעס זײַן אָן אונטערגאַנג? —

אויסער דעם גומען מיט דער נאָז, (וועלכע שווייגען מכמה טעמים), ברענגען מיר די רעשט חושים נאר גיפט; די אויגען — פעלשערעס מיט גרינע ווערים, די אויערען — פּרעטענסיעס פון שוואלבען, דער חוש המשוש — דערנער־לשון. איך האָב אפילו ביינאכט פון זיי קיין רוה.

קוים האָב איך צוגעמאכט די אויגען, חלומ׳ט זיך מיר דער פעלשער.

— יאָ, יאָ, — זאָגט ער, — אונזער געשעפט הויבט זיך! גאָט זיי דאנק, עס מאכט זיך אָן אונטערגאַנג... פון אזיע געהט די כאָליערא... און דאָ הערשט כאָליערא־נאָסטרא, אונזער אייגענע קוגעל־קרענק!

און אויף אַלעם איז אָן אונטערגאַנג.

די וועלט פיהרט זיך שוין אזוי! ברענט ערגעץ אָפּ א טעאַ־טער, צינדען זיך אָן טעאַטערס אין אַלע שטעדט; פאַלט איין ערגעץ אָן אייזערנע בריק, פּלאַצען זיי אין ארבע פּנות העולם; פאַלט וויל־העלם אויף דער שיף, צוברעכט באַלד סטאַנליי א פוס, הויבט אָן די פּאָליטיק שטארק צו לאָמען, און דער מסחר אין ווארשוי הערט נ א ר אויף צו געהן.

ווערט די „נאָוואָיע ווּרעמיע" פרום, ווערען פרום אויך חאַצקעל־און בערקע, און שמערקע, און אפילו דאָקטוירים און סטודענטען.

עס איז פול די לופט מיט מיקראָבען, גענען וועלכע עס העלפט נישט, נישט קיין שכל, נישט קיין געפיהל, און נישט קיין גע־שמאַק...

— ווייל, — זאָגען די דערנער און די שוואַלבען, — ווייל דאָס אַלץ שטאַמט פון מאַגען אַרויס...

צייטען בייטען זיך.

אַמאָל פלעגט מען זאָגען, אַז די וועלט שטעקט ביים איד אין טאָרבע, היינט — שטעקט זי אינגאַנצען אין מאַגען.

„דזשאָהן־בול“ האָט רחמנות געהאַט אויף אידען, נאָר קוים האָט מען איהם געזאָגט, אַז עס געהען שיפען מיט פאות קיין ענג־לאַנד, האָט ער געקריגען אַ מאַגען־קראַמף פאַר שרעק; עס איז דאָרט אויך ענג ביים טיש, וואָס טויגען איהם נאָך אָפענע מיילער?

דער אַמעריקאַנער מאַגען האָט פאַרדייט אַלע נייגעבאַקענע אידען און קאָן קיין איינציגען כינעזישען צאָפּ נישט פאַרדייען!

עס איז טאַקע פרייהייט, נאָר נישט פאַר מענשען, וואָס עסען כמעט נישט מעהר, ווי רייז!...

אזוי זענען פאַרמאַכט די פּרייסישע גרענעצען פאַר די פּוילי־שע אַרבייטער, וואָס זענען יוצא מיט קרויט און באַנוצען וועניג ביר.

און די מענשען־ליעבע רעגירט, און מען האָט זיך ליעב דאָס לעבען, און שלום זוכט מען, ווי גאָלד... נאָר מען האָט זיך ליעב פון ווייטען... פונדערווען — מיט'ן גרעסטען פאַרגניגען, נאָר אויף דייטשער אַרט — יעדערער זאָל צאָהלען פאַר זיך...

אויפגעמען געסט — מיט דער גרעסטער פרייד, נאָר קומט צו מיר נאָכ'ן עסען! אפשר וועסט דו נאָך עפּעס צוריקגעבען פאַר מיינע הינט וועגען.

און פונדעסטוועגען שטעהט די וועלט נישט אויף איין אָרט. די אַלטיטשקע רוקט זיך; זי רוקט זיך לאַנגזאַם, פויל, מאַכט אַמאָל אַ ריק־שריט אויך, נאָר אין כלל גערעדט, איז זי שוין ווייט גע־קומען.

וואָס אדם הראשון איז געוועזען, ווייסט מען נישט.

איינער זאָגט, אַז ער איז געוועזען די ערשטע אַפּע, וואָס איז אַראָפּגעשפּרונגען פון בוים, געשטעלט זיך אויף דער ערד און שטאַרקער, ווי אַלע חיות ובהמות געעפענט דאָס מויל צום עסען.

אין דער גמרא, להבדיל, איז א מחלוקת:

טייל זאגען, אז אדם הראשון איז געוועזען א כופר בעיקר, גאר אן אפיקורס, אהן חלק לעולם הבא, — און טייל זאגען להיפך, אז ער איז געוועזען גאר אויף א גרויסער מדרגה.—

אויב ער איז געוועזען אן אפיקורס, איז ער זיכער געוועזען א פרעסער. נאר אויב ער איז געוועזען אין א הויכער מדרגה, ווייסט מען שוין נישט, וואס זיין עבודות איז געוועזען. ווייל עס זענען פאראנען פארשידענע דרכים, און אלע פיהרען צום הימעל! און פארשידענע עבודות'ען — טייל דינען מתוך שמחה, אנדערע מתוך עצבות; טייל שעלטען, טייל בענשען, טייל פאסטען און טייל — עסען ממש, ווי געפרעסען...

איך האב בטבע פיינט ספקות; עס איז א מאַגנעט, א כשוף! עס הויבט זיך אן מיט א קליינעם פראגע־צייכען, און עס ווערט דער־פון מיט דער צייט א חיה־רעה מיט אן אפענעם פיסק, וואס שלינגט איין די וועלט.

איך פיהל, אז קוים הויב איך אן מסופק צו ווערען, רוקט זיך מיר די ערד אפיר פון אונטער די פיס; אז איך וועל באלד מסופק זיין, צי בין איך אמאל אויף איהר געשטאנען, צי בין איך אליין! אמאל דא געוועזען. און — ווארטען, ביז עמיץ וועט מיר געבען א זעץ אין די פלייצעס אריין, איך זאל געוואר ווערען, אז איך לעב נ י ש ט אין חלום — ווייל איך נישט!

דעריבער היט איך מיך פאר ספקות, עס נישט פון שאלות און לעג אדם הראשון אוועק אין א זייט.

נאר פון אונזער עלטער־עלטער־זיידען, וואס אונזער עלטער־עלטער־זיידע איז זיין אייניקעל געוועזען, האבען מיר בעסערע ידיעות. אחוץ דער פאטאגראפיע, וואס ער האט איבערגעלאזט אין אמעריקע און אין אויסטראליען, און אפילו אחוץ דעם, וואס ער האט דעם דין פון „חוזר ונעור“ און וועט נאך ארויסשווימען אפילו אינ'ם איין און צוואנציגסטען יאהרהונדערט, אפילו ווען די מענשען וועלען שוין האבען מעהר מוח און הארץ אלס מאגען, האבען מיר געשיכטע און סאציאלאגיע.

און אז מיר וועלען מיט אונזער כח הדמיון נאך אמאל דורכ־מאכען דעם וועג פון איהם (דאס הייסט: פון דעם עלטער־עלטער־זיידען, וואס אונזער עלטער־עלטער־זיידע איז זיין אייניקעל גע־

ווענען) ביז אונזער מאָגען־דור, וועלען מיר זעהן בחוש, אז די אל־טיטשקע האט זיך גערוקט... און רוקט זיך נאָך.

אמאָל האָט מען פון מענש קיין אנדער נוצען נישט געקאָנט ציהען, נאָר אָפּצובראָטען און אויפצופרעסען — האָט מען אזוי גע־טאָן. און ער היום ווייסט מען, אז ווייס פלייש איז געשמאַקער פאר נעגער־פלייש, פרויען־פלייש — אלס מענער־פלייש, און בכלל, אז ווער עס האָט נאָר מענשען־פלייש פארזוכט, דעם שמעקט שוין אפילו קיין קאַוויאַר, קיין אויסטערן, אזא מאכל מאכלים איז עס!

ווי לאַנג האָט נאָך געלעבט דער נאַקעטער מענש, זייט מען האָט איהם געכאַפּט? אזוי לאַנג, ווי דער כאַפּער, זיין נאַקעטער ברודער, האָט איהם געקאָנט אויפפרעסען ראשו ורובו — ווייל אונ־זער נאַקעטער זיידע האָט געהאַט אין זיך חיות פון א שלייען, וואָס וואָרפט זיך צושניטענערהייט אין א פאָן. — עס האָט פאַרט נאָר געקאָנט דויערען א רגע כמימרא, ווייל אונזער נאַקעטער עלטער־זיידע האָט נישט געהאַט קיין געלט, פוילע קראַנקע ציין, ווי מיר... אלטע, וואָס וואַלטען שוין קיין ציין נישט געהאַט, זענען אויף דער וועלט נישט געווען, מען האָט זיי געקוילעט צו דער צ י י ט!

לענגער אביסעל האָט דער געפאַנגענער געלעבט, ווען דער מענש האָט זיך אזוי פיין אויסגעבילדעט, אז ער האָט פאַרשטאַנען צו האַלטען, מאַכען און נוצען פייער...

איידער מען האָט אָנגעלעגט א פייער, איידער עס האָט זיך צוברענט, האָט דער געפאַנגענער געקאָנט אָפּלעבען א פאָר שעה; ווייל עס זענען נאָך דאַמאָלט קיין צינד־העלצער נישט געווען, און מען האָט געמוזט רייבען איין האָלץ אָן צווייטען.

אויך האָט עס זיך געקאָנט טרעפען נאָך א רעגען, ווען דאָס ברענהאָלץ איז נאַס געווען!...

ווען אונזער געפאַנגענער זאָל געוועזען קאָנען שרייבען, וואָלט ער צייט געהאַט א צוואה צו מאַכען, און עמיצען שענקען די צו־שפּאָלטענע ביינער, נאָכ׳ן ארויסנעמען דעם מאַרך.

די אלטיטשקע האָט זיך ווייטער א רוק געטאָן, און אדם הראשון׳ס אייניקלעך האָבען אָנגעהויבען צו פאַרשטעהען די דינים, וואָס היינט ווייס יעדע קעכין, היינו: אז אויב מען לעגט נישט אריין, נעמט מען נישט ארויס, אז א געשטאָפּטע לעבער איז בעסער

ווי אן אומגעשטאָפּטע, און — אז אין דער פינסטער ווערט פּעטער די גאַנז.

קוים איז דער מענש צום שכל געקומען, האָט שוין דער גע־פאַנגענער געהאַט גאַנצע וואָכען געשענקט לעבען! און וואָס פאַר א לעבען! אמת, מען האָט איהם געהאַלטען ערגעץ אין א לאָך, אין דער פינסטער, אבער עסען האָט מען איהם געגעבען דאָס שענסטע, דאָס בעסטע! און געלעבט האָט ער אמאָל לאַנג, גאַנץ לאַנג... עס האָט זיך געטראָפען א האַלב יאָהר, א יאָהר! וואָלט דער געפאַנ־גענער געהאַט די מיטלען, וואָס מיר נוצען אויף אָפּצעהרען, וואָלט ער אפשר נאָך לענגער געלעבט; עס האָט אבער דאמאָלט נאָך קיין עסיג אפילו נישט עקזיסטירט, און אפילו די דאַמען זענען דיק און שטאַרק געוועזען. —

דערווייל רוקט זיך אליץ ווייטער די וועלט!

מען דערזעהט, אז דעם מענשענס הענט און פיס, אָדער — זיין ארבייט, זענען מעהר ווערט אלס זיין פלייש.

און דער מענש איז שוין אזוי ווייט געבילדעט, אז ער קאָן זיך איינהאַלטען, נ י ש ט פאָלגען דעם יצר־הרע, נ י ש ט נאָכ־געבען דעם „קאַלדאָן“ — נאָר פארזאָרגען זיך אויף שפּעטער!

דאמאָלט ווערט שוין פון דעם „געבראַטענעם“ אן עבד כנעני, וואָס קאָן לאַנג, גאַנץ לאַנג לעבען, אויב ער ברענגט נאָר נישט זיין בעל־הבית אין בעס אריין, אָדער — אויב דער בעל־הבית ווערט נישט זעהר שטאַרק הונגעריג...

א גאַנצען זומער, ווען דער טייך וואַרפט ארוים פיש, ווען אויף די בוימער איז דאָ אויבס און אויף די פעלזען — ווייכע, ווייסע חלזונות (שלימאַקעס) איז ער אודאי זיכער מיט'ן לעבען.

די געפאַהר איז נאָר גרוים געוועזען ווינטער־צייט...

נאָך א געפאַהר איז געוועזען — פון מזבח! די וועלט רוקט זיך לאַנגזאַם, נאָר דער מזבח מיט'ן כהן נאָך לאַנגזאַמער... די רע־ליגיען ווילען נישט וויסען פון קיין נייעס...

די מצריים, למשל: פלעגען מוזען קוילען די קרבנות מיט שטיינערנע מעסערס, כאָטש עס זענען שוין חלפים לאַנג אויף דער וועלט געוועזען; די גייסטליכקייט טראָגט שטענדיג מלבושים פון עטליכע הונדערט יאָהר צוריק... און דעריבער האָט נאָך לאַנג גע־רויערט איידער מען האָט פאַרטוישט מענשען־קרבנות אויף קעל־

בער. דעם ערשטען טויש האָט געזאָלט מאַכען אברהם־אבינו... נאָר נישט אין דעם בין איך אויסען: זכות אבות איז שוין היינט אין יוסטער־גאַס, אַלטע וועקסעל צאָהלט מען נישט!

נאָר די אַלטיטשקע האָט זיך ווייטער געריקט... די געטער (דאָס הייסט: זייערע פּלעניפּאָנטען אויף דער ערד) האָט אַנגעהויבען שמעקען קעלבערענס, און דער עבד כנעני איז נאָך זיכערער געוואָרען מיט'ן לעבען!... כאָטש נישט אַזוי קורץ, ווי איך דערצעהל, איז עס געשעהען. כאָטש ווען מיר וועקען היינט אויף די אויפגעפרעסענע מענשען פון יענע דורות, וואָלט פאַר אונזערטוועגען קיין שטויב אויף דער ערד געבליבען, כאָטש דער פּראָגרעס האָט זיך נישט געמאַכט מיט אַמאָל — פריהער האָט מען עס געאַסר'ט מענשען־פליישׁ פאַר נקבות*), דערנאָך פאַר מאַנספּאַרשוינען און דערנאָך ערשט דעם מזבח אָדער דעם גייסטליכען — נאָר שטעהן שטעהט נישט די וועלט, און זי האָט זיך ווייטער געריקט!

דער מענש איז וואָס אַמאָל שפּאָרזאַמער געוואָרען, קאַרגער. ער האָט דעם עבד כנעני געהיט נישט ווייניגער, ווי אונזערע פוּערען דעם אינווענטאַר. די לייב־אייגענע (עבדים כנענים) האָבען דאָדורך אפשר בעסער אויסגעזעהן, ווי זייערע לעדיג־געהער, די בעלי־בתים.

געבילדעטער זענען זיי אודאי געוועזען; זיי האָבען געאַר־

---

*) ווען איינער פון די גרויסע חסידים, וואָס עסט נישט צוזאַמען מיט'ן ווייב ביים טיש, זאָל וויסען, אז דער מנהג קומט אַרויס פון יענער צייט, ווען דאָס ווייב האָט נישט געטאָרט עסען דאָס זעלבע, וואָס דער מאַן, ווייל נאָר ע ר האָט געמעגט עסען מענשען־פליישׁ און זי נישט, וואָלט ער זיכער פאַרלוירען דעם אַפּעטיט — ווענינגסטענס צום נאַרישען מנהג. אַניט וואָלט ער באָטש געדאַרפט זיין קאָנסעקווענט און נישט עסען מיט'ן ווייב אין איין צייט אויך. ווייל עד היום ביי די ווילדע אין אמעריקא און אויסטראַליען טאָר דאָס ווייב זיך נישט צוריהרען צום עסען, ביז דער מאַן האָט אָפּגעגעסען און איז איינגאַנצען זאַט. מעהרסטענטיילס, נאַטירליך, האָט דאָרט דאָס ווייב דעם אייגענעם סוף, וואָס אונזערע אָרעמע אידענע האָט, ווען זי שיקט דעם מאַן עסען אין סוכה אַריין... פון דאַנען אויך נעמט זיך דער מנהג, וואָס די בעל־הבית'טע טוילט ביים טיש און זעלטען זי זאָל זיך נישט פאַרטיילען.

בייט און געווארען מיט דער צייט בעלי־מלאכות און אפילו קינסט־לער!

שלעכט איז נאר געוועזען אין א הונגער־צייט, ווען עס האט פארפעהלט עסען, אדער ווען די עבדים כנענים האבען זיך אזוי געמעהרט, אז מען האט פון זיי אזוי פיעל ארבייט, וויפיעל זיי האבען געקאנט געבען, נישט געקאנט נעמען... און בפרט, אז מען האט מורא געהאט פון זייער צד פאר א מרידה...

אזא צופאל איז געוועזען אפילו אין גריכענלאנד! נאר עס איז שוין געוועזען א געבילדעטער דור, מענשען־פלייש האט מען שוין נישט גענעסען, און פרעה'ס עצה — ווארפען אין וואסער אריין, האט נישט געפאסט צו דער גריכישער בילדונג. האט מען זיך אן אנדער עצה געגעבען: מען האט אריינגעטריבען די איבעריגע עבדים, די נישט נויטיגע בעלי־מלאכות, קינסטלער, זינגער, פילא־זאפען אין וואלד אריין, און די יונגע מיוחסים האבען זיך אויף זיי געלערענט שיסען. כל־זמן די קנעכט זענען אנטלאפען אויף דער ערד, האט מען געזאגט א יהי רצון: אלוהי, א ווילד־חזיר! איז אבער איינער ארויפגעשפרונגען אויף א בוים, האט מען איהם אלס פויגעל געשאסען...

עס האט אזוי לאנג געדויערט, ביז מען האט רעגולירט די צאהל מענשען מיט'ן עשרות פון עסענווארג; געמאכט יעדען צוריק נוצליך און — שלום ושלוה! קיין נוצליכען מענש האט מען נישט געריהרט! נישט געשאסען, אפילו נישט געטריבען! —

און די וועלט האט זיך ווייטער גערוקט!

מען האט איינגעזעהן, אז דער „עבד כנעני", וואס קאן גאר־נישט „זוכה" זיין, קאן גארנישט זיין אייגענס האבען, ווייל „מה שקנה עבד קנה רבו" — אלץ, וואס דער קנעכט דערווערבט, געהערט צום בעל־הבית — און דעריבער, אז ער ארבייט אפילו, ארבייט ער אהן חשק, אבי איבערצוקומען, אבי יוצא צו זיין; דאגעגען א מענש, וואס ארבייט פאר זיך, ארבייט מיט מעהר כח, מיט מעהר חשק און איז דעריבער מעהר נוצליכער — האט מען די נוצליכע מענשען באפרייט... און אזוי איז געקומען ביז צום היינטיגען טאג.

עד היום איז דער „נוצליכער" מענש, דער, וואס מען דארף איהם נויטיג — זאט; און מען היט איהם, ווי אן אויג אין קאפ... עד היום שטאפט מען הינער און גענז! און אפילו די שוואלב

ווייל מען מיינט, אז זי עסט אויף נאר ווערים און ריהרט נישט קיין תבואה, איז אויך זיכער מיט'ן לעבען, כאטש זי גלויבט אפשר אין גארנישט...

מען דארף נוצליך זיין, אט דאס איז דער כלל. און דעריבער הויב איך, ליז, אן צו קלערען, צו וואס נוץ איך אייך? איך האב אייך ווייטער נישט געקאנט מאכען לאכענדיג!

איך פיהל מיך דעריבער שרעקליך דענערווירט און מיר דאכט זיך, אז די גאנצע „נאטור" איז נערוועז, עס איז שפעט ביינאכט און זי קאן נישט איינשלאפען. דא רופט זיך אן א הונט, דא א קאץ, דא גיט א בלאז, עמיץ — א זיפץ... עס ציטערט אויף מיר די הויט!

אום מיך צו בארוהיגען און די נאטור איינצושלעפערען, פרואוו איך מיינע כחות אין געזאנג.

איך שפרינג אויף פון געלעגער, הויב אויף די רעכטע האנט צום הימעל, לעג די לינקע אויפ'ן הארץ, און באמיה זיך ארויסצו־נעבען א פאר טענער. דערביי עפען איך די אויגען און פיהל בחוש, אז מיין זיסער קול געהט מסוף העולם ועד סופו. איך ווייס נישט, פון וואנען עס האט זיך צו מיר גענומען, נאר די גראמען פאלען מיר אויס'ן קאפ ארויס אזוי לייכט, אזוי גרינג, אז מיר הויבט אן דאכטען, אז עס שטעקט עפעס טאקע אין מיר א מין משורר! און עס איז א פארגעניגען מיט די גראמען... גארנישט, מען דארף נישט דענ־קען, מען מעג קיין פולווער נישט געפינען, אבי עס קלינגט...

וואס פעהלט, למשל, מיין קאמפאזיציע, וואס איך האב דאר־מאלט געמאכט? זאגט אליין?

הימעל, נישט דונער!
שטערן, נישט שיין!
לבנה, נישט שימער!
שטילער זאל זיין!

הוידע נישט, צווייג!
וואלקען, נאר שטעה!
ווינטעל, דו שווייג!
ערדעל, נישט דריי!

ים'על, זיי שטום!
רעגען, נישט קאַפּ!
בערעל, נישט ברום!
פּערדעל, נישט כראַפּ!

פרעשעל, נישט „קוואַ"!
לאַשאַק, נישט „הע"!
פייגעלע, שאַ!
עקסעל, קיין „מע"!

לייבעלע, קיטש!
קעצעל, קיין לעק!
דו, קוה, קיין מריטש!
קעלבעל, קיין בלעק!

ווייבעל, קיין פּשיק!
מיידעל, נישט קראַץ!
בטלן, קיין קניק!
שאַט'ס אַלע, שאַט'ס!

שטילער, נאַטור,
שטילער, „דו שלעכטס"!
שטילער, איך ליג
וויל געבען אַ קרעכץ!

און עס איז מיר אויף אָרט און שטעל גרינגער געוואָרען. די נאַטור איז איינגעשלאָפען, איך אויך.

און עס האָט זיך מיר גע'חלום'ט, אַז איך האָב דאָס געדיכט פון ערגעץ ארויסגע'גנב'עט. נאָר, אַז א י ד קאָן מיך נישט דערמאָנען, ווער עס האָט עס געשריבען, און וואו עס איז געדרוקט געוואָרען, וועט דער לעזער — טראַכט איך — אודאי נישט ווי־סען, און דאָס איז דער עיקר!

דאָס אַלץ איז אָבער פּאָרט נישט צום לאַכען!

איך טרייסט מיך נאָר מיט דעם, וואָס איך האָב צו טון מיט

אידען רחמנים בני רחמנים; מיט אידען, וואס זענען יוצא מיט אז ערוב, מיט בטול חמץ, מיט א יהי רצון פאר קרבנות.
אידען! אפלייענענדיג דעם פעליעטאן, זאגט א יהי רצון — גלייך איהר וואלט געלאכט און זייט מוחל דעם

לץ פון דער רעדאקציע.

.1891

# אויך א פעליעטאָן.

מען האָט געפרעגט א דאָן־זשואַן, פאַרוואָס ער האָט נישט ב ע ס ע ר חתונה, האָט ער לפי תמו געענטפערט, אז ער האָט מורא! וואָרים וועמען זאָל ער נעמען? א בתולה? ווער ווייס, וואָס עס וועט פון איהר אַרויס? עס קאָן זיין א „מצא“, עס קאָן זיין א „מוצא“, און איינצושטעלען זיך האָט ער מורא; אויפקלייבען, וואָס יענער וואַרפט אַוועק — נעמען א גרושה, וויל ער נישט. אן אלמנה, וואָס האָט שוין איינעם געפיהרט צי געטריבען אין זיין רוה אריין, איז א געפעהרליכע זאך. אמבעסטען איז דעריבער אן אשת איש — „אז זי טויג פאַר יענעם, טויג זי פאַר מיר אויך!“...

עס הייסט אפילו „עזות'קייט“, „גבול־פה“, עס איז דאָך די אייגענע לאָגיק, אָן וועלכער עס האַלטען זיך אַלע אונזערע סוחרים...

הונדערט יאָהרען געהען פאַרביי, טויזענטער יונגעלייט געהען אַראָפּ פון קעסט, און קיינער זוכט זיך נישט קיין נייע פרנסה. וואָס א נייער סוחר, איז א נייער קאָנקורענט צו דער א ל ט ע ר סחורה... זוכען א נייעם אַרטיקעל איז אַן איינשטעלעניש, מען קאָן אַריינפּאַקען די פּאָר גילדען און דערנאָך — לעג די ציין אין בייטעל אַריין! אָפּקויפען ביי יענעם א ג ר י י ט געשעפט, איז קיין סברא נישט; עס זאָל גוט זיין, וואָלט עס יענער קיינעם נישט פאַרגינען, בפרט איבערנעמען ביי א באַנקראָט! אזא געשעפט איז שוין א קטלנית, א געפעהרליכע זאך... אמבעסטען איז דאָס, וואָס אַלע האָבען; אז עס לוינט פאַר יענעם, וועט לוינען פאַר מיר אויך...

און דעריבער, ווער עס געהט אַראָפּ פון קעסט, מאַכט זיך א שענק „נאָ וויפּיוואָקו“ אָדער „נאָ ווינאָס“, עפענט א געוועלבעל מיט די אייגענע מינים, וואָס אַנדערע האָבען, אָדער קויפט זיך א שטעקעלע און הויבט זיך אָן אַרומדרעהען גלייך מיט אַלע אין גאַס...

נאר פאר דאס — ה א ט זיך שוין איינער איינגעשטעלט דאס לעבען און געבראכט א נייעם מין, מוז עס שוין מארגען זיין אין אלע גאסען; „אז עס לוינט פאר יענעם, לוינט פאר מיר אויך"... מעג עס זיין שיך, סמאלע, פרוכנא... אלץ איינס...

דאס איינגענע געשיהט אין א ו נ ז ע ר געשעפט — אין דער ליטעראטור, מיין איך — אויך. איך ארעמער לץ האב געוואלט זיין אין מיין ווינקעלע א יחיד. אלע מיינע חברים האנדלען מיט האניג און בוימאויל... אויב מען איז נאר נישט קיין איסטנים, מען האט נישט קיין פאראורטייל, איז גארנישט שלעכט! א י ך האב אבער געוואלט זיין א יחיד און אנגעהויבען האנדלען מיט נאל, ווערמוט און סם פאר מייז... באדיי א שטיין — האב איך געטראכט — אבי אליין. איך האב געוואוסט, אז אמת איז די ערגסטע סחורה, נאר איך האב גערעכענט, אז אפילו די ערגסטע סחורה, אז זי איז נאר אין איין האנט, קאן זי אויך נעבען אפצולעקען א ביין...

נאר קוים האב איך מיין קלייטעל געעפענט — עס איז דא א קאנקורענט — ר' ראובן ב"ר אשר ברייני!

אז עס לוינט — האט ער געטראכט — פאר מיר אין ווארשוי, וואו מען קאן מיר יעדען טאג טרעפען מיט א שטיין אין קאפ לוינט פאר איהם אין וויען אודאי!

און באלד שטעלט ער זיך פאר דער טיר אין זיין „ממזרח וממערב", און הויבט אן צו ווענען אמת אויפ'ן קווינט און אויפ'ן לויט!...

„ווער עס מיינט — רופט ער אויס בקול רם — אז אין די לעצטע צייטען איז אונזער ליטעראטור אנטוויקעלטער, ברייטער און רייכער געווארען — דער נארט זיך אדער יענעם; אניט, פארלאנגט ער אזוי ווענינ פון דער ליטעראטור בכלל און פון אונזערער בפרט, אז ער געפינט דאס, וואס ער דארף, ביי אונז אויך"...

ער זאגט, אז אונזער ליטעראטור איז אן אוצר, אין וועלכען עס ליגען באהאלטען כאמע שברי כלים: „שארבאנעס און שמאטעס, און דאס אלץ איז נאך, פאר שעהנקייט ווענען, בארעקט מיט טויזענט־יאהריגען שטויב און באהאנגען מיט אלערליי שפינוועבס"...

אונזערע געלעהרטע — זאגט ער ווייטער — זענען נישט קיין שווערע, מאסיווע סחורה; זיי זענען נאר לייכטע קארקעס. „וואס

שווימען ארום פון אויבען אויף די שוים־בלעזלעך" פון וואסעריגען לעבען; „ט י פ ע ר נעמען, א ר א פ ל א ז ע ן זיך, ד ע ר־ ג ר ו נ ט ע ו ו ע ן עפעס" — פאלט זיי גארנישט איין... די קליינע מח'לעך זענען יוצא מיט איבערפלעכליכע קלייניגקייטען, מיט נארישקייטען"... „זיי האבען קיין אידעען נישט, נאר עפעס א שאַ־טען פון (פרעמדע) אידעען"... וואס קאנען זיי געבען דעם לעזער. אז „זיי אליין קלויבען נאר שירים" פון אונטער פרעמדע טישען. און די קליין־מוח'יגע, קורצזיכטיגע שרייבערלעך רעדען זיך נאר איין, אז זיי טוען עפעס, און בארען זיך מיט „טפשות פה ונבול עט"...

---

ווי אזוי מען זעצט איבער „טפשות פה און נבול עט", אסור, אויב איך וויים... א „מאוס־מויל" און א „פוילע פעדער", איז נאר ווענינ... „טפשות פה" און „נבול עט" איז א פעליעטאן א לא לע־ווינסקי... נאר ווער עס האט איהם נישט געלעזען, דער וועט שוין נישט פיהלען דעם טעם, נישט וויסען דעם ריח...

נאר ווי עס איז, איך האב געקרינגען א קאנקורענט...

עס ליגט פאר מיר אויפ'ן טיש א גאנצער בארג מיט ספרים... נאר וואס זאל איך רעדען איבער זיי, אז בריינין האט מיר די ווער־טער פונ'ם מויל ארויסגעריסען. אז איך שטעה מיט א טרוקענער צונג און קאן זי נישט איבערדרעהען! אמת איז, אז ער האט גע־מיינט די העברעאישע ליטעראטור, און פאר מיר ליגט נאך א בארג אידיש, „ריין אידיש"... נאר — מה נשתנה? ו ו א ס איך וועל שרייבען, וועט מען אלץ זאגען, אז איך האב ביי בריינינ'ען גע'גנב'עט און מען וועט נאך צווישען אונז אנמאכען א שלעכט לעבען...

איך וועל שוין בעסער היינט איבער ליטעראטור נישט רע־דען... איך וויל פרואווען רעדען פון בילדער.

---

איך האב געזעהן א בילד; ערגעץ אויף אן אויסשטעלונג און אפשר נאר אין חלום.

עס איז טיילמאל גאנץ שווער צו געפינען די גרענעץ צווישען חלומות און לעבען... גאנץ אפט חלומ'ט זיך, אז די קוה איז געפלויגען איבער'ן דאך, כאטש זי שטעהט פעסט צוגעבונדען אין אבארע; און טיילמאל געשיהט אזוינס, וואס עס האט זיך קיין פילאזאף נישט גע'חלומ'ט... טיילמאל שטעקט אינ'ם חלום אזוי פיעל לעבען, אזוי פיעל אמת, אזוי פיעל ברענענדיגע צרות און אזא לעבעדיג נחת, אז דאס לעבען איז דערנאך אהן לעבען, אהן א קאליר, אהן פארב... און אזוי טרויעריג־גרוי, גלייך עס וואלט אייביג געווען צווישען טאג און נאכט!... קורץ — די חלומות מיט'ן לעבען זענען גאנץ אפט אזוי צוזאמענגעוויקעלט, אזוי פארקניפט, אז עס איז קיין וואונדער נישט, אויב קייזער ווילהעלם וויל פרואווען שפילען ביי דעם קנופ די ראלע פון אלכסנדר מוקדון!... און דעריבער האט ער טאקע פאר א נייע פארטי רעקרוטען געהאלטען א רעדע און געזאגט, אז ער האפט, אז זיי זענען פרום, גלויבען אין גאט און וועלען ציהען די שווערט נישט געגען די פראנצויזען אליין, נאר אפילו געגען אייגענע שוועסטער און ברידער, אויב עס וועט זיך זיי עפעס חלומ'ען...

נאר דער קייזער ווילהעלם האט כאטש אפענע אויגען; ער זעהט, וואס עס טוט זיך. ער גיט אכטונג! נאר אנדערש איז געווען אויפ'ן בילד, וואס א י ך האב געזעהן...

אין הויף ברענט... דאס פייער ליגט שוין אין די פענסטער פון א גרויסער, ברייטער, ליכטיגער שטוב... די פלאמען שלענגלען זיך אינמיטען געדיכטען רויך... אט, אט וועלען פלאצען די שויבען און דער פייערדיגער ים וועט זיך אריינגיסען אין שטוב אריין...

אויף א שעזשלאנג זיצט האלב אנגעלעהנט א בלאנד קינד פון א יאהר צוויי, לעבען שעזשלאנג, אויף דער פאדלאגע, ליגט דאס שפילצייג, וואס עס האט ערשט ארויסגעלאזט פון הענטעל... א פארצעלייערנע פופע, איז, אראפפאלענדיג, צושפאלטען געווארען, און פון איהר געעפענטען לייב קריכען ארויס די וואילאקענע געדערעם... דער גומענער פאיאץ צאפעלט — נאר איהם האט דאס פאלען נישט געשאדט...

דאס קינד קוקט גלייך אין פייער אריין. דער אפגלאנץ רויטעלט איהם דאס בלאסליכע פנים... עטליכע ליכטיגערע שטראלען בלאנקען זיך צווישען זיינע זיידען־גאלדענע האר... אין די קיי־

לעביג געעפּענטע אויגען ליגט מעהר פארוואונדערונג אלס שרעק... און עס אָטעמט שטיל מיט'ן אָפענעם מיילעכעל... עס זענען דאָ עלטערע מענשען אין שטוב, נאָר זיי באמערקען נישט דאָס פייער.

אין אנדערען עק צימער געהט א פּרעפערענס ביים גרינעם טי־שעל; אויפ'ן טיש ליגען שפּיל־מארקען, נאָר זיי גלאנצען, ווי גאָלד; מען שרייבט האסטיג מיט קרייד אויפ'ן טוך, די נאסע בארשט זאָל האבען וואָס אָפּצואווישען... מען ליציטירט פארברענט, כאָטש די האָפנונג שטעקט אינ'ם בלינדען טאָלאָן. און די שפּילער זיצען איינ־געבויגען, גלייך א הימעל וואָלט זיי געלעגען אויף די פּלייצעס... פון גאָלען קאָפּ רינט איינעם א טראָפען שוויים איבער דער נאָז; דער צווייטער קוקט מיט א פעסטען שטאָלענעם בליק, גלייך ער וואָלט א קאָנטראקט געהאט מיט'ן מזל; דער דריטער האָט פאר־ביסען די ליפּען און ווארט אויף יענעמס א פעהלער; דער פיערטער שיקט ארום די לויפענדיגע אויגען, ווי שפּיאָנען צווישען די פרעמדע קארטען...

זיי שפּילען אפשר עהרליך, נאָר זיי מיינען, אז דער קלענסטער טעות, א ניינטעל אויפ'ן אָרט פון א קעניג, קאָן אומקערען די וועלט...

אז עס איז א שרפה אין הויף — דאָס פאלט זיי גאָרנישט איין!

זיי זענען צו פארנומען, זיי זאָלען אכטונג געבען, וואָס הינ־טער זיי טוט זיך!

---

אכטונג געבען איז א באזונדערע מתנה פון גאָט... דאָס לע־בען איז א חדר, א שווערער חדר, נאָר נישט אלע האָבען א גלייכען מזל, נישט אלע ווילען, מערקען און קענען גלייך...

---

נישט נאָר אין חדר טרעפען זיך תלמידים, וואָס גיבען נישט אכטונג; דאָס לעבען איז א גרעסערער חדר און האָט אויך אזוינע שילער! אלע לערנען אין חדר, נאָר נישט אלע גיבען אכטונג, און נישט אלע לערנען גלייך!

עס זענען פאראנען  ג ל י ק ל י כ ע  תלמידים. זיי גיבען נ י ש ט  אכטונג, גארנישט, און דער רבי טאר אויף זיי קיין האנט נישט לעגען, נישט איבערשרעקען, קיין בייזע מינע מאכען. זיי לערנען נאר שפּילענדיג... זיי האָבען אפילו פאר'ן פארהערען קיין מורא נישט... זיי ווילען סיי ווי סיי קריגען א קניפּ אין בעקעל און א שטיקעל טאָרט מיט א מאַקאראָנע אין מויל אריין... זיי שווימען דורך דער לערען־צייט אַהן א ווינטעל קענענאיבער, אַהן א פאליע איבער'ן קאָפּ, אַהן א שלוק געזאלצען וואסער... זיי שווימען טאַנצענדיג, לוסטיג, ווי לעדיגע פּאַכירען איבער דעם זילבערנעם שוים, אונטער'ן בלויען הימעל; אַהן א בליץ אין די אויגען אריין, אַהן א דונער, וואָס פארטויבט די אויערען, און מיט א פרעהליכען ליעדעל אין מויל... זיי האָבען שטענדיג פרייע קעפּ, די מוחות זענען אויסגעבעטט מיט שניי־ווייסען פויגעל־פּוך... און די נשמה ליגט שטיל און רוהיג, ווי א ווייס־זילבערען ווערימעל אין א פוילער נוס... פון קליינעם לעכעל אין דער לעדיגער נוס קוקט עס אמאל ארויס אויף דער פרייער וועלט, נאָר באלד באהאלט עס צוריק דאָס קעפּעל אין איינענעם... אַש!

עס זענען אויך פאראנען תלמידים, וואָס  ק אָ נ ע ן  נישט לערנען.

טייל ווערען געבוירען אַהן פיס, אַהן הענט, מיט א שוואכע ברוסט, אדער אנדערע פעהלער אין גוף; אנדערע ווערען געבוירען מיט עפּעס א פעהלער אין די געהירן. עס ווערט געבוירען א מענש מיט א געזונטען קערפּער, מיט אן אייזערנעם לעבען, ווייסע ציין און פינף אָפענע חושים... נאָר פון די אויגען קוקט קיין נשמה נישט ארויס, נאָר דער בויך; דורך די אויערען הערט נאָר דער מאָגען, דורך דער נאָז פיהלט נאָר די קישקע! די הענט טאַפּען, צי לאָזט זיך נישט עפּעס עסען, די צונג אין מויל איז זיך מתיעץ מיט'ן גומען! צי וועט עפּעס אריין בשלום?

מעהר איז נישט זיין דאגה... מעהר דאַרף ער נישט און וויל נישט אכטונג געבען!

אנדערע זענען ווייטער צושטרייט, אַהן ערנסטער כונה, אַהן זיצ־פלייש... מעהר ווי א רגע קאָנען זיי קיין זאך נישט שענקען! דאַרווין (ווער דאַרווין איז, האָט שוין אפילו דער ראַדזינער רבי

געוואוסט), פארצעהלט פון א קונצען מאכער, וואס איז ארומגע־פאהרען מיט געלערענטע אפען. וואס פאר א קונצען די אפען האָ־בען באוויזען, צי האבען זיי גענעסען מיט מעסער און גאָפּעל אָדער קריטיקען געשריבען צו פינף רובעל פער שטיק ביים מחבר און נאָך פינף ביים רעדאקטאר — דאס פארצעהלט ער נישט. ער פאר־צעהלט נאָר, אז דער קונצען־מאכער פלעגט די אפען קויפען אין זאאלאגישען גארטען אויף א צוויי־פאכיגען פרייז. פופציג רובעל פער שטיק האט ער געצאהלט אומאויסגעקליבען, און הונדערט רו־בעל פער שטיק, אויב מען האט איהם ערלויבט די אפען אהיים צו נעמען און אויסצופּרואווען, אויב זיי זענען פעהיג צו די קונצען. אויף דער פּריוו האט ער זיי געהאלטען איינגאנצען עטליכע טעג. אז מען האט געפרעגט, ווי עס איז מעגליך אין אזא קורצער צייט צו וויסען, אויב פון לאנג־עקיגען תלמיד וועט ארויס א לייט, אָדער ניין? האט ער געענטפערט, אז עס איז גענוג! אויסלערנען, זאגט ער, קאן זיך יעדער אף, די פראגע איז נאר: אויב ער וועט קאָ־נען אכטונג געבען! און אויף דעם האט ער געהאט א פּראסטען סימן: איז דער אף, בשעת'ן לערנען געשטאנען רוהיג און אויס־געהערט, וואס מען האט צו איהם גערעדט, און צוגעזעהן, וואס מען האט איהם געוויזען, איז ער ווערט געוועזען א הונדערטער! האט זיך איהם אבער אינמיטען געוואלט כאפּען א פליג אייף דער האנט, אָדער נאָכיאָגען א געווארפענע באל, איז א סימן, אז דאס איז אן אף — א לא־יצלח, אז עס וועט שוין פון איהם קיין רעכטער אקטיאר נישט זיין...

אין אונזער חדר זענען אויך דאָ אסך אפען, וואס וועלען זיך שוין קיינמאל גארנישט אויסלערנען... זיי הערען נישט, זיי זעהען נישט — אָדער בעסער געזאגט — זיי הערען און זעהען צופיעל, זיי באשעפטיגען זיך גלייך מיט'ן גרעסטען און מיט'ן קלענסטען, יעדען שענקען זיי א רגע און נישט מעהר... וואס זאגט אויף זיי דער רבי? ער זאגט, אז פון די אפען וועט קיינמאל קיין לייט נישט זיין... עס דאכט זיך זיי, אז דער קלענסטער צופאל, וואס עס איז, א פליג איז אוועק געפלויגען פון ארט, א באל איז דורכגעלאָפען, באטענבערג האט חתונה געהאט, די ענגלישע קעניגין האט איינעם דערלאנגט די לינקע האנט, קאפּריווי איז אראפּ און ביסמארק איז ארויף — און נאָך אזוינע קלייניגקייטען קאנען איבערקערען די

וועלט מיט'ן קאָפּ אַרויף, מיט די פיס אַראָפּ; ווייל ביז אהער איז זי זיכער געשטאַנען פאַרקערט... זיי קאָנען נישט אָכטונג געבען און דערזעהן, אַז די פּלעוועס, וואָס פליהען אַרום דער מאַשין, האָבען גאָר קיין פּעולה נישט אויף די רעדער מיט די ציין, וואָס מליטשען אונזער קולטור... זיי ווייסען אפשר גאָרנישט, אַז עס איז פאַראַנען רעדער מיט ציין, זיי זעהען נאָר אַ הילצערנעם קאַסטען... דאָס רייבען, ריטשען, טראַסקען, די אַלע משונה'נע קולות, וואָס קומען פון דער מאַשין אַרויס, פאַרשרייבען זיי אפשר גאָר אויף אשמדאי'ס חשבון; אַ קשיא אויף אַ מעשה!...

נעכטען, למשל, האָב איך געטראָפען מיינס אַ באַקאַנטען אין גאַס.

— דו ביסט נאָך דאָ? — פרעג איך איהם פאַרוואונדערט. איך ווייס, אַז די אייראָפּעאישע בילדונג איז איהם נמאס ומאוס געוואָרען, איהר ציוויליזאַציע האָט'ן דענערווירט, ווי אַ שיכור'ער קאָנצערט אויף אַ צעסטראָיעטען פאָרטעפּיאָן... עס האָט זיך אינ'ם אויפגעוועקט אַ ליעבע צום „מאָרגענלאַנד“ מיט הארעמען, עאונוכען (סריסים) און באַמבוס־קלעפּ אויף נאַקעטע פּיענטעס... ער האָט זיך געזעגנט מיט'ן ווייב, פאַרקויפט די כלי־בית און געשאַפען זיך אַ פּאַספּאָרט מיט אַ בריף צום ועד־הפועל. איך האָב געמיינט, אַז ער ליגט שוין לאַנג אויסגעשפּרייט אויף דער מאַמע רחל'ס קבר. פּלוצלונג ער איז דאָ!...

טפו! טפו! טפו! האָב איך דריי מאָל אויסגעשפּיגען. נאָך ער נעמט מיך אָוועק אין אַ זייט און רוימט מיר איין אַ סוד:

— ווייסט? די פראַנצויזען געהען קיין מאַדאַגאַסקאַר...

— נו? — פרעג איך פאַרוואונדערט.

— וואַרט איך!

דעם אייגענעם טאָג האָב איך געטראָפען אַ באַקאַנטען יונגענמאַן, וואָס האָט זיך געוואָלט מקריב זיין פאַר דער פאָלקס־בילדונג. ער האָט ביי מיר גענומען עטליכע זשאַרגאָנישע ביכלעך צו פאַר־

קויפען. „נו, ווי האַלט עס?“ פרעג איך איהם. „מען מוז וואַרטען — ענטפערט ער מיר — מען מוז זעהן, צי מען וועט ליעבקנעכטען אָפּגעבען פאַר־סוד“!

א פליג איז דורכגעפלויגען, א באַל שפּרינגט...

---

דער איינענער קונצען־מאכער, פון וועלכען מיר האָבען גערעדט, האָט נאָך געזאָגט, אַז די אַפען, וואָס גיבען אליין נישט אַכטונג, העלפט זיי נישט קיין שלאָגען, קיין שרייען, קיין בייזערען זיך; פאַרקערט — זיי ווערען נאָך מיניש און כל־בו'ניש, אַז עס איז די גאַל צו פאַרלירען...

נאָר אַפען זענען נישט די איינציגע ברואים אויף דער וועלט; עס איז דאָ א שפּאַר ביסעל קעלבער אויך... טייל זענען אפילו מחברים. קענט איהר נישט „קעלבערנע יוצרות“? די קעלבער זענען גוטע באַשעפענישען...

עס איז א פאַרגעניגען מיט זיי צו רעדען! אז דער הימעל שפּאַלט זיך, האָט נאָך קיין איין עקרה נישט א געשריי געטאָן: קאַלב! און דאָך ווערען קעלבער געבוירען, אבי געזונט! זיי קומען אויף דער וועלט אַהן שיר־המעלות'ן, אַהן א דאָקטאָר, אַהן א הויבען און דאָך איז זעלטען, א קאַלב זאָל פאַרבאַקען ווערען, אָדער נישט ארויסקומען צו דער צייט... א לייטיש קאַלב באַנעהמט זיך אַהן וויקעל־שנירען, אַהן וויגעלער, אַהן רייט־שטעה־ און זיצבענקלעך, און, איידער מען קוקט זיך אום, עס שפּרינגט שוין אויף אלע פיער און שרייט: „מע!“. פאַר קעלבער זענען נישט פאַראַן קיין תלמוד־תורה'ס, קיין חדרים, קיין שולען; אומגעלערענט, אומגעצויגען, שפּרינגט דערפון ארויס אַן אַקס... וועניגסטענס א קוה! עס האָט באַלד אַפען אלע חושים, האַרטע קאַפּיטעס, לאַנגע אויערען און שפּיציגע הערנדלעך און עס הויבט באַלד אָן צו זאָגען די קעלבערנע יוצרות!

אזא קאַלב איז צומאָל נישט מסופק! קוים איז עס ארויס אויף דער ליכטיגער שיין, ווייסט עס שוין, אז מילך איז נישט קיין קאַלעך, וואסער קיין עסיג און אז הערנער קומען צוניץ, נישט דוקא ווען מען האָט רעכט...

דאס איינציגע, וואס א קאלב דארף, עס זאל ווערען א לייט. און — די מוטער זאל עס אפלעקען! אין דער ליטא איז א מנהג, אויסצושמירען יעדעס ניי־געבוירען קעלבעל מיט האניג, די מוטער זאל עס וועלען גוט אפלעקען. אין דער ליטא, אפנים, זענען דא אסך עמאנציפירטע קיה, וואס גלויבען נישט, אז די נקבה איז באשא־פען געווארען נאר קינדער צו לעקען, און באנוצען אפשר די צונ־גען אויף באהאלטענע אסיפות... ביי אונז ווייסט מען פון קיין האניג נישט און דאר זענען אלע קעלבער אזוי ריין אפגעלעקט, אז עס כאפט אן ביים הארץ...

קוים איז דאס קאלב אפגעלעקט, פארמאגט עס שוין אלע פראוועס פון אן אקס, און קען אלע שבע־חכמות, וואס אן אקס דארף קענען... הלכות שחיטה לערענט עס נישט... „די לצרה בשעתה!". אז דער חלף וועט א בליץ טון, וועט שוין ליכטיג ווערען אין די אויגען; די רעשט זאכען האט עס שוין בירושה! קיין שום מלאך, אפילו נישט ד ע ר פון טשאלענט, וועט נישט אריינקריכען צו א קוה אין בויך אריין, צו שנעלען א קעלבעל אונטער דער נאז, עס זאל פארגעסען די קעלבערנע יוצרות און מוזען ערשט געהן אין חדר אריין צום אקס זיך לערנען אלף־בית.

און דעריבער זענען די קעלבער אזוי גוט!

א קאלב ווערט נישט פארזויגט, (אויב עס איז א חסרון!) מען אנטוויינט עס באלד! עס ליידט קיין צרות נישט פון אומריינע פלעשלעך און עס פארדארבט זיך קיינמאל נישט דעם מאגען...

דעריבער טרעפען מיר נישט ביי קיין קעלבער קיין מרה־שחורה, קיין אפיקורסות, קיין וועלט־שמערץ און עס וועט קיינמאל נישט וויסען, אפילו וואס ד ע ק א ד ע נ ט י ז ם איז... א געזונט קאלב ווייסט נאר קעלבערנע יוצרות...

א געזונט קאלב, אויב עס איז פאטעטיש, איז עס פאטעטיש פראסט און איינפאך! מיט איין „מע" פיהרט עס דורך א וועלט! דער איינענער „מע" איז אמאל טיף, ווי א ים, אמאל הויך, ווי דער הימעל, אמאל לויטער, ווי א טראפען טוי אויף א בלעטעל פון א רויז, און אמאל אזוי ווייכהארציג און געטריי, אז מען מוז עס מוחל זיין די קאפיטעס...

קיין קאלב וועט זיך נישט אויפשטעלען שטאלץ אויף צוויי פיס, וועט נישט פראווען זוכען קיין נייע וועגען, קיין נייע ווער־

טער; קיין איינציג קאלב זעצט זיך נישט אנידער איבערקלערנ.
אפשר נ י ש ט „מע“?!

קעלבערנע יוצרות גהען פון הארץ ארויס, פון דער שלינג אראפ! נאר אהן פילאזאפיע! די שפין וועבט, די ביהן גיט האָ־ניג, און דאס קאלב מאכט: מע!

און עס מאכט נישט קיין סיסטעם, עס זוכט קיין הארמאָניע, קיין צוזאמענהאנג... קיין טענדענץ... „מע!“ איז — „מע!“.

עס שטעקט אין איהם נישט קיין באהאלטענע כונות, קיין שפיצינער פייל, קיין פאר׳סמ׳טער וויץ, און בפרט נאך קיין גע־פעהרליכע אידעע... א קאלב איז בטבע גוט, עס וואלט שטענדיג געלעקט און געלויבט, מע! און מע!... ברענגט מען עס ווייטער פון געדולד ארויס — האט עס פאדקאָוועס!...

גלויבט מיר, ווען אלעקסאנדער קיעלאנד זאל געבוירען ווערען אין אן אבארע — וואלט מען איהם אויך בעסער פארשטאנען!

נאר ביי די אלע מעלות טובות קאן קיין קאלב נישט אכטונג געבען... עס ווייסט אמאל נישט וויפיעל דער זייגער איז, ווי דער קאלענדער האלט... אויב עס מאכט זיך א שרפה, געהט איהם אפיל: נישט אן. ווער עס לעגט אונטער, ווער עס וועט נעמען אסעקוראַ־ציע, נאר — ווען די אבארע ברענט, מאכט עס: מע־מע! שפרינגט עס אין פייער אריין און קומט אום על קדוש השם!

---

עס זענען נאך פאראנען תלמידים קעץ!

אלע ל״ג בעומר טאַפּיעט מען אן אלטע — און טאג־טעגליך ווערען געבוירען יונגע קעץ און דער מין וואקסט אויך ווי אויף הייוועז.

מיט קיין קאץ וועט איהר קיינמאל נישט דורכקומען, איהר וועט זי קיינמאל גארנישט אויסלערנען...

די אלטע איינגעשרומפענע, שטענדיג באשעפטיגטע צייט זיצט ביים רעדעל און שפינט איהר אייביג לאנגען, פארשידען־פארביגען פאדים...

און דאס פרעהליכע פעליעטאָנישע קעצעל מיינט, אז דאס

שפּינט מען איהר אַ שפּילעכעל, עס שפּרינגט צו פּעליעטאַניש לוס־
טיג, און וויל אַרויסכאַפּען די קנויל פון דער שוים, שפּילען זיך
מיט איהר אין באַל, פאַרוואַרפען אין שפּיי־קאַסטען, פאַרשלעפּען
אין אַ מייזען־לאָך!

אוי, קאַץ, קאַץ! דאַס שפּינט מען דיר תכריכים!

.1894

# שרייב אַ פעליעטאָן.

עס האָט קיין שיעור און קיין ערך נישט, ווייטער א פעליעטאָן — אַבער א פעליעטאָן, און דאָ איז נישט דאָ פון וואָס צו רעדען! עס פעהלט מאַטעריאל!

ארם־נהרים און אמעריקא זענען פארשלאָסען, ווי א גביר'יש הארץ, אין ארגענטינא איז שטיל, צעדערבוים — טויט, ווערמאָנט — שטום; איך זעה נישט, מיט וואָס אייך צו פאראינטערעסירען.

ערשט נישט לאנג איז אינטערעסאנט געוועזען צו קלערען, צי די וועלט וועט זיך אין קורצען איבערקערען. א געוויסער פּאָלב האָט נביאות געזאָגט, אז יאָ.

דערפון וואָלט איך אייך געקאָנט אויפבלאָזען אַן עסק, ווי א לונג־און־לעבער, איך וואָלט אייך דערצעהלט, אז פּאָלב איז נישט קיין פאלב ביי א קלייד און נישט קיין פאָלב אויף עמיצענס א שטערן, נאָר א געלעהרטער אסטראָנאָם; אז די וויסענשאַפט, מיט איהר גאנצער בעל־בת'ישקייט און פארזיכטיגקייט האָט ליעב אמאל א פשט'ל, א נבואה'לע, א טרעפּעכץ — דערביי וואָלט איך אביסעל געשפּילט אויף אייערע נערוועז; פריהער וואָלט איך אייך איבער־געשראָקען: טאָמער יאָ, דערנאָך געזאָגט — ניין.

און אפשר וואָלט געוועזען א יאָ און א ניין, און א נישט צו־זאמען...

וואָס קומט אבער ארויס, אז מען האָט מיר די מציאה פון די הענט ארויס געכאַפּט.

ה' וו... איז פריהער געפאלען אויף דער מציאה, און אויב ער וועט האלז און לייב נישט ברעכען, וועט ער אזוי פאלען און פאלען עד סוף כל הדורות.

ה' וו... האָט שוין א גליק צו המציאות; ווענען, למשל, איז איינגעפאלען איבערצוזעצען אויף לשון הקודש א ווערק פון א קאַ־

טוילישען גייסטליכען, וואס ווייזט אויס, אז די נשמות האבען דעם גן־עדן אויף דער זון, אז זיי ציהען זיך, ווי הייטלער אלע מאל דינער און דינער, ביז זיי ווערען אזוי דין, אז עס קאן שוין דינער נישט זיין ?

ועמען איז דאס איינגעפאלען ? וו... !

ועמען איז איינגעפאלען צו לערנען אידישע קאלאניסטען צו באארבייטען די ערד אין פאלעסטינא און ארגענטינא כמנהג פוילען, דאס הייסט, לויט צוויי־דריי בראשורען פאר אונזערע פויערען גע־שריבען ? וו... !

ווער איז פריהער ארויס מיט א ווערקעל איבער דער מגפה ? וו... !

ווער האט מיר אצינד אויסגעכאפט פאלב'ן מיט'ן סוף פון דער וועלט ? וו... !

וועלכען מחבר איז איינגעפאלען צו שרייבען א פעליעטאן אין „הצפירה“ איבער זיין אייגען ספר, וואס ער וועט ארויסגעבען, און וואַרפענדיג א שטיין אין א פרעמדען גארטען, באווייזען, ווי נויטיג און וואויל זיין ספר איז, און ענדיגען נאך מיט א שמיי־כעלע : א יא, איך בין סקראמנע און לויב מיך נישט ? וו... ! אלץ וו... און וו... !

עס איז נאך אן עסק געוועזען צו רעדען וועגען חליצה.

איהר ווייסט אפשר נישט, מיינע טייערע לעזער, וואס מען מיינט חליצה ? איהר זייט דאך „גראבע יונגען“, המון עם, מען שילט דאך מיך מיט טויטע קללות, פארוואס איך זאג אייך אמאל אויס פון חדר ; מען האקט דאך מיר אין קאפ, אז, אויב אייערע נשמות וועלען ניט הענגען, ווי שפינוועבס אויף די שטריימעל־האר, וועלען זיי אריין אין גיהנום אדער גאר אין קרימינאל... מען יאגט דאך מיך ארום, פארוואס איך רעד מיט אייך, ווי מיט מענשען ! אפשר יא ? אפשר ווייסט איהר טאקע נישט, וואס חליצה איז ? וועל איך אייך פארצעהלען.

איהר ווייסט, אודאי, אז אויף אן אלמנה איז מעהר רחמנות, ווי אויף אן אלמן. נאר צי האט איהר אייך אפגעגעבען א חשבון פארוואס ? און דאך איז עס זעהר לייכט צו טון.

א נקבה איז ערגער, ווי א מאנספארשוין.

א מאנספארשוין איז (על כל פנים עטליכע חדשים אין יאהר)

שטאַרקער פאַר א נקבה, און אויף ד ע ר וועלט איז גאַנץ גע־פעהרליך, אז מען איז שוואַכער. עס איז אסך בעסער מאוס'ער, נאַ־רישער צו זיין, איידער צו האָבען א לויט קראַפט וועניגער פאַר אַן אַנדערען. אז „יד ישראל" איז נישט „תקיפה", כל־זמן מיר אַליין האָבען וועניג פראַווען, האָבען מיר ביי די נקבות וועניג וואַס צוצונעמען.

מיר טוען דאָך, וואַס מיר קאָנען.

א מיידעל ווערט געבוירען איז גאָר א קליינע שמחה, אין חדר אריין שיקט מען זי נישט! נאָר ביז אהער האָט זי נאָך אלץ קיין היזק נישט דערפון — עס קומט אבער שפּעטער, איז זי אַ מאַנספּאַרשוין מקדש!

איהר ווייסט, וואַס מען מיינט דערמיט?

ער גיט א י ה ר אַ מטבע, א פינגערל אָדער אַן אַנדערע זאַך, וואַס מוז כאָטש ווערט זיין א פרוטה, און זי איז ז י י ן; ער האָט זי ג ע ק ו י פ ט!

זי מוז איהם פאָלגען, ליעב האָבען, טראָגען, האָבען; זי איחם איז נישט מקדש!

געפעלט זי איהם נישט, גיט ער א י ה ר, נישט זי א י ה ם אַ גט.

אין שטוב צו שאַפען, איבער די קינדער צו רעגירען — און זויגען — געהערט צו איהר.

ער איז איהר שפּייזער!

בתי מדרשים, חברות, כבוד התורה האָט ער — ביי די הקפות שטעהט זי פון דער ווייטען.

ער מעג שכור'ן פּורים, זי נישט; ער עסט אין סוכה, זי נישט; ער מאַכט פאַר איהר קידוש און הבדלה, און זי קוקט איהם אין מויל אריין...

קורץ — זי הענגט אָפּ פון איהם.

און אויף א ברית עסט ער פלייש און פיש, און זי איז יוצא מיט פוטערקוכען, מיט ציקאָריע.

אזוי פיעל, ווי מיר האָבען פראַווען, אזוי פיעל האָבען מיר ביי זיי צוגענומען!

ווי וואָלט אָבער געווען, ווען יד ישראל זאָל טאַקע זיין

תקיפה? וואָלט א נקבה קיין ירושה נישט גענומען, קיין עדות נישט געווען אין בית־דין...

ווייבער, קליינע קינדער און קנעכט האָבען איין פּראווע, שטע־הען אויף איין מדרגה.

פרעגט אונזערס א למדן: וואָס איז א נקבה? „א פּעסעל אומריינינקייט". ער איז שטאַרק מסופק, צי זי האָט א נשמה, העכסטענס וועט זי אויף יענער וועלט זיין ביי איהם א פוס־בענקעלע... ער פיהלט שוין פאַראויס, ווי ער וועט דאַמאָלט האָבען דעם יצר־הרע אין די קנעכעל!

אַנדערע זענען מסופק, צי אידען זענען מענשען, און קיין שום איד איז נישט מסופק, אז אין אכט מיליאָן אידען זענען נאָר דאָ — פיער מיליאָן מענשען מיט א רעשט — ווייבער. „לאַנגע האָר און קורצער שכל, ניין מאָס רייד, א אידענע איז ערגער, ווי דער טויט — דאָס רוב זענען מכשפות"...

און דאָס איז נישט א ו נ ז ע ר יושר אליין, עס איז ביי אַלע פעלקער אזוי... און וואָס ווילדער א פאָלק איז, וואָס וויכטי־גער עס איז ערגעץ די פויסט, ערגער איז אַלץ דער פרוי.

ביי טייל ווילדע פאַרבערענט מען נאָך די אַלמנות...

ביי אונז הייסט „מקדש זיין", געבען א זאַך, וואָס איז ווערט א פרוטה, ביי טייל ווילדע הייסט מקדש זיין — געבען א האַק אין די ציין אַריין, אז צוויי פון די פאָרענדינגע זאָלען אַרויספאַלען...

ביי אַנדערע מוז מען די כלה שלעפּען אויף דער ערד ביי די האָר און אויסגלייכען איהר א פּאָר ביינער.

ביי אונז האָט נאָך א גרושה א שטיקעל ווערט; ביי אַנדערע שטעקט אין דער גרושה די גאַנצע טומאה, מען לאָזט זי אין א פרום הויז נישט אריין און זי שטאַרבט פאר הונגער, אָדער רייסט אויס ביי די הינט א ביין...

ביי אונז פרעגט מען ביי קיין מיידעל קיין דעה נישט, אויב זי וויל דעם חתן, און אז זי זאָגט „ניין" אויף דעם, וואָס געפעלט טאַטע־מאַמע, אָדער „יאָ" אויף אזוינעם, וואָס פּאַסט נישט פאַר זייער יחוס, הייסט זי א חצופה, אן אויסגעלאַסענע...

ביי אַנדערע איז די טאָכטער אן איינגפאַכע סחורה, און דער פאָטער, און נאָך זיין טויט דער עלטסטער ברודער, אָדער דער נאָהנטסטער קרוב, פאַרקויפט זי וועמען און פאר וויפיעל ער וויל.

ביי אונז האָט דער מאַן א פּראָווע אויפ'ן לייב אָהן א „פּערע־דאָוויערינ״, ביי טייל פעלקער קאָן ער זי אָפּטרעטען אויף איין מאָל און איינציגוויים מכבד זיין מיט איהר יעדען גאַסט.

די ווייבער לעקען אין ערגעץ קיין האָניג נישט...

די, וואָס האַלטען פאַר קלוג, גוט און פיין דאָס אלעס, וואָס ארום זיי איז, און בפרט נאָך דאָס, וואָס איז שוין אַזוי פון אייביג אָן, די פאַרשטעהען, אַז עס דאַרף אַזוי זיין, אַז עס איז נישט מעגליך אַנדערש. און ווען עמיץ זאָגט זיי, אַז א נקבה קאָן אפילו ווערען א רב, א דיין, וואָלטען זיך ביי זיי די האָר קאַפּויר געשטעלט, פּיענע וואָלט זיי פון מויל, אָדער זיי וואָלטען חוכה וטלולא גע־מאַכט נישט ערגער פון רעדאַקטאָר פון המליץ, וואָס האָט אויסגע־גאָסען א גאַנץ בלאַט מיט בלאָטיג־בייזען חוזק אויף אַן אמעריי־קאַנישע שטאָדט, ווייל — ווייל זי האָט אויפגענומען נישט קיין גע'מל'עטען, דאָס הייסט, א נקבה'שען רב.

און דאָך זענען פאַראַן אַנדערע, וואָס זאָגען, אַז אלץ, וואָס ארום אונז געשיהט, קאָן זיין גוט און שלעכט, און אַז מיר דאַרפען שכל האָבען און דאָס שלעכטע פאַרריכטען, עס זאָל ו ו ע ר ע ן גוט.

איינער פון די לייט איז געוועזען משה רבינו:

פאַר מתן תורה האָט א נקבה נישט געהאַט קיין פּראָווע פון א מענש, קיין פּראָווע אויף פאַרמעגען, קיין פּראָווע צו לעבען נישט אין א פרעמדען רשות, נישט אונטער א פרעמדער רוט: אָדער זי איז געוועזען דעם טאַטענס, אָדער א קרוב'ס, אָדער דעם מאַנס, און, אַז זי האָט פאַרלוירען דעם „רשות״, האָט זי אויסגעזעהן, ווי א פיש, וואָס פאַלט אַרויס פון וואַסער, אָדער א מענש, וואָס מען נעמט איהם צו די לופט.

דער אלמנה איז דעריבער ביטער געוועזען. האָט זי כאָטש קינדער געהאַט, איז זי געבליבען אַלס מאַמע ביי יורשים, אָבער אַז נישט, איז דאָס פאַרמעגען אריבערגעגאַנגען צום מאַנס קרובים און זי איז געבליבען ביי גאָר נישט, שלינג און שלאַנג, ווי מען זאָגט. נאָר איין גוטער מנהג איז געוועזען, דער ברודער פון גע־שטאָרבענעם פלעגט אמאָל חתונה האָבען מיט דער אלמנה! אַזוי־ער־נאָך איז דער פיש צוריק אין וואַסער, דער מענש האָט צוריק גע־

קאַנט אַטעמען. נאָר דאָס איז נאָר געוועזען אַ מנהג, וואָס מען האָט געקאַנט ברעכען.

וואָס טוט מען, אז נישט? אז דער ברודער נעמט צו דאָס „פאַרמעגען" און זאָגט, אז אַהן איהר וועט ער זיך באַגעהן? וואו וועט זיך די אלמנה אהין טון? —

משה רבינו האָט די שאלה פאַרענטפערט:

אויב ער וויל זי נישט נעמען, זאָל ער געבען חליצה — דאָס הייסט, זי שפּייט איהם אין פּנים פאַר כל הקהל הקודש...

עס איז געוועזען אַ קלוגע עהרליכע פראַווע.

קיין מענש וועט זיך נישט לאָזען שפּייען בפרהסיא אין פּנים אריין, און אויב עס וועט זיך אַזוינער טרעפען, איז גלייכער, זי זאָל פאַר הונגער שטאַרבען, איידער אַזאַ הונט פאַר אַ מאַן צו האָבען. —

צי האָט זיך משה רבינו געקאָנט ריכטען, וואָס אונזערע רבנים וועלען פון זיין גוטער, קלוגער און עהרליכער פראַווע מאַכען? באין אופן נישט. עס איז לייכטער צו טרעפען, וואָס אַ נאַר האָט אין זין, איידער צו פאַלען, וואָס פאַר אַ ש ל ע כ ט ע, אומזיניגע נארישקייטען עס וועלען אַרויס פון אונזערע חכמים'ס פאַרפלאָנ־טעטע מחות.

היינט איז די לאַגע אַזוי: ער ט אָ ר זי נישט נעמען, און זי מ ו ז נעמען חליצה. זי טאָר אנדערש נישט חתונה האָבען מיט אַן אַנדערען, ביז ער וועט זיך נישט געדנוויליג לאָזען אַנשפּייען אין פּנים אריין! זי מוז לעבען אַהן לופט און וואַסער, כל־זמן ער וועט נישט אליין קומען אין קהל־שטוב און בפני קהל ועדה לאָזען זיך רופען „פאַרליעץ", כאָטש ער אליין איז אויך אַ מכה שולדיג...

אָט דאָס איז חליצה! פויל, אָרעמע אלמנה, ווייל משה רבינו האָט דיר געוואָלט אַ טובה טון! שטאַרב פאַר הונגער, דאַר און קוואַר, ווייל משה רבינו'ס שטעלפאַרטרעטער האָבען נאָר אײ־בערגענומען זיין שטעקען, נישט זיין שכל, נישט זיין יושר!

און נויטען חליצה געבען ט אָ ר מען אויך נישט!

מען קאָן נויטען געבען אַ גט, נויטען, עס זאָל קיינער קיין חייוועז, אויסער דער רבי'ציז, נישט פאַרקויפען, עס זאָל קיינער נישט אַנריהרען קיין יום־טוב שני של גליות, נישט רעדען אויף אַ גוטען איד, נישט אונטערשניידען אַ פּאה, — אויף דעם איז דאָ: שטײ־

נער אין גאַס, א שופר אין ארון קודש, און מסירות, און מלשינות אויף דער צונג... נאר נויטען חליצה צו געבען, דאָס נישט! אליין מיט'ן גוטען ווילען זאָל ער זיך לאָזען אנשפייען אין פנים אריין!

מען טאָר קיין אידישע פרנסה נישט צו שאַנדע מאַכען! און חליצה איז שוין א אידישע פרנסה!

זי וועט איהר כתובה אוועקגעבען, דאָס קלייד פון זיך אראָפּ פארקויפען, זיך אליין פאר א דינסט שטעלען, אבי חליצה צו נעמען...

דער, וואָס האָט אַן עלטערען, בפרט נאָך א קרענקליכען ברו־דער — אן עקר, און טוט א שדוך מיט א קינד, קאָן אפּלעגען דעם סלוק פון נדן ביז דער חליצה!

פארוואָס נישט?

און שטעלט אייך פאר, אז פּלוצלונג דרוקט דער וואָסכאָד, און נאָכ'ן וואָסכאָד די הצפירה א ידיעה, אז די רבנים ווילען מתיר זיין חליצה! שטעלט אייך פאר מיין פרייד און מיין פעליעטאָן, וואָס איך וואָלט איבער דער בשורה טובה געשריבען!

איך וואָלט דאָס ערשטע מאָל געשריבען וועגען א שטריימעל אהן גאָל, דאָס ערשטע מאָל גערעדט פון אונזערע „גאונים“, אומ־געוואָלט פון זיי מאַכען „זכרונו לברכה'ס“, איך וואָלט אפילו מיך נישט געשעמט איינעם א קוש אין פּיסקעל צו געבען! וואָס קומט אבער ארויס — עס איז באלד געקומען א הכחשה! לא היו דברים מעולם! עס איז קיינעם פון די רבנים גארנישט איינגעפאלען עפּעס א קלער צו טון פאר דער ארעמער חליצה'ניצע...

די רבנים איז לייכט געווען מתיר צו זיין פּראָצענט, ער־לויבען די רייכע זאָלען שינדען ביי אָרעמע לייט די הויט, אויס־קלערען אן עצה איבערצוהאַלטען דעם חמץ איבער פסח, אבי צו ראַטעווען דעם שענקער א פּעסעל בראָנפען, פארזאָרגען די בעלי־בתים זאָלען קאָנען טראָגען דעם טלית־זאַק אום שבת איבער דער גאַס, צו געפינען אן עצה נעגען שמיטה פאר די חובבי־ציון, נאָר שווער איז מתיר צו זיין ארבעס און הערינג פאר ארעמע לייט אויף פּסח, ערלויבען צו חתונה צו האָבען אהן חליצה... און נאָך שווערער איז מיר, אין אזא צייט צו שרייבען א לייכטען פעליעטאָן...

1895

# צעהן פעליעטאָנישע געדאַנקען.

1) מאַסען בלומען וואַקסען אַרוים פון מיסט; מאַסען צדקות קומען פון גנבה'שען געלט.

2) מקנא בין איך נאַר אדם וחוה, וואָס האָבען אין די נשמות נישט געהאַט קיין איינגעהויקערטע פּגרים פון טאַטעס און זיידעס, און האָבען געקאָנט אַלץ פריש אָן לעבעדיג פיהלען.

3) די וועלט האָט איהר מאַגאַזינען, וואו זי לעגט אָפּ אויף אַ שלעכטע צייט, אויף הונגער־יאָהרען; נאַר אַז עס קומט די בייזע שעה, ווייזט זיך געוועהנליך אַרוים, אַז די רעץ און די מאַגאַזי־ניערען האָבען אַלץ אויפגעגעסען...

4) גוט פאַר פרעמדע זענען געוועהנליך די, וואָס זענען שלעכט פאַר אייגענע.

5) איך ווייס נישט, אויב גאָט וועט אונז מוחל זיין דער־פאַר, וואָס מיר האָבען איהם פאַרזעצט א י ב ע ר דער נאַטור, מיר זאָלען ז י פריי באַהערשען!

6) אמת האָט אין אונזער לעבען נאַר ד י ווירקונג, אַז מיר ווילען איהר נאָכמאַכען און זאָגען שענער און פיינער די ליגענס.

7) ווער עס קען קיין געשיכטע, טאַפּט אין דער פינסטער, ווי אַ בלינדער; ווער עס קען זי, וואַקעלט זיך, ווי אַ שכור...

8) צו פויל, זיך אליין צו פאַרבעסערען, ווילען מיר בעסער אַלץ אַרום פאַרדאַרבען, עס זאָל פּאַסען צו א ו נ ז.

9) די שיפס־לייט וועלען איינער דעם צווייטען נישט פרעס־סען און אַלע צוזאַמען געגען שיפס־קאַפּיטאַן זיך נישט שטעלען, כל־זמן ער זאָגט זיי צו אַ ניי לאַנד און די שטימע זיינע איז זיכער, און דאָס אויג קוקט גלייך, ערנסט און שטרענג.

10) אַ פעליעטאָן איז אַ קלוגע נאַרישקייט; פּובליציסטיק — נאַרישע חכמה.

1895

# וואָס זאָל איך וועלען?

ראש־השנה שרייבט מען, יום־כפור חתמ׳עט מען און הושענא־רבה מאכט מען דעם צוק און מען גיט די קוויטלעך אַרויס. און נישט נאָר מענשען שטעהען לדין, נישט נאָר אונז פּסק׳עט מען לעבען אָדער טויט, פּרנסה אָדער קצבה, מנוחה אָדער גלות... „זכר כ ל ה מ ע ש י ם לפניך בא", אַלץ, וואָס מיר טוען, אַלץ, וואָס מיר מאַכען, ווערט גע׳משפט, און אונזערע „יום־טוב־בלעטלעך" וואַרטען אויך מיט אַ ציטערניש אויפ׳ן קוויטעל... זיי ווילען אויך וויסען, צי וועלען זיי אויסלעבען דאָס יאָהר, אָדער אויסגעהן, ווי אַ ליכט אין דער פינסטערער נאַכט... קיין גרויסע צדיקים זענען זיי נישט, זיי זאָלען רעכענען, אַז באַלד ראש־השנה, אָדער אפילו יום־כפור וועט זייער גזר־דין אַרויס... נישט איין מלאך הבלה וועט קריצען מיט די ציין, נישט איין פּאַמפלעטיסט — אַ קטיגור וועט זיך אויסרייסען דעם האַלז, און — הלואי עס זאָל זיך ענדיגען הושענא־רבה פאַרנאַכט!

און ביז הושענא־רבה פאַרנאַכט איז אויך נאָך דאָ עפּעס צו טון! נאָך ביינאַכט אויף הושענא־רבה שפּאַלט זיך דער הימעל אויף אַ סעקונדע, און דאַמאָלט איז אַ שעת הכושר, אַן עת־רצון פאַר׳ן זינדיגען מענש; וואָס ער כאַפּט זיך דאַמאָלט אַרויס, דאָס ווערט מקוים.

וואָר זיין אַ גאַנצע נאַכט, אָפּפּאַסען דעם שפּאַלט אין הימעל און אַ געשריי טון — איז אַ קלייניגקייט... נאָר וואָס שרייט מען? וואָס זאָל איך וועלען? וואָס זאָל איך פאַרלאַנגען פון הי־מעל? אפשר געלט? ווען איך האָב געלט, וואָלט איך אפשר נישט נאָר שירים שרייבען, נאָר זינגען אפילו געקאַנט; איך וואָלט גע־מעגט גרימפּלען, און עס וואָלט די נשמה אויסגעגאַנגען פאַר תענוג... ווען איך האָב געלט, וואָלטען זיך די יום־טוב־בלעטלעך געוועלטערט אין פרידען... וואָרים לאָמיר זיך נישט נאַרען: אמת איז

טאַקע אַ שעהנע, געראַטענע כלה, נאָר ערשטענס, קאָן זי נישט טאַנצען, ווי דער ציגיינער שפּילט, זי קאָן פאַר׳ן עולם קיין חנ׳דלער נישט מאַכען, און — אפילו אַ שעהנע, געראַטענע כלה, וואָס קאָן טאַנצען צום ציגיינערס מוזיק און שניידט חנ׳דלעך אויפ׳ן שפּאַס, דאַרף אויך האָבען אביסעל נדן, מען זאָל זי וועלען נעמען... אַ בוך מיט׳ן גאָלדענעם שניט האָט גאָר אַן אנדער פּנים... נאָר וואָס קומט אַרויס, אַז איך בין שטאַרק מסופּק, צי פון הימעל קאָן מען האָבען געלט. אפשר זענען אַמאָל בעסערע צייטען געוועזען, און עס האָט פון הימעל מיט רענדלעך געדרעגנט... היינט — לא־עליכם... אָט, תורה איז אַ הימעל־זאַך. פּאַרצייטענס פּלעגען זיין אָרעמע ישיבה־בחורים און רייכע אַרענדאַרען — "ישוב׳ניקעס", ווי מען רופט זיי אין דער ליטאַ, און קוים האָט אַ "ישוב׳ניק" געקריגען אַ האַלב־דערוואַקסענע טאָכטער, האָט ער איינגעשפּאַנט זיין פערד־און בידקע, און איז געפאָהרען צום ראש־ישיבה אין שטאָדט אַריין, און געקויפט זיך פאַר הונדערט, צוויי הונדערט, טיילמאָל פאַר טויזענט רענדלעך תורה... צו דער תורה האָט ער צוגעקריגען אַ צולאָג אַ בחור׳ל, ווי אַ ערינג, נאָר דעם ערינג האָט מען נישט אַריינגע־שאָצט אין מקח... און יעדער ישיבה־בחור האָט געוואוסט, אַז אויב ער וויל האָבען רענדלעך, מיט מלבושים, מיט קעסט און אַ צולאָג אַ כלה — מוז ער זיצען און לערנען...

היינט — אוים ישוב׳ניקעס; אויף זייער אָרט האָבען מיר באַנקירען און פּראַצענטניקעס, און זיי ווייסען, אַז תורה איז קיין סחורה נישט. אַ דאָקטאָר, אַ יוריסט, אַ ציין־דרייסער, אפילו אַזעל־כער פון דער האַנדעלס־שולע, אפילו אַ רב — אַ קאַזיאָנער... נאָר נישט קיין תורה. —

ווער זיצט היינט און לערנט, קריגט — אַ האָרב, אַ מלמד׳י־שען פּאַטענט אויף אַ לונגען־פעהלער, נאָר נישט אַ דרייער געלט.

מען זאָגט: צדקה תציל ממות... עס קאָן זיין, אַז צדקה ראַ־טעוועט פון טויט — דעם אָרעמאַן, וואָס נעמט זי און קויפט זיך אַ ברויט, ער זאָל נישט שטאַרבען פאַר הונגער; דעם עושר — בשעת מגפה, די זאַראַזע זאָל זיך נישט פאַרשלעפּען פון קעלער צום בעל־עטאַזש... נאָר קיין געלט האָט מען נישט דערפון! אַז מען גיט, האָט מען ווייניקער, און דער אָרעמאַן האָט פּאַרט קוים אויף איין־שעה...

פון דאַוונען האָט מען אויך קיין געלט נישט... א והא ראיה— אונזערע גבירים, וואָס שטרעקען דאָס לעבען און גאַנץ אָפּט מיט'ן רחמנות, מיט'ן יושר און מיט דער מענשליכקייט צוזאַמען, אבי רייכער צו ווערען, דאַוונען אליין גאָרנישט, און זענען נאָר צופרי־דען דערפון, וואָס אָרעמע לייט לאָזען דאָס סדור'ל נישט אַרויס פון דער האַנט...

עס זאָל אין סדור'ל שטעקען א כח פאַר א ד ר י י ע ר, וואָלט מען די אָרעמע לייט געטיילט יום־טוב־בלעטלעך און אַלע פּראָצענטניקעס און באַנקירען וואָלטען געהאַלטען סדורים און גע־דאַוונט...

דאַוונען איז א סגולה אויף דרך־ארץ, אויף שטילקייט; דאַוו־נען שטילט אמאָל דעם הונגער ביים קבצן, ווי דער אָרעמער מאַ־מעס פינגער ביים אויסגעדאַרטען קינד אין מויל. דאַוונען איז א סגולה צו אסך זאַכען, נאָר קיין געלט דערפון האָט מען נישט. און אפילו, אז מען איז א נאַר, און מען האָט א גאָרגעל, און מען לאָזט צו צום עמוד... האָט מען אויך קוים וואַסער אויף קאַשע, נאָר קיין געלט נישט!

איך טרייב איבער דורכ'ן זכרון אַלע תרי"ג מצוות, און זעה קיין איינציגע נישט, פון וועלכער מען זאָל קאָנען האָבען (דירעקט אָדער אומדירעקט) א דרייער! פאַר די תרי"ג מצוות האָט משה רבינו צוגעזאָגט: געזונט, לאַנג־לעבען, א זול, רעגען פון הימעל, דעם כח פון דער ערד — נאָר אַלץ נישט קיין געלט! אז דו וועסט מקיים זיין אַלע תרי"ג מצוות, וועט דיר די ערד געבען איהר קראַפט, דער הימעל — טוי און רעגען, און דאַך וועסט דו שטאַרבען פאַר הונגער, אויב דו וועסט נישט אַרבייטען, אַקערען, זייהען, און שניי־דען! און פון די אַלע דריי צוזאַמען — פון הימעלס רעגען, דער ערדס כח און שוויים פון דיין שטערן וועסט דו קוים האָבען ברויט, ברויט צו עסען, אבער אַלץ נישט קיין געלט! דו מעגסט מקיים זיין אַלע תרי"ג מצוות, מיט אַלע דקדוקים, וועסט דו אַלץ נישט קאָנען אַרומגעהן אין א הונגער־יאָהר מיט די הענט אין די קעשענעס און פייפען א ליעדעל פון א קאַטאַרינקע...

געלט קאָן מען האָבען פון וואָס איהר ווילט, פון דער קלענס־טער עברה, אפילו פון קאָרטען־שפּילען, נאָר נישט פון הימעל־זאַ־כען. אויב דער רבונו של עולם זאָגט: „כי לי הכסף ולי הזהב“,

מיינט ער: דאס זילבער פון דער לבנה מיט איהרע שטראלען און דאס גאלד פון דער זון אין תמוז... אבער געלט האט דער הימעל נ י ש ט —

ניין! איך וועל זיכער שרייען אומזיסט!

---

איך האב אמאל געוואלט זיין א פילאנטראפ — א בעל־טובה פאר'ן כלל! איך האב א גוט הארץ בטבע, און אז איך געה ארויס זאט נאך א סעודת־מצוה פאר א פילאנטראפס כבוד וועגען, און דערזועה — נאך פיש, פלייש און קאמפאט מיט אביסעל קאניאק— דעם אויסגעשטערענטען הימעל, האב איך ליעב א קרעכץ צו טון: רבונו של עולם, מאך מיך אויך פאר א פילאנטראפ...

די ארעמע לייט זענען דאך דיינע פייגעלעך, וואס האבען קיין פעלד און קיין שאף און רינד, און קיין דאך איבער'ן קאפ... גיב מיר אזוי פיעל, איך זאל זיי קאנען קרישקעלעךווארפען...

און אזוי אויך, טיילמאל ביינאכט, אז איך לעג מיך צופריה און כאפ מיך אויף פארטאג, און האב קיין ליכט נישט אין שטוב, אדער דאס ברעכען אין די ביינער לאזט מיך נישט אויפשטעהן און זעצען זיך צום שרייב־טיש, גלאץ איך אוים די אויגען אין דער פינסטערניש אריין, עס ווערט מיר ווייך אויפ'ן הארץ, טרערען פארדרעהען זיך מיר אין די ברעמען, און איך קלער מיט א וועה־מאג: וואס פאר א טובה קאן איך טון מיין פאלק? מיט וואס קאן איך העלפען דער כנסת־ישראל? אנדערע קאנען בויען, אויפ־שטעלען פיתום ורעמסס אין דער לופט, אויפ'ן אייז, אפילו אויפ'ן עולם הדמיון, און איך קאן נאר צוזאווארפען; אנדערע וועקען כאטש די אלטע שפראך פון קבר, און איך שרייב דאס רוב דוקא פראסט אידיש...

וואס טוט מען?

דא האב איך קיין דעה נישט... קאנקורירען מיט ראטשילד'ן אין ארץ־ישראל, אדער מיט'ן באראן הירש אין ארגענטינא — קאן איך נישט. נאכשרייען, רעדען צו דער וואנט, העלפען בלויז קרעכ־צען — וויל איך נישט... וואס טוט מען פארט? איך וועל אמאל שטארבען, און עס וועט פון מיר קיין גוטער זכר נישט בלייבען...

די שמאָלע װעגלעך, װאָס איך האָב אויסגעטרעטען מיט פאַרבלאָ־טיגטע פיס צװישען די דערנער, װעלען פאַרװאַקסען װערען, די פע־ליעטאָנען װעלען אויפגעגעסען װערען פון מייז, מיין אָרעמע מצבה װעט צופאַלען, צושטויבט װערען... װער װעט מיך געדענקען?

װען איך זאָל קאָנען זיין א פילאַנטראָפ, װאָלט מען מיך ביים לעבען מיט בלומען און װינשקאַרטען באַװאָרפען, נאָכ'ן טויט — א ריזיגע מצבה געשטעלט, און אויף מיין יאָהרצייט װאָלטען אין אַלע קהלות „פּאַניכידען" געװעזען...

און איך האָב מיר נישט איינמאָל געטראַכט געדולדיג צו װאַרטען ביז א שבועות, א יום־כפור, א תשעה־באָב, א הושענא־רבה, אפּפאַסען, װען דער הימעל װעט זיך שפּאַלטען, און א גע־שריי טון: פילאַנטראָפּ!...

לײדער בין איך דאָס יאָהר געװאָר געװאָרען, אז דאָס איז קיין געשעפט נ י ש ט... קוים װעל איך װעלען עפּעס שענקען לטובת הכלל, װעלען אונזערע שרייבער אזוי לאַנג און אזוי ברייט מיר עצות געבען, װ ו אָ ס צו טון לטובת הכלל, אז זיי װעלען מיך ברענגען אין דול־הויז אריין...

---

איך האָב שוין אפילו געקלערט א געשריי טון: שלום!...

װאָרים מיינט נישט, חס־ושלום, אז איך בין בטבע א מזיק...

אז איך האָב א װילדע הנאה דערפון, װאָס איך זעץ מיך אַלע מאָל ארויף אויפ'ן לעדערנעם פערד, שפּאַן דעם הילצערנעם פאַלענבוי־גען און שיס אויס א פּאָר טוץ פּאַפּירענע פייגעל, װאָס דאָס שלעכ־טע װינטעל פון דער ניט־גוטער צייט טראָגט ארום אין די לופטען...

מיינט נישט, אז איך האָב נחת דערפון, װאָס איך מוז אַלע מאָל ארויסשטעלען די באַליע אינמיטען גאס אריין און װאַשען אונזער ברודיגע װעש בפני קהל ועדה... קיין גוטס קומט מיר אודאי דער־פון נישט ארויס; װער עס רייסט אויס דערנער — מוז זיך פאַר־װאונדען די הענט, װער עס האַלט מלחמה מיט לעבעדיגע ברואים, מוז זיך אמאָל לאָזען א ביס טון... עס איז אפשר א כבוד צו װאוי־נען אויפ'ן פּאַרנאַס, אויפ'ן הויכען ליטעראַרישען באַרג, װאָס שפּאַרט אונטער די װאָלקען, אויב נישט דעם הימעל אַליין, און מחזקות

מאכען מיט די מוזען... נאר צו זיין דארט א סטרוזש, און האל־טען שטענדיג דעם בעזעם אין דער האנט, אפצוקערען די פוילע בלעטער, ארומצוגעהן און שאקלען די יונגע בוימלעך, די קיפער זאלען אראפפאלען און נישט אויפפרעסען די יונגע גרינע בלעטע־לעך, — איז גאר קיין נחת און קיין כבוד נישט, און — על אחת כמה וכמה — קיין תענוג נישט!

גלויבט מיר, אז עס איז א ביטערער חוב, וואס איך מוז אפ־צאהלען, אן אפקומעניש אויף דער וועלט; מיין פינסטערער מזל, פון וועלכען איך קאן מיך נישט אפרייסען, ווי א גנב — פון דער תליה...

נאר פאר שלום האב איך מורא! פאר שטילקייט ציטער איך אימת מות!

שלום איז צווישען גנבים, ווען זיי גרייטען זיך אן צו דער פינגער־מלאכה... זיי מאכען שלום מיט דער פינסטערער נאכט און צינדען קיין שטרייכהאלץ נישט אן...

שלום מאכען זיי מיט יעדען וואלקען, וואס ציהט זיך איבער דער לבנה...

שלום מאכען זיי אפילו מיט'ן בריטאן אויפ'ן הויף און וואר־פען איהם א שטיק „לא יחרץ"־פלייש, צו פארשטאפען דאס מויל...

נאר פרואוו און וויל שטילערהייט און בשלום פאריאגען די אומגעבעטענע געסט? מוזט דו ליכט אנצינדען, הויז־לייט וועקען, קולות מאכען...

שלום און שטיל איז אויפ'ן בית־הקברות.. אהן גערויש פרע־סען זיך די ווערים אריין אין די מתים'ס לייבער, שטיל האלזט ארום דער מאך די אלטע מצבה און ציהט זי אין דער ערד אריין... שטיל רוישט דאס א־עמע בוימעל, וואס ציהט אריין אין זיך דעם קברים־זאפט... נאר פרואוו, גיב תחית המתים!... מוזט דו פריהער בלאזען אויפ'ן שופר של משיח!

שטיל איז נאכט און טויט...

שלום איז טיילמאל א שטארקער יצר־הרע... דאס איז א וואר־עמע שטוב, א ווייכער פאטעל, גרוימע פאנטאפעל און א זיידענע שלאפמיץ... נאר דאס אלץ צו באקומען טאר מען נישט געהן מיט'ן גלייכען וועג... און עס דאכט זיך — גארנישט... צי בין איך דען מ ח ו י ב צו זאגען דעם אמת? דערנאך: וואס שאדט א שקר'ל

מפני דרכי השלום? און אויב א גרעסערס, נאָר אזא געלאָסענס. א חנ׳עווּדיגס? מענשען האָבען עס אזוי ליעב, די אָרעמע אומגליקליכע מענשען... און אזוי פאַלט מען אַלץ נידעריגער און נידעריגער, ביז מען דריקט די פארבלוטיגסטע האַנט, מען קושט דאָס גרעסטע לעסטער־מויל און מען מאַכט שותפות מיט׳ן ערגסטען באַנדיט...

אָ, ניין! שלום איז אַ שרעקליכע זאַך... שלום איז דער ש ק ר אליין.

ניין, איך וויל אויף שלום נישט בעטען!

---

איך האָב אמאָל געליעבטע געהאַט.

איך האָב זי ליעב געהאַט, כאָטש זי איז אָרעם און אָדם־נאַקעט געוועזען... איך האָב זי ליעב געהאַט, ווייל איך בין, ווי איך האָב נישט איין מאָל געזאָגט, אַ פארפאַלענער ראָמאַנטיקער און אַן אידעאַליסט אין דער „רעאַליסטישער צייט“! און זי האָט מיר אויסגעזעהן אזוי שעהן, אזוי אידעאַל־שעהן, אזוי ערהאָבען, אזוי עדעלמוטיג, אזוי גוט... אַ געוויסע צייט איז זי מיין מוזע געוועזען, און דאַמאָלט האָבען זיך פון מיין האַרפעס סטרונעס אָפּגעריסען סאַמע ווייכע, סאַמע זיסע, סאַמע ערהאָבענע טענער — ווייל איך האָב פון פולען, ווייכען האַרץ איהר ליעב געזונגען!

איך האָב דאַמאָלט גוטע נעכט און זיסע חלומות געהאַט, ווייל זי איז מיר נאָכט אויף נאָכט ביים בעט געשטאַנען, צערטליך מיר די האָר געשטרייכעלט, מיט די סאַמעטענע, וואַרעמע הענטלעך דאָס פנים געגלעט... איך האָב אין שלאָף איהר ראָזיגען אָטעם געפיהלט, און בין גאַנץ אָפט אויפגעשטאַנען מיט ברענענדיגע ליפּען פון איהרס אַ האָניג־קוש.

מיט דער צייט האָט זיך מיין געליעבטע פ אָ ר ד אָ ר ב ע ן: זי איז אַ צנועה געוואָרען און אויסגעווײנט זיך די הימעל־בלויע אויגען ביי די נאַרישע תחינות; זי איז אַ גבאי׳טע געוואָרען, אָנגעהויבען רבנ׳ישען טאַבאַק צו שמעקען, און דער אַמאָליגער רויזענבעכער זעהט היינט אויס, ווי אַ דאָפּעלטער, איבערגעקערטער קוימען... זי איז אַ טוקערין געוואָרען, און אויפ׳ן אָרט פון מאַנד־

לען פיהלט מען מיילען־ווייט פון איהר שימעל און מקוה־וואסער...
און זי חבר'ט זיך היינט מיט רבנים, מלמדים און ישיבה־בחורים, און געהט ארום מיט א צדקה־פושקע אין די הייזער... אויף הכנסת כלה. —

איך וואלט איהר דאס אלץ מוחל געוועזען, עס זאל זיין א מ ת... עס איז אבער איננאנצען פאלש... זי כאפט זיך טיילמאל ארויס פון דער חברה און קאנקאנירט אינמיטען גאס ביי א שאר־מאנקע, אדער ברעכט זיך אויס די גלידער אין די הויפען צווישען אפגעריסענע שווארץ־קינסטלער... אויך אויף הכנסת כלה.

מיט דער צייט איז זי פאראומרייניגט, פארנאכלעסיגט און פארוואָרלעסיגט געווארען...

איך וויל איהר נאמען בסוד נישט האלטען... „חבת־ציון" הייסט די דאמע...

און, אז איך זעה זי, שטארבט אין מיר דאס הארץ פאר רחמנות, און עס גיסט איבער די גאל פאר כעס... און העלפען קאן איך נישט...

איך האב קיין האפנונג נישט אפילו אויפ'ן שפאלט אין הי־מעל! מיין הייסע בקשה: דער רבונו של עולם זאל זי אויסריי־ניגען, צוריק פריש, געזונט און יונג מאכען, אויסרייסען זי פון דער שווארצער חברה'ס הענט און איהר צוריק געבען דעם עהרליכען, פרייען, געזונטען כשוף — די בקשה קאן נישט איינגעפאסט ווע־רען אין איין ווארט, און דער הימעל שפאלט זיך נאר אויף איין סעקונדע...

איך האב נאך אנדערע, אפשר בעסערע און וויכטיגערע בקשות. און זיי וואלטען זיך דוקא געלאזט איינפאסען אין איין ווארט, אין איין איינציג ווארט, — שארף, ווי דער בליץ, שטארק, ווי דער דונער... נאר צום הימעל איז ווייט, מען מוז שרייען הויך און — שטיוועל האבען אויערען, אקסען — לאנגע צונגען, און איך — איך האב שטארק, שטארק מורא...

.1895

# עקבתא דמשיחא.

(משיח'ס צייטען.)

**...אזוי, אזוי, רבותים, אלץ פאלט אפ, אלץ ווערט סאליע, אלץ געהט צוריק לתהו־ובהו.**

נאר איינס שטארקט זיך — דער יצר־הרע! און די הוצאות וואקסען; אחוץ דעם געהט אלץ צוריק.

אפילו די זון, זי פארלירט אויך די כחות.

איך געדענק דאך, איינגעלוויז, האט א זומער־טאג געברענט, ווי א קאלך־אויוועז. פון ראש־חדש אדר אן איז מען שיעור משוגע געווארען פאר היץ; מען האט געהאפט אויף ל"ג בעומר, ווי א קבצן אויפ'ן גרויסען געווינס.

און, אז מען האט זיך אנגעהויבען באדען, האט מען זיך נישט געקאנט אפרייסען פון טייך; און אז מען איז ארויסגעגאנגען, האט דער זאמד ביים טייך אזוי געברענט, אז מען האט געמוזט צוריק שפרינגען אין וואסער אריין... און היינט? דאכט זיך — תמוז, הא? און מיר איז קאלט! ס'איז שוין גאר קיין זון נישט!

איהר זאגט, אז איך בין אלט, און דעריבער פריר איך?

איהר האט א טעות; קיין אכציג יאהר בין איך נ י ש ט אלט, און מיין פאטער, עליו השלום, איז עלטער געווען, און האט, מיר צו לענגערע יאהר, קיין פוטער נישט געטראגען.

נאר דאס איז אויך אמת — דאס געזונט פאלט אויך פון טאג צו טאג: מיין פאטער, עליו השלום, האט קיינמאל קיין שטעקען נישט געטראגען, קיין ברילען נישט גענוצט — און איך וואקעל מיך אויף דריי פיס און טאפ צו מיט די הענט. און זאגען זאג איך אייך, אז אפילו די הויך פון מענש ווערט אויך קלענער פון טאג צו טאג. א פשוט'ער חשבון: אדם הראשון האט אנגעשלאגען מיט'ן קאפ ביז גלגל־חמה; צעהן דורות פון אדם ביז נח, און נח איז שוין מיט אלע חיות און בהמות אין א י י ן תיבה אריין.

אונזערע זיידעס, — ווייל איהר גערענקט נישט, — פלעגען געהן איינגעבויגענ, זיי זאלען נישט אנשלאגען אין סופיט; אונזערע אייניקלעך וועלען שוין ארומקריכען אונטער די טישען, ווי די ווערים...

א אידיש איינגעל האט אמאל גע'הרג'עט א לייב און א בער... א אידיש איינגעל ווארפט זיך א שטיינדעלע און צוהאקט גלית'ס שלייף... א געלינקט אידעלע שטעלט זיך קעגען עגלון מלך מואב און דערלאנגט איהם אזוי, אז די שטיל זעצט זיך אריין נאך דער שארף... און שמשון הגבור? שוין גאר אויף דער עלטער, אויס נזיר, אהן האר, גיט ער זיך א זאג: „תמות נפשי עם פלשתים!“ — מיין כפרה, איך מיט די פלשתים צוזאמען! קערט איבער דאס גאנצע הויז, און — אן עק!

איהר האט עפעס היינט אזוינע אינגלעך, אזוינע אידען?!

און, למשל, עס זאלען זיך צוזאמענגעמען פון גאנץ קרוין־פוילען, זאל זיין פון דער גאנצער וועלט, אלע שופר־בלאזער, און זיי זאלען זיך שטעלען אונטער יריחו — וועט זיך א שטיינדעל ריהרען? און א צוים וועט יא איינפאלען?

אט, יענקעל, אונזער גבור, טשאכנאווסקי'ס גאוה, די קרוין פון איהר קאפ; טאקע אונזער יענקעל, — וואס קאן ער? ביים סדר שרייט ער „שפוך חמתך“, ווי א לייב; פורים שלאגט ער המן'ען, אז עס הילכט; „לשנה הבאה בירושלים“ רופט ער, אז די ווענט ציטערען, — און יענע וואך האט ער געבראכט א פעסעל וואסער צום שלש־סעודות, און האט זיך דעם מארך־ביין געריהרט!

און נישט נאר די גבורים זענען אויסגעשטארבען, אפילו די גבירים! אין אויסלאנד בין איך נישט געווען: דארט, זאגט מען, זענען דא גבירים, אמת'ע גבירים; — וואס איך האב נישט געזעהן, ווייס איך נישט. אבער דא!

איהר גלויבט אין זייער עשירות און לייקענט אפ זייער חלק אויף עולם־הבא, באשר בכן? זיי האבען קיין רחמנות נישט אויף אן ארעמאן, פארזארגען נישט קהל; אז כלל ישראל איז אפילו אין א סכנה, ריהרען זיי זיך נישט פון ארט, דאס הייסט — זיי קאנען, נאר ווילען נישט טון. און איך גלויב אין זייער חלק לעולם הבא און גלויב נישט אין זייער עשירות. איך זעה, אז אן עושר שטארבט, שטארבט ער מיט'ן עשירות צוזאמען; אלץ איז ארויס:

די נשמה פון גוף, דאָס געלט פון קאַסע, דער קרעדיט פון געד־שעפט — אַן אויסגעבלאָזען איי.

ווי אַזוי איז דאָס געשעהען?

עס איז קיין נשמה נישט געווען, קיין עשירות נישט געווען; קרעדיט איז יאָ געווען, ווייל וואָס איז קרעדיט? שמור לי ואשמור לך: איך לאָז מיך גענאַרען, און דו לאָז דיך גענאַרען!

אַזוי איז שוין אין דער סוחר'שער וועלט.

עורבא פרח — אויף אידיש הייסט עס: נ י ש ט געשטויגען און נ י ש ט געפלויגען.

תכלל, איך האַלט מיך ביי מיינעם: אַלץ געהט צוריק צו תהו־ובהו, אַלץ פאַלט —

יראת שמים אפילו אויך!

אַמאָל, למשל, זענען געווען בעלי־בתים. דאָס הייסט — פשוט'ע מענשען, אַהן ספקות, אַהן שאלות, אַהן חקירות — און פאַר דאָס פון צווייטען צד — אַהן מסירות־נפש, אַהן קדוש־השם, תעניתים און גלגול־שלג. פון וויג ביז אין קבר אַריין איז עס זיך נעגאַנגען אין גלייכען וועג, זיך נישט אָפּגעשטעלט, אפילו זיך נישט אומגעקוקט! גאַרנישט — ווי אַ סאָלדאַט: דער רבונו של עולם זאָגט: „סטופאַי" — געהט ער — דאָס איז געווען, הייסט עס, דאָס אונטערלאַנ — דער המון־עם; פאַר דאָס פון אויבען, מיט זעקס קעפּ העכער, זענען געווען די גדולים, און טאַקע פון ביידע צדדים. פון איין זייט — מסטרא דימין, הייסט עס, — גאונים אדירים, טליתים פון סאַמע תכלת, נשמות טאַקע פון אונטער'ן כסא־הכבוד! אַזאַ אידם אַ מחשבה האַט טאַקע מקיף געווען, ווי מיט אַ גאַרטעל אַרומגענומען אַלע עולמות; און אַזאַ אידם אַ וואָרט — הימעל און ערד האָבען געציטערט.

פאַר דאָס אין צווייטען צד, זענען געוועזען אפּיקורסים, טאַקע אמת'ע אפּיקורסים. אַ מח, ווי אַן עגבער — אַלץ דורכגעשטאָכען, אַלץ דורכגעזעהן.

פנחס כופר־הכל — אַזוי האָט מען איהם גערופען — האָב איך דאָך אַליין געקענט. גאַרנישט — לית דין ולית דין! און געה, שפּאַר דיך מיט איהם! אַ מענש האָט אַ מויל, ווי אויף שרויפען, אַ צונג — חרב חדה, און האָנעלט מיט ראיות — רחמנה לצלן!

אַז ער האָט געקריגען אַ מאַטש אין דער האַנט אַריין, האָט

ער מיט איהם געווארפען, ווי מיט א קארטאפעל אין אלע עולמות; עס האט פאר די אויגען געשווינדעלט.

און מיינט איהר, עס זענען געוועזען עולמות; עס איז קיין א י ן וועלט, זאגט ער, אויך נישט דא. ער ווייזט מיר אויס מיט ראיות ברורות, אז עס איז קיין וועלט נישט דא, א י ך בין נישט דא, ע ר איז נישט דא, און דער שטענדער, ביי וועלכען מיר זענען געשטאנען, איז אויך לא היה ולא נברא, — אלץ איז א פארבלענדעניש.

אזא מענש איז דאס געוועזן; מבטל געוועזן, אלץ מבטל געוועזן...

און היינט, ברידערליך?

אוים גרויסע! קיין גדולים פון ד ע ר זייט, קיין גדולים פון י ע נ ע ר זייט; קיין פשוט'ע בעלי־בתים זענען אודאי נישט דא... פאראן מיטעלמענשען, נאר נישט אזוינע, וואס געהען אין דער מיט, נאר אהין־און־אהער־מענשען, וואקעל־מענשען, שכור'ע נשמות...

יעדערער איז „חציו שלי וחציו שלך"; חסידים, מיט א שפאר ביסעל יצר־הרע, אפיקורסים, וואס פאהרען ביים ערשטען צאן־וועהטאג צו א גוטען איד, און די בריק צום סמבטיון האט נאך הינטער זיך קיין איינציגער אפיקורס נישט פארברענט.

דער פרומסטער איד האט דרייערליי שלחן־ערוך'ם: א שלחן־ערוך פאר'ן רשות הרבים מיט סאמע אסורים; א שלחן־ערוך פאר'ן כרמלית, וואו נאר ער און זיינס גלייכען געהט — מיט א מאסע היתרים און א שלחן־ערוך פאר זיך אין דער היים — סאמע לע־דיגע בלוטער מיט א י י ן התרת נדרים...

די אפיקורסים זענען אויך אזוי: דרייפאכיגע, פיערפאכיגע, וויפיעל איהר ווילט אליין.

אין דער היים שארפט ער זיך די בריטווע צום גאלען די באַרד און דער רצועה של תפלין, ביי זיך אין „רעדעל" איז ער יוצא דער־מיט, וואס ער איז א גרויסער אוהב ישראל, דער עיקר מיינט ער, די בנות ישראל... און א „מאמר" שרייבט ער: חס ושלום, ריהרט נישט! צאן־קדשים, בני־נביאים, מנהגים קדושים — ממש עס ברענט... און געה וויים!

דאס איז אין „נגלה"; אין „נסתר" איז אויך דאס איינענע.

עס פעהלען נישט קיין מקובלים, זיי וואָלטען געקאָנט באַשאַפען גולמות, אראָפּברענגען משיח'ן, הייסען שניי זאָל פאַלען אין תמוז, און אינמיטען ווינטער זאָל געהן א שלאָגס־רעגען. — נאָר נאָך וואָס טויג עס זיי? זיי ווילען בעסער ע"פ קבלה איבערפּעקלען א שטי־קעל סחורה איבער די גרענעץ, פּארקויפען אן עקרה פאַר ח"י זהובים א בן־זכר...

א קרעמעל האָבען זיי זיך געמאכט, און איינער יאָגט דעם צווייטען, און די פדיונות ווערען קלענער פון טאָג צו טאָג...

און די אפּיקורסים האָבען זיך אויך גענומען א קרעמעל... אראָפּברענגען זיך, ווי פּארצייטענס, א בת מלכה, איז היינט שוין נישט כדאי, מאכט מען זיך בעסער א פּארלאַג מיט קליינע יצר־הרע־ביכלעך...

קליינע פדיון'עלעך, קליינע ביכלעך, קליינע מענשעלעך...

מיט א י י ן זאַך טרייסט איך מיך נאָר: פּני הדור כפּני הכלב; די וועלט האָט שוין אַזאַ הינטיש פּנים, אז משיח מ ו ז שוין קומען...

# איבער שרפות.

יעדען זומער מעהרען זיך די שרפות אויף דער האַלצערנער פּראָווינץ, נאָר ד אַ ס יאָהר האָבען מיר געהאַט אַ מ ג פ ה פון שרפות.

מען האָט נישט גערעדט פון פאַרברענטע הייזער, נאָר פון גאַסען און שטעדט, וואָס זענען אַוועקגעגאַנגען מיט'ן רויך!

טויזענטער פאַמיליען זענען געבליבען אָהן אַ דאַך איבער'ן קאָפּ, טויזענטער בעלי־מלאכות — אָהן ווארשטאַטען, אָהן כלים צו דער ארבייט; בעלי־בת'ישע מענשען האָבען געמוזט אויס־שטרעקען די הענט נאָך בעטעל־ברויט.

אויך איז זיך זעלטען באַגאַנגען אָהן לעבעדיגע קרבנות.

מיר האָבען געלעזען פון מענשען, וואָס זענען ארומגעלאָפען משוגע פאַר שרעק אין די ברענענדיגע גאַסען, און האָבען נישט געפונען דעם וועג פון דער שרפה אַרויס.

פון עלטערען, וואָס האָבען אין פייער און רויך די ק י נ ד ע ר פאַרגעסען און געראַטעוועט אַ שעניק מיט שטרוי אָדער אַ שייטעל האָלץ.

פון בעלי־בתים פאַרברענטע, וואָס האָבען געדריקט אין פאַר־קנוילטע הענט עטליכע רובעל...

ווער איז שולדיג אין דער שרעקליכער מגפה פון שרפות?

שולדיג איז געווים דער דלות, וואָס בויט מיט האָלץ און שטרוי, נישט מיט שטיין און אייזען.

שולדיג איז די ברענענדיגע זון, וואָס האָט דאָס אַלץ אויס־געטרוקענט, ווי די קינדלער.

שולדיג איז דער, וואָס איז נישט געוואָרענט געוועזען און האָט דעם ערשטען פונק געלאָזט.

שולדיג איז דער ווינט, וואָס האָט געשפּילט זיך מיט'ן פייער

און איבערגעוואָרפען די פייערדיגע צונגען מיט די רויכיגע זיילען פון איין עק שטאָדט צום צווייטען.

נאָר שולדיג איז אויך די פאָרשטעלונג פון א „געראָטען קינד“. דאָס א י ד ע א ל פון גוטע, ציכטיגע אינגלעך, וואָס האָט נוהג געוועזען אמאָל און איז נאָך נוהג עד היום אויף דער פּראָווינץ. וואָס איז געבויט פון האָלץ און פון שטרוי...

וואָס הייסט א גוט ציכטיג קינד? נישט אזוינס, וואָס וואַרפט ארויף די פאַנטאָפעל אויפ׳ן דאַך פון נידעריגסטען הייזעל, ער זאָל דערנאָך ארויפקריכען און זיי אראָפּנעמען; אפילו נישט אזוינס, וואָס פיהלט אין זיך אַ איבריג ביסעל כח און וויל עס אויסברענגען מיט „איבערהאָצקען“ די גאַס! אפילו נישט אזוינס, וואָס שפּרינגט איבער דער שטוב פון איין ענגען ווינקעל צום צווייטען!...

ווען און ווינד איז דעם קינד, וואָס מען האָט געטראָפען רייטענדיג אויפ׳ן שטאָדט־צאַפּ, ארומשפּרינגען אויף די ברעטער, וואָס מען האָט אנגעגרייט צו א בנין.

ציכטיג און שטיל הייסט — געהן זיין וועג מיט קליינע שפּרייז, ווי א כשר׳ער איד אין שבת, נישט אָפּשטעלען זיך אין גאַס און אַז אויג וואַרפען אויף דעם, וואָס טוט זיך ארום, בפרט נישט ארויסכאַפּען זיך פון שטאָדט און זעהן, ווי די בוימער וואַקסען אדער ווי עס שאָקלען זיך די זאַנגען אין פעלד.

אַ איבריג מאָל באָדען, איז א זינד; א הויך, פרעהליך, קינדיש געלעכטער, א סימן פון א „לאָבוז“, פון א מאוס׳ען קונדאָס! ווער שמועסט א פייף טון אדער לאָזען א פאַפּירענע שיף אויפ׳ן רינשטאָק! צו שפּילען אין באָל מוז מען שוין זיין אין אמת א „שייגאָץ“...

א גוט, ציכטיג קינד הוידעט זיך נישט אויפ׳ן בענקעל, קוקט נישט ארויס דורכ׳ן פענסטער, שטעהט נישט אין טיר; די איינציגע באַוועגונג, וואָס איהם איז ערלויבט, איז צו שאָקלען זיך ביים דאַווענען און צו דרעהען מיט׳ן גראָבען פינגער ביים לערנען; זיצען אויף אַן אָרט, נישט קאָנען קיין צוויי צעהלען; זיצען שטיל, מען זאָל „זיין פּאָרע נישט הערען“!

אָט דאָס איז א וואויל געראָטען קינד!

א מאַמע פרעהט זיך, אַז איהר קינד זעהט שוין, קיין עין־הרע, אויס, ווי אַן אַלטער! על כל פנים, ווי א מענש!

נאך גרעסער איז די שמחה, אויב עס קרימט זיך איהם אויס דער מארך־ביין מיט'ן פלייצעלע פון התמדה; ווער שמועסט, אויב דאס קינד ליידט שוין אויף א געוויסער קרענק גלייך מיט'ן ערש־טען בעסטען מלמד!

אן אידעאל פון א קינד איז — א ווייכער לייב, ווי א קלוסקע־לע, א געל פנים'על, ווי אן אקס, און א דורכזיכטיגע הויט, ווי גלאז... דערצו מוז עס נאך זיין קרום, ווי א שופר...

אן אמת אידיש קינד הייסט עס, א רינענדיג נעזעל און טרי־פענדיגע אויגעלעך האט עס, אויף ליימענע פיסלעך שטעהט עס, נאר עס שיינט און עס האט טויזענט חן! טאקע א פיין, גרין צי־בעלקעלע, וואס האט ארויסגעשפראצט אויפ'ן מיסט אין גשן פון מצרים...

פון די שטיל־שוויינענדיגע קינדער ווערען חתן־בחורים...

אלע ארום האבען געטאן זייערס בשלמות: דער פאטער האט אויסגעפאטשט, די מוטער — אויסגעקניפען, פעטערס און מוהמעס — אויסגעשריען, און די מלמדים — אויסגעשמיסען א פיין חתן־בחור'ל...

אומזיסט באמיהט זיך די לעבעדיגע יוגענד אויסצובלאזען אינ'ם פארטריקענטען הערצעל עפעס א פארלאנגען, א חשק צום לעבען; דער הויך פון פרישען זומער בלאזט אויף אש, דער מאר־גען־טוי פאלט אויף פויל האלץ.

דעם חתן־בחור בליצען אויף די אויגען אפשר דאמאלט, ווען ער קריגט א מתנה א זייגערל, א יארמולקעלע; ווען ער מאכט א סיום, ווען מען פארברענט דעם חמץ, אדער ווען א איד מעג נע־מען אן איבריג ביסעל בראנפען, דאס הייסט, פורים — המן'ען אויף פאהיבעל! אפשר נאך שמחת תורה!

מיד און פארשלאפען שטעלט ער זיך אונטער דער חופה און כאפט זיך אויף צום מ א ר ג ע ן שוין אלס יונגערמאן!

עס שפראצט איהם נאך קיין איינציג האר איבער דער אוי־בערשטער ליפ און ער איז שוין איינגעשריבען אין חברה־קדישא!

איידער ער געוועהנט זיך צו צו דער נייער „תבונה", צו זיין איינגענער שטאדט אין קלויז, צו א בעל־בת'ישער עליה — איז ער שוין א טאטע פון א קרענקליכען קינד, וואס וועט דורכמאכען דעם

איינענעם קראַנקען וועג, אונטער דעם אייגענעם רעגען פון צופּ, ריס, קניפּ, דזשיאַד און פּעטש...

נאָר — מיר האַלטען נאָך נישט ביים קינד.

דער פאָטער ווערט דערווייל אַן אמת פיין בעל־בית'ל! ער מישט זיך נישט אריין אין קהל'ס זאַכען; ער וויל נישט וויסען, וואָס עס טוט זיך ביי דער קלפי; זיין דאגה, ווער עס איז גבאי אין בית־המדרש! ער זאָגט קיינעם קיין דעה נישט, ער האָט ז י י ן ווייב, ז י י ן שטוב, ז י י ן גמרא אויף ז י י ן שטענדער און זיצט זיך שטיל, ווי א טויב, נאָר דער האַרב ווערט גרעסער און גרעסער און אויף דער לעבער הויבט ער אָן צו ליידען...

מיר ווילען דעם שטילען ציכטיגען יונגענמאַן נישט באַגלייטען אויף זיין שטילען, ציכטיגען וועג ביז'ן קבר אריין. מיר פאַרהאַלטען זיך ביי דער מינוט, ווען ער איז אין די בעסטע, בליהענדיגע יאָהרען — א שעהן יונג בעל־הבית'ל, ווי געזאָגט — פון אַן אייגענער שטוב, פון אייגענע ווייב און קינדערלעך, מיט אַן אייגענער שטאָדט אין בית־המדרש. א חנו'דיגער יונגערמאַן! אויסגעוויקסט, ווי א הערינגעל.

ביי די שלייפען אונטער'ן דינעם הייטעל שפּרינגען אַרום בלויע אָדערען.

אַז ער נעמט די קופּערנע קוואָרט מיט די צוויי אויערען צום וואַשען אין דער האַנט אריין, ציטערען איהם די הענט.

אַז ער געהט איבער דער גאַס אויף די שטרויענע פיסלעך, ווייסט מען נישט, צי לאָמט ער, צי האָט איהם אַ ווינט געכאַפּט און אויסגעקרימט!

די אויגען זענען באַחעפט צו דער ערד — טאַמער, חס־ושלום, קומט איהם אַקעגען אַן אשה!

דער קאָפּ איז געבויגען איבער'ן דאַרען ברעטעל, וואָס מען רופט „ברוסט", ער זאָל, חס־ושלום, נישט דריקען די פיס פון דער שכינה!

מיט די הענט וואַרפט ער נישט, עס איז קיין דרך־ארץ, קיין שטייגער נישט!

אָט — א שטיל־ציכטיג בעל־הבית'ל ווערט פון א שטיל־ציכטיגען קינד...

און אַז דאָס שטעדטעל באַשטעהט פון אסך אַזוינע יונגע

בעלי־בתים, און עס איז נעבוים פון האלץ, און די היצען האבען דאס האלץ אויסגעטריקענט, און א שכור האט פארלוירען א פונק, און עס מאכט זיך דערצו א ווינט... פארשטעהט איהר אליין שוין די רעשט!...

אונזער יונגערמאן וועט קיין קאן וואסער נישט טראגען, אויף קיין דאך נישט קריכען; קיין האק, קיין דראנג אין האנט ארייז נישט נעמען...

אונזער יונגערמאן שטעהט פאר זיין איינענעם הייזעל און ציטערט, ווי אין א פיבער! ער ציטערט, נאר ער מישט זיך נישט... אז דער רבונו של עולם וועט וועלען, וועט ער איבערדרעהען דעם ווינט, אדער עס וועט אראפפאלען א שלאגס־רעגען... און אויב נישט, אויב זכות אבות וועט נישט העלפען און דאס פייער וועט צוקומען צו זיין איינענעם הויז, דאמאלט... א! דאמאלט וועט ער ערשט משוגע ווערען פאר שרעק און ראטעווען א שייטעל האלץ...

איך האב די באמערקונג געמאכט מיינס א באקאנטען זיידענעם יונגענמאן, בשעת מיר זענען געזעסען אויף א שטיין, א שריד ופליט פון אן אפגעברענטער גאס און האבען באוויינט דעם פרישען חורבן.

— איך איז גוט צו זאגען — ענטפערט מיר דער יונגערמאן — און א י ך וויל אייך דערצעהלען, וואס מיין פעטער אברהם'ל האט געהאט!

איינמאל איז ער ארויסגעגאנגען שפעט ביינאכט, שבת־צונאכט פון א שלש סעודות, נאך א קענדעל פריש וואסער צום פלומפ...

ער איז א בעלזער חסיד, און בעלזער חסידים פיהרען לאנג שלש סעודות...

היים איז נעווען, האט זיך זיי פריש וואסער פארגלוסט.

ווער זאל געהן צום פלומפ? האט מען גורל געווארפען! און דער גורל איז געפאלען אויף מיין פעטער אברהם!

מילא, דער גורל איז געפאלען, געהט ער.

ער געהט צו צום פלומפ, גיסט אן א קענדעל וואסער און געהט צוריק אין איין ציטערניש. עס זאל איהם קיין הונט נישט אנפאלען; ווארים שפעט ביינאכט, אז עס ווערט שטיל אין מארק, הערט

זיך דאָס וואַיען פון די הינט פון דער פאָרשטאָדט, אַז עס גערט אַ יטווידער דורכ'ן לייב.

טיילמאָל טרעפט זיך, אַז אַ הונט פאַלט איין זיך דורכצוריספאַצירען אין גאַס און אָפּרייסען אַ איד אַ פּאָלע.

הכלל — ער גערט.

לויפען קאָן ער נישט, דאָס קענדעל מיט'ן וואַסער איז גענוג שווער; אויסגיסען און צוריקקומען מיט אַ לעדיגער קאָן, שעמט ער זיך!

נו — טרעפט זיך איהם אַ נס!

ער דערזעהט פון ווייטענס, אַז עפּעס בלישטשעט רויטליך. „אַ אוצר“, מיינט ער, און דאָס באַנייט איהם דעם כח און ער לויפט צו מ י ט ' ן קענדעל וואַסער! ער האָט עס קיין צייט נישט געהאַט אוועקצושטעלען!

ער קומט צו נעהנטער, זעהט ער, אַז משה־אהרן דעם שוחט'ס הייזעל הויבט נאָר וואָס אָן צו ברענען; איהר קענט דאָס הייזעל? עס וואַקסט שוין אַ יאָהר פיערציג אין דער ערד אריין, ציגען שפּרינגען אַרום אויפ'ן דאַך.

און דאָס דעכעל ברענט אין אַ זייט, אַ שפּיץ פון דער שטרויענער זוים ברענט, ווי אַ ליכטעל...

מיין פעטער אברהם קלערט נישט לאַנג, גיסט אַרויף דאָס קענדעל וואַסער און גיט אַ געשריי: „געוואַלד!“ —

וואָס קלערט איהר? אַ סוף, ווי המן האָט ער געהאַט!

אַ יאָהר דורכאַנאַנד האָט מען איהם געשלעפּט אין פּאָליציי און אין סאָנד אַריין פאַר אַן עדות! איהר קענט מיין פעטער אברהם? אַ ש ע ה נ ע ר עדות? ערשטענס, פאַרגעסט ער אַראָפּצונעמען דאָס היטעל — כאַפּט מען איהם אַראָפּ מיט'ן קאָפּ צוזאַמען; דערנאָך זעהט מען, אַז ער איז אַריין מיט בלאָטיגע שטיוועל, וואַרפט מען איהם אַרויס, ער זאָל זיי אָפּווישען; מיינט ער, אַז מען הייסט איהם אהיים געהן — שלעפּט מען איהם צוריק מיט זשאַנדאַרען. און דערווייל קאָן ער קיין צוויי ווערטער גוי'ש נישט רעדען. און דאַ הייסט מען איהם דערצעהלען, וויפיעל אייַלען ווייט ער האָט דאָס פייער דערזעהן, ער זאָל אָפּמעסטען אויפ'ן טיש, ווי גרויס דאָס פייער איז געווען...

און ער הויבט נישט אָן צו וויסען, וואָס מען רעדט צו איהם!

און אז ער פארשטעהט שוין, וואס מען פארלאנגט און וויל מעסטען, דערזעהט ערשט דער בורמישטש, אז ער האט פארסמאלעטע הענט און ווארפט איהם ווייטער ארויס — ער זאל זיך אפוואשען די הענט און נישט איינריכטען דאס גרינע טישטוך!... וואס קלערט איהר, עס האט געדויערט א יאהר; מיין פעטער אברהם האט נישט געהאנדעלט, נישט געלערענט, נישט געגעסען, נישט געשלאפען און איז ארייננגעפאלען פאר צרות אין א קרענק!

אמבעסטען — זאגט מיין זיידענער יונגערמאן — איז פאר א איד זיך נישט ארייננצומישען! נאר פון ווייטענס!

זעהט ער — עמיץ שלאגט זיך אין גאס — פלטה!

מען רעדט א הויך ווארט, מאך פיס!

נעהסט בייגאכט און עמיץ ברעכט שלעסער — טראג דיך אפ!

פון נישט, האט מען קיינמאל קיין חרטה נישט!...

נאך לאנג רעדען און שפארען זיך האט ער מיר אפילו מודה געוועזען, אז עס וואלט נישט געוועזען קיין לאך אין הימעל, ווען זיין פעטער אברהם'ל זאל נישט געוועזען פארגעסען אויסצוטון דאס היטעל באלד אויף דער שוועל פון מאגיסטראט, אז עס וואלט גאר קיין עולה נישט געוועזען, ווען זיין פעטער אברהם'ל זאל זיך גע־וועזען פריהער אפוואשען די הענט און אויספוצען די שטיוועל (פארקערט מיינט ער: פריהער אויספוצען די שטיוועל און דערנאך אפוואשען די הענט).

ער איז מודה, אז „דינא דמלכותא דינא“ און אויב דאס מלכות וויל, אז די פאדלאגע אין מאגיסטראט און דאס גרינע טישטוך דארט זאלען זיין ריין, דארף מען נישט דוקא טון פארקערט.

נאר א איד זאל געזונט זיין, „ווי א פויער“, איינשרייבען זיך אין פאזשארנע קאמאנדע און ארויפשפרינגען בשעת מעשה אויף א ברענענדיגען דאך, דאס איז נישט מעגליך!

דאס איז נישט און עס וועט נישט זיין!

„ווי הייסט“?

ארום אונז האט זיך דערווייל פארזאמעלט א רעדעל פון „נשרפים“ און „נשרפי'טעם“ (די לעצטע זענען געשטאנען אפגע־רוקט פון דערווייטענס) און אלע האבען מודה געוועזען, אז א איד

קאָן נישט געזונט זיין, ווי א טערק, למשל, ווייל א מענש מיט תורה, קאָן באין אופן נישט זיין אזוי מגושם'דיג!

— א ירא שמים — רופט זיך אָן א מלמד — מ ו ז זיין א כשל ברד!

— אז מען זיצט און לערנט — מאכט א צווייטער — אז מען פיהלט נאָר א טעם אין לערנען, קאָן מען שוין נישט אזוי אכטונג געבען אויפ'ן גוף! ווער עס וויל געזונט זיין, דער מוז עסען צו דער צייט, שלאָפען צו דער צייט, שפּאצירען געהן א שעה — דאָס איז אלץ נישט פאר קיין איד געמאכט געוואָרען...

— איך געה איינמאָל אין יאָהר — זאָגט א דריטער — צו תשליך, האָב איך די והותר!

— אויף מיין וואָרט — שווערט זיך עמיץ —· אז שבת דאוור־נען געהן, איז מיר אויך טיילמאָל שווער; די שול איז וויים, און געה גלאָט איבער דער גאָס! גאָרנישט? ! געה איבער די גאָס! וואָס? דאַווען איך טיילמאָל ביחידות...

— רבותי, — האָב איך זיי געענטפערט, — לעגט נישט דעם גאנצען ביינעל אויף דער תורה! די תורה איז דאָ וועניג וואָס שולדיג... צי טוט נישט דאָס זעלבע דער אידישער שניידער, שוס־טער, האָלץ־העקער, שטיין־קלאָפּער און אלע אידישע בעלי־מלאכות? צי זיי, וואָס האָבען נישט צו טון מיט סאמע תורה און יראת שמים, וואָס פיהלען נאָר א טעם פון א שניט און א פּאָלבאָנע — צי זיי ארבייטען מיט א סדר, צי זיי עסען, שלאָפען און רוהען צו דער צייט?

— אמת, — איז מיר עמיצער מודה, נאָר דער אָוועגט איז צוגעפאלען און איך זעה נישט ווער—, דער אידישער דרך איז שוין אזוי, אלץ ביז די לעצטע כהות...

— עס איז אָבער נישט גוט אזוי, זאָג איך, און וויל זיי אויפ־ווייזען, אז אידען אין ארץ ישראל זענען געוועזען געזונט טאקע „ווי די פּויערען“, אז זיי האָבען אויך מלחמות געפיהרט, גבורות געוויזען, ווי אלע מענשען געלעבט.

איך וויל דורכגעהן די געשיכטע פון אברהם אבינו, וואָס האָט די ערשטע מלחמה געהאלטען מיט פינף מלכים, ביז די חשמונאים. וואָס האָבען די גריכען געשלאָגען... איך וויל מיך צולאָזען, דער־היצען, ציטירען ציפּע דער שניידערינס רייד:

„פארוואס קומט גן־עדן, זאָלען זיי מיר זאָגען,
נאָר נעלעניש — זאַבעניש, נאָר חולה־מאַגען ?
גבריאל'טשע, איך פרעג דיך, פארוואס ?

צי זענען געוועזען אויך שוואך און אהן אָטעם
יעקב אבינו'ס עשרת השבטים ?
געדענקסט ? אז א קול זאָל דערלאַנגען
ביז פרעה'ן, צום פאַלאַץ, געדענקסט דו, גבריאל ?
פרעה, פאר שרעק — א טאַלעץ פון דער שטול...
און היינט־זשע — דאָס שפּרינגען אויף זאַנגען ?

און וואָס איז געוועזען, זאָג, שמשון הגבור ?

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איך האָב געוואָלט רעדען און רעדען, פון דוד'ס דריי גבורים, וואָס האָבען זיך דורכגעשניטען דורך א מחנה פון שונאים און געבראַכט דוד'ן פריש וואַסער ! פון אהוד... פון טויזענט אנדערע ; עס האָט זיך אבער אויסגעוויזען, אז איך רעד אומזיסט.

זיי ווייסען דאָס אַלץ.

— בא, בא, — מאַכט אן אַלטער איד מיט א וואונדערליכער העל־זילבערנער באָרד — בא, בא גיט אונז א לאַנד ! גיט ערד, גיט דערפער, גיט פרישע לופט...

— אידען, — שרייט עמיץ דורכגעהענדיג, — אידען, מעריב דאַוונען !

דער עולם איז זיך צונאַנגען און דאָס איז מיין גליק געוועזען ; די צונג איז מיר, ווי א האַלץ געוואָרען, נישט איבערצודרעהען !

.1895

# די נייע באַוועגונג.

אין מערב־אייראָפּאַ, צווישען די שווערבאַוואָפענטע פעלקער, וואָס אָטעמען קוים אונטער דער שטאַלענער לאַסט; אין מערב־אייראָפּאַ, וואו די פּרעסע פון האַס צווישען פעלקער, רעליגיאָנען, ראַסען און קלאַסען רייסט און בייסט מיט ווילדען כעס דעם אייזערנעם נאַמאָרדניק; וואו די רעגירונגען נוצען דעם אַנטיסעמיטיזם אלס דונער־אַבלייטער פאַר די גאָלדענע פּאַלעצען, וואו קינד און קייט וואַרפט זיך אין ווילדע חלומות פון דינאַמיט... אין מערב־אייראָפּאַ באַמערקט זיך אַצינד א נייע באַוועגונג...

איבער'ן ווילד־ברויזענדען ים פליהט א טויב מיט א גרינעם בלאַט פון שלום.

עס מאַכען זיך איבעראַל מאָראַלישע געזעלשאַפטען, וואָס ווילען, עס זאָל אויפהערען דער אייביגער קריג צווישען רעליגיאָנען, פעלקער, ראַסען און קלאַסען; מענשען זאָלען אָוועקלעגען דאָס מערדערישע געוועהר פון האַנט; יעדערער זאָל אָוועקלעגען דעם קאַלטען רשע — דעם עגאָאיזם; מענשען זאָלען אָנהויבען לעבען מאָראַליש, — מיט יושר, מיט רחמנות...

זיי גלויבען אין דער מאָראַליטעט, וואָס איז נ י ש ט דער אָפּגלאַנץ פון דער בלאַנקער שווערט, וואָס שטעקט נישט אין קרופּפּ קאַרטעטשען, וואָס האַלט זיך נישט אין דער געביילטער פויסט און געהט נישט האַנט אין האַנט מיט אייגעננוץ, שאָוויניזם און רעליגיאָנס־האַס!...

און זיי גלויבען, אַז דער מענש מוז זיך אויפכאַפּען פון דעם ווילדען שלאָף און דערזעהן דאָס ליכט, וואָס שלאָגט איהם אין די אויגען! ער מוז דערפיהלען, אַז ער איז מ ע נ ש, און אַז נישט

דער עגאָאיזם מיט נעגעל און באַקציין, נאָר די ריינע מענשליכע מאָראַליטעט דאַרף זיי דער קאָמפּאַס, צו פיהרען זיין שיף איבער׳ן ים!

---

איהר שאָקעלט מסופק מיט די קעפּ! אונזער פּעסימיזם, וואָס איז אַרויס, ווי אַ הונגט־שוואַם אויפ׳ן מיסט פון די לעצטע צייטען, איז אַ נאַכטגעוויקס און דרעהט זיך אַוועק פאַר יעדען ליכטיגען שטראַל...

און דער עיקר — עס איז דאָך נעגען די לעצטע פּוסקים! נעגען דאַרווין, ספּענסער און ליפּערט, געגען די דריי זיילען, וואָס האַלטען אונטער די בילדונג אפילו אין ישיבות און בתי־מדרשים.

מען זאָגט, אַז דער אייגענער בטלנ׳ישער ליז, וואָס האָט גע־וויזען אויף דער האַנט, ווי אַזוי פראַנצויזען און פּרייסען האָבען מלחמה געהאַלטען, און האָט, מיט אַ ש פּ י י אויף דער האַנט, דערטרונקען עטליכע ראַטעס סאָלדאַטען פון ביידע צדדים, האָט אַמאָל אויך אויסגעטייטש, פון וואַנען עס נעמען זיך אַזויפיעל פאַר־שידענע מאָדען אין ווייבער׳שע קליידער.

יעדער פאַבריקאַנט — זאָגט ער — האָט שטעהן אַ פּעסעל מיט מוסטער־שטיקלעך; וואָס אַמאָל כאַפּט ער אַרויס אַ מוסטער, אַרבייט נאָך אַ סחורה און — עס ווערט אַ נייע מאָדע!

און, אַז ער האָט דאָס גאַנצע פּעסעל געענדיגט, דרעהט ער עס איבער קאַפּויר, און עס קומט אַרויס ג אָ ר אַ נייע מאָדע, וואָס די באָבע־יאַכנע האָט נאָך געטראָגען.

איך וויים נישט, ווי אַזוי עס געהט צו ביי פאַבריקאַנטען, נאָר אין דער פילאָזאָפישער אינדוסטריע איז זיכער אַזוי!

אַלטע סיסטעמען שטעהען אויף תחית המתים און ווערען צו־ריק די נייעסטע מאָדע...

אין אַ צייט אַרום פאַרלירט די נייע סיסטעם דאָס געזונט, הויבט אָן הוסטען, קריגט אַסטמאַ — פאַלט אַוועק, שטאַרבט און ווערט באַגראָבען, און אויף איהר אָרט שטעהט אויף אַ נייער שוכן־עפר; אַ נייע פילאָזאָפיע פון דער באָבע־יאַכנעס צייטען — און די באָבע יאַכנע, אויב זי לעבט נאָך, טאַנצט פון פרייד, אַז איהר צייט איז צוריקגעקומען!

דאכט זיך, אז „כל דאלים גבר" (ווער עס איז שטארקער, ביי דעם בלייבט עס!) איז אן אלטע פילאזאפיע, נאך פון אדם הראשון'ס צייטען... און אמת'ע, נאקעטע וואלד־פילאזאפיע — אלץ ווענדט זיך אין דער פויסט. די וועלט איז א קניזש: ווער עס איז שטארקער, בייסט פריהער אריין; ווער עס האט א ברייטער מויל און בעסערע ציין, רייסט אפ א גרעסער און א בעסער שטיק... אדער ווי מען פ ל ע ג ט זאגען: אויף דער וועלט איז, ווי אויף א חתונה — כאפ און פרעס, כאפ און זויף!

די סיסטעם איז אזוי אלט, ווי דאס ווילדע לעבען.

נישט איינמאל האט זיך אפילו שוין געדאכט, אז די מארא־לימעט, אז דער יושר פון ציין־און־נעגעל איז אפגעשוואכט, אפ־גענוצט; אז מיר האבען די „טייערע שמאטע" אין ארכיוו אריינ־געלעגט, וואו זי איז שוין מיט שימעל באוואקסען; אז מ י ר, מיר מ ע נ ש ע ן, האבען שוין איינגעזעהן, אז דאס פאסט נאר פאר ווילדע חיות און נאך נאקעטע ווילדע לייט; אז מ י ר דארפען זוכען אונזער גליק אין עפעס אנדערש, עפעס גרעסערס, העכערס... און דאך — האט זיך נאר אזוי געדאכט! די פילאזאפישע פאברי־קאנטען פון נייצעהנטען יאהרהונדערט: דארווין, ספענסער, לי־פערט און אלע זייערע נאכשלעפער און נאכשטופער האבען די מאדע ב א נ י י ע ר ט!

דארווין האט באמערקט, אז דורך ערציהען, לעבען אויף א גע־וויסע ארט, אין א געוויסען קלימאט, אין געוויסע באדינגונגען — פארענדערט זיך דער קערפער פון מענשען און חיות, און דערפון איז איהם איינגעפאלען צו באנייען די אלטע לאמארקישע סיס־טעם, אז גאט האט קיין באזונדערע מינים נישט באשאפען, אז פון זיין האנט איז נאר איין לעבען ארויס; אז די אלע מינים, משפחות און סארטען קומען ארויס מיט דער צייט — איין מין פון צווייטען, איין סארט פון צווייטען; און דאס ווענדט זיך אין די פארשידענע פארענדערונגען, וואס מאכען זיך אינ'ם לעבען... נו — וואס שאדט עס אונז? וואס זאל אונז דער פוסטער יחוס? אדרבא, עס איז מעהר כבוד, אז מיר האבען זיך א ל י י ן אויסגעארבייט, אליין מיט דער צייט פאר מ ע נ ש ע ן געמאכט, דעם עק פארלוירען און אזויפיעל שכל, אזויפיעל יושר באקומען! נישט איינער זוכט אפשר אין שלאף דעם עק, ווי אן אלטער דייטש די יארמולקע, נישט

איינעם חלומ'ט זיך דער וואלד... נאר מיט דער צייט וועלען די חלומות און דאס זוכען דעם נעכטיגען טאג אויפהערען, פאר־שווינדען...

אמת איז, אז אין „בראשית" איז די מעשה אנדערש דער־צעהלט... נאר „מעשה בראשית" איז נישט געשריבען פראסט „כדבר איש אל רעהו" — עס איז פול סודות; א י ך זעה עפעס אנדערש, יענער עפעס אנדערש און דער אלשיך — עליו השלום — אויך עפעס אנדערש... ווער ווייסט, אפשר מיינט נאר ד א ס דער פסוק... א קשיא אויף א מעשה! אז „חמץ" קאן זיין על פי קבלה דער יצר הרע און „מצה" דער יצר טוב, כאטש זיי שטעהען ביידע נישט אין מעשה בראשית, קאן „חוה" זיין די פאנטאזיע, וואס טרייבט דעם מענש צו זוכען נייע אמת'ען, נייע וועגען; דער „עץ הדעת" — די קולטור און די שלאנג — דער „סקעפטי־ציזם", דאס מסופק זיין, דאס אומרוהיגע פרעגען: פארוואס און פאר ווען, דאס וואס לאזט אונזער פאנטאזיע נישט שלאפען און נויט זי, זי זאל אלע רגע אויפשטעלען נייע סיסטעמען, נייע הייזלעך פון קארטען, „אויף וועלכע דער פויערישער שכל הישר דארף נאר א בלאז טון, זיי זאלען אומפאלען"...

פארצייטענס וואלט מען אזא דארווין פארברענט. אין היינ־טיגע קאלטע צייטען האט ער אויסגעלעבט זיינע יאהרען און גע־פונען נאך א גאטס־געלעהרטען, וואס האט אויסגעגלייכט דעם פסוק, ער זאל פאסען צו זיין טעאריע; נאטירליך — דעם פסוק צוליעב. —

נאר דארווין איז געפאלען אויף נאך אן המצאה. ווארים די שאלה איז: פארוואס ווערען טייל פארענדערונגען פארשוואונדען און אנדערע האלטען זיך שטאל און אייזען? מיר ווייסען, אז נישט איינמאל ווערט געבוירען א קאלב מיט צוויי עקען, אדער מיט צוויי קעפ, מיט זעקס פיס — פארוואס בלייבט פון דעם אלעם קיין זכר נישט, און פארוואס, אז עס האט זיך נאר באוויזען א הארן, האבען זיך באלד אלע בהמות פארקוקט און הערנער באקומען? אויף דעם איז די תשובה: כל דאלים גבר! דאס לעבען איז אן אייביגע מלחמה, איינער מיט'ן אנדערען, איין מין מיט'ן צווייטען און איין משפחה מיט דער צווייטער... אלע שלאגען זיך שטענדיג און גובר איז דער שטארקערער — דעריבער איז דאס קאלב מיט איבריגע

פיס נעלם געווארען, ווייל פיער פיס איז איבער גענוג, בפרט — איין קאפ! נאר דער אקס מיט'ן הארן, וואס איז געווארען א שור נגח, האט זיך טאקע געמעהרט און געפרוכפערט, אזוי לאנג און אזוי ברייט, ביז עס זענען געווארען א וועלט אקסען מיט הערנער און די רעשט אקסען  א ה ן  הערנער זענען נעלם געווארען — אויסגע'פגר'ט אדער אויפגעפרעסען געווארען פון אנדערע בהמות, ווייל פון פרעה'ס חלום זעהט אויס, אז אמאל האבען די קיה איינכ דאס אנדערע געגעסען, גאר מענשען צוגלייך! פון וואנען עס האט זיך דער ערשטער הארן גענומען, דאס ווייסט דער טייפעל, גענוג— א הארן האט זיך באוויזען און דער ערשטער גליקליכער אקס, וואס האט'ן געקריגען, האט מוצא חן געווען ביי די קיה, ער האט גע־האט אסך קינדער און האט זיי אלע פאר'ירש'ענט דעם הארן... טרעפט זיך אמאל איינס ווערט נעבוירען מיט א גאלען קאפ — געהט עס לאבוד, — ווי איינער אהן כלי־זין אין דער מלחמה מיט שטארק באוואפענטע! טכוירען, למשל, האבען אמאל געלעבט, ווי אלע אנדערע חיות ובהמות; פלוצלונג האט איין טכויר אנגעהויבען צו שוויצען מיט א ריח — ווי פון א בעל־תשובה, לעבען וועל־כען עס קאן אפילו קיין צדיק גמור נישט איינשטעהן... מיט דער צייט האט מען אלע טכוירען אויפגעגעסען, נאר פאר  ד ע ם  ט כ ו י ר  איז יעדערער אנטלאפען, און ער מיט זיינע יורשים זענען געבליבען לעבען, און זיי מעהרען און פרוכטפערען זיך, אז מען פיהלט זיי שוין אפילו אין דער ליטעראטור... פאקשיווע (אדער ווי די „ליטוואקעס" ווילען: קראפעווע) איז אמאל געוועזען א געוויקס, ווי אלע געוויקסען, נאר פון דער העלער הויט האט איין פאקשיווע אנגעהויבען צו שטעכען און צו בריהען; מיט דער צייט האט מען אלע מינים פאקשיווע צוטראטען, אויסגעריסען, נאר די בריהענדיגע און שטעכענדיגע זענען געבליבען! און אזוי אלע חיות ובהמות! טייל פערד האבען אפשר אמאל קיין עקען נישט געהאט, נאר די אהן עקען האבען זיי די פליגען געפרעסען, און נצול איז געווארען נאר דאס פערד, וואס האט זיך געקאנט קראצען מיט'ן עק ביז'ן קאפ.

הכלל — א מלחמה און מען דארף נאר גוט כלי־זין!

נאר כל־זמן דאס אלץ איז נאר נוהג און וואלד און פעלד, צווישען חיות און בהמות, ארט מיך נישט; לוינט אפילו נישט

צו דערגעהן, פון וואנען עס האבען זיך גענומען די ערשטע פאר־ענדערונגען — דער ערשטער הארן, דער ערשטער שוויים, דער ערשטער עק... נישט כדאי זיך דעריבער דעם קאפ צו פארדרעהען. מיר זענען שוין ל א נ ג פון וואלד ארוים, און ביי אונז, דאכט זיך, איז גאר פארקערט. אט האט ושתי א הארן באקומען, דאכט זיך, א וואויל כלי־זין אין דער מלחמה צווישען מאן און ווייב און בכלל צווישען ווייבער. און דאך — איז דער מוסר שטארקער געוועזען פאר'ן הארן: אחשורוש האט איינגעזעהן מיט'ן שכל פון זיינע עצה־געבער, אז א ווייב דארף פאלגען א מאן, אז יעדער מאן מוז האבען צו שאפען ביי זיך אין דער היים, אפילו ווען ער איז אזוי קלוג, ווי אחשורוש, און דערביי נאך אזוי שכור, ווי ער; אז אויב ער הייסט, די פלונית'טע זאל אריינקומען גאר על־פי־פשט, א ה ן אן איינהילן... אמת איז, אז די ממשלה, וואס א מאן האט, איז כל־זמן דאס ווייב איז אין שטוב נישט אזוי פעסט... נאר דער „יושר" האט פארט גובר געוועזען דעם הארן, און ושתי האט גע־מוזט אפטרעטען אסתר המלכה'ן די קרוין.

עס ווערען גאנץ אפט געבוירען מענשען מיט צו שארפע ציין, צו הארטע פויסטען, אדער מיט נשמות פון טכוירען און פוקסען— נאר מיר האבען שטענדיג געמיינט, אז פאר זייערטוועגען טאקע האבען מיר קרימינאלען, ארעסטען, און טיילמאל (בסוד זאל עס בלייבען) א בינטעל הייסע ריטער, ביז מען ווערט פון זיי פטור... אונזער לעבען, האבען מיר געמיינט, רינט שוין כמעט אזוי קלאר, ווי א וואסער... עס פ א ל ט אמאל אריין א שטיינדעל, מאכט עטליכע רעדלעך ארום זיך, נאר באלד ווערט עס פארשוואונ־דען מיט די רעדלעך צוזאמען, דער שפיגעל גלייכט זיך אויס און רינט ווייטער אזוי ריין, אזוי קלאר, ווי דער הימעל... טיפער איז אפילו קאלט און פינסטער, און דער העכט לאזט דעם קארפ נישט שלאפען, נאר מיט דער צייט, האט מען געמיינט, וועט מען דארט אויך אריינקוקען... מיט דער צייט וועט דער מענש איינזעהן, אז די ערד קאן ערנעהרען צעהן מאל אזויפיעל מענשען, ווי עס איז דא אויף דער וועלט, אז מיר דארפען אנשטרענגען אונזער אינטע־ליגענץ, נישט איינער זאל דעם צווייטען ארויסרייסען פון מויל, נאר מעהר באנוצען די נאטור־קרעפטען, וואס דינען אונז נאך איז נאר א קליינעם פראצענט. מען האט געמיינט, אז איינער וועט

ארויסגעמען די הענט פון צווייטענס טאַש, דער צווייטער וועט אויפהערען צו רייסען דעם ערשטענס נאָז, און זיי וועלען זיךביידע נעמען צו די וואסער־פּאַלען, וואָס רוישען, הילכען, און בייזערען זיך, פאַרוואָס זיי פאַרלירען אַזויפיעל קראַפט אומזיסט... מען האָט נערעכענט, אז אָט, אָט וועט ישעיה'ס נבואה פון אייביגען פרידען מקוים ווערען און אויף דער וועלט וועט ווערען א געקושעריי, א געהאַלזעריי, אז מלאכים אין הימעל וועלען אונז מקנא זיין...

זענען אבער געקומען ספּענסער און ליפּערט און האָבען געזאָגט: לא כי! די צוויי פּילאָזאָפען, מיט א הונדערט נאָכשטופּער, ווייזען אויס, אז אויסער דעם, וואָס מיר קומען אַרויס פון וואַלד, מוזען מיר נאָך אייביג שוין לעבען לויט דעם שלחן־ערוך, וואָס איז אין דעם וואַלד נוהג... און דער שלחן־ערוך האָט נאָר איין פּאַראַגראַף: כל דאַלים גבר! ואידך — פּירושא (די רעשט איז נאָר א פּירוש): פויכט, נעגעל, באַקציין, רציחה, מסירות, פאַלשקייט — וואָס איהר ווילט אליין...

די אייגענע שווערד הענגט איבער אונזער קאָפּ אויך! די פויסט איז ביי אונז אויך יושר און עהרליכקייט צוזאַמען! דאָס גאַנצע לעבען, אפילו דאָס מענשליכע, איז אַן אייביגע מלחמה... יוסל מיט שמואל'ן, אידען מיט קריסטען, פראַנצויזען מיט דייטשען, ווייסע מיט שוואַרצע, מיט געלע — אַלע מוזען זיך שטענדיג רייסען ביי די האָר, צופּען ביי די נעז, און ווער עס איז שטאַרקער, דער בייסט פעסטער אינ'ם קניזש...

די פויסט איז אַלט, ווי די וועלט, ווי דער וואַלד מיט זיינע חיות רעות! נאָר די סיסטעם האָט א נייעם נאָמען! די ח"י גדולים קומען נאָך דאַרווינ'ען: „דער קאַמפּף אום דאַס דאַזיין". הייסט עס! דאָס איז דער העכט, וואָס שווימט אַרום אין ספּענסער'ס וואַסער, דאָס איז די ראַפּוכע, וואָס גראַבעלט זיך אַזוי אומגעלומפּערט אַרום אין ליפּערט'ס שווערען שליים...

אַן אייביגע מלחמה צווישען מענשען, פעלקער און ראַסען! און דו מיש דיך נישט, יעדער דאַרף פאַר זיך זאָרגען!

עס איז שוין אַזוי, עס מוז און עס דאַרף אַזוי זיין!

און עס איז א גאַנץ איינפאַכע סיסטעם:

די גריכען האָבען אַמאָל געטויט קראַנקע און פעהלערהאַפטע

קינדער, עס זאָל ארויס א דור פון סאַמע גבורים, און דער נייַ־צעהנטער יאָהרהונדערט וויל מיט דער פייערדיגער קאָנקורענץ אויסברענען אַלע שלימזל'דיגע מענשען, עס זאָל ארויס א דור מיט סאַמע דורכגעטריבענע שווינדלער...

דאַס לעבען איז אַן אייביגער קריג — ווער עס פאַלט, איז אודאי שכור געוועזען, אדער עס האָט זיך איהם אינמיטען דערינען פארגלוסט צו גענעצען... דאָס לעבען איז א „מאַקאַטווער דראַנג", אויסגעשמירט מיט זייף; ווער עס כאַפּט זיך ארויף, באַקומט א צילינדער מיט א זייגערל...

און מיט דער צייט וועלען אַלע קאַנען קריכען!

---

דער עגאָאיזם, דאָס אייביגע פערזאָרגען נאָר זיך אליין, דאָס אנפילען נאָר דעם אייגענעם מאָגען — אָט דאָס זענען, לויט ד ע ר פילאָזאָפיע, די געשיכטליכע הייוועז, אויף וועלכע עס יעהרט די מענשהייט, און אָהן וועלכע זי וואָלט געבליבען ליגען, ווי אַן אויס־געטריקענט שטיקעל טייג אין עק מולטער — אצינד הייבט עס זיך און וועט באַלד אריבער איבער דער ראַנד! „די אייגענליעבע" אָט דאָס איז, לויט ספּענסער און ליפּערט, די שפּינעריי, וואָס זיצט ביים אייביגען רעדעל פון דער צייט, און שפּינט אונז די ציוויליזאציע!

אפשר שרעקט אייך, וואָס דער שטאָף איז ברודיג פון ארע־מען שוויים און רויט פון אומשולדיגען בלוט? וואָס מאַכט עס אויס? פון דעם שטאָף קומען דאָך ארויס אזוינע שלאָפּרעק, פּרעק און זיידענע קליידער פאַר א צעהנדליג אויסדערוועהלטע... אייביגע מלחמה, אייביגע קאָנקורענץ צווישען מענשען, פעלקער און ראַסען; און מענשען, פעלקער און ראַסען וועלען אזוי לאַנג אראָפּפאַלען, ווי פוילע עפּעלעך פון בוים, ביז עס וועלען בלייבען סאַמע פעהיגע מאַנשעסטער פאַבריקאַנטען!

איהר פרעגט, צי דאָס איז מאָראַליש?

— מאָראַליש? ענטפערט אייך די פילאָזאָפיע, איז דען דאָ א מאָראַליטעט? און אונזערע פילאָזאָפען זענען קלאָר אין דער סאָציאָלאָגיע, ווי ביי זיך אין דער היים און וועלען אייך פערשיטען

מיט א מיליאָן פאַקטען, ווי א וואַלד מיט שישקעס. און מען וועט אייך באַווייזען, אַז יעדעס פאָלק האָט אין יעדער צייט און אויף יעדען אָרט אַנדערע דעות, אַנדערע מדות, אַז וואָס ביי איינעם איז רוים, איז ביים צווייטען גרין, וואָס איינער האַלט פאַר א מצוה, האַלט דער צווייטער פאַר אַן עבירה... ווי קאָן זיין א מאָראַליטעט? ווי קאָן זי דינען אַלס מאַטאָר אין אונזער מאַשין, זיין א לאָקאָמאָ־טיוו, וואָס פיהרט די וואַגאָנען פון דורות?

ביי אונז מעסט מען אויף איילען און קוואַרטען און מען וועגט אויף לויטען; אין רוסלאַנד ווערט געמאָסטען אויף אַרשינען און טשעטווערטעס און געוואויגען אויף זאָלאָטניקעס; אין אייראָפּאַ איז אַנגענומען געוואָרען דער פראַנצויזישער מעטער מיט'ן קילאָ... ווילדע מעסטען אויף דער האַנט און טייל ווייסען גאָרנישט צו וועגען... און פונדעסטוועגען וועט קיינעם נישט איינפאַלען צו קלע־רען: טאָמער איז גאָר קיין מאָס און קיין וואָג נישט פאַראַנען?

מיר האָבען ציפערען ביז 9 מיט איין 0; אַמאָל האָט מען געצעהלט ביז צוואַנציג, די רוימער האָבען געהאַט עקסטרא ציפערען פאַר צוואַנציג, דרייסיג א. ז. וו.

טייל ווילדע קאָנען מעהר נישט צעהלען, ווי ביז פינף, זעקס הייסט שוין אסך, אָדער מען זאָגט: פינף און איינס... און פונ־דעסטוועגען איז קיינער נישט מסופק, אַז צוויי און צוויי איז דאָך נאָר פיער, נישט דריי און נישט זיבען...

מיר נוצען געלט פון קופּער, זילבער און גאָלד; אין טייל לענדער באַנוצט מען אויך ניקעל. די גריכען האָבען געהאַט מטבעות פון אייזען, ווילדע שטאַמען האַנדלען און טוישען אויף גרינע שטיקלעך גלאָז, מושעלן, ביסלעך רייז, און פונדעסטוועגען זענען מיר זיך אַלע מקריב פאַר געלט, און ווייסען, אַז געלט עקזיסטירט...

נאָר, אַז עס זענען פאַראַנען פאַרשידענע מנהגים און דעות ביי פעלקער, ווערט שוין דער עולם מסופק, צי עס איז פאַראַנען א מאָראַליטעט, קאָן שוין זיין, אַז „איוב לא היה ולא נברא“, אַז נישט — שטעקט די מאָראַליטעט טאַקע אין דער פרייער קאָנ־קורענץ — אין דער זיפּ, וואָס לאָזט אַרויס די קליינע און דראָבנע און באַהאַלט די גראָבע, גרויסע און פעטע... אין דער זיפּ, וואָס וועט אונז מיט דער צייט אויסשאָקלען הונדערט מיליאָן אַרביי־טער און עטליכע מאַנשעסטער פאַבריקאַנטען...

וואס האט די מאראליטעט פאר'ן ארעמען אומגליקליכען, וואס פאלט אונטער דער לאסט? נישט מעהר, ווי א היתר: קריך אויך! כאפ אויך! גלייך מיט'ן בעל־הגדה, ווייסט זי נאר: „נעם די מצה!" דער קניזש לינט אינמיטען נאס, כאפ דיך צו!

---

און עס האט זיך גערעכט, אז דאס איז א גוטע פילאזאפיע נאר פאר רייכע לייט אדער פאר שטארקע פעלקער, אז די פילאזאפיע קאן נאר ליגען אין אן אנגעשוואלענער ברוסט־טאש און זיין אונ־טערגעשפארט מיט א וואלד פון באגנעטען, אז ארעמע לייט און שוואכע פעלקער, וואס קאנען לייכט אונטערגעהן אין דער אייבינער מלחמה, וועלען זיך האלטען אן די אלטע מענשליכע אידעאלען, אן דעם אלטען יושר, אן דער אלטער מאראליטעט...

עס האט זיך אבער ארויסגעוויזען, אז עס איז א טעות... ווי געזאגט, קומען שוין היינט ספענסער און ליפערט אין בית־המדרש אריין, מען שטודירט זיי אין אלע ישיבות...

דער געוועזענער פרוש, וואס האט געלעבט פון תעניתים, ווייסט שוין היינט, אז דער בעסטער אבר פון א מענש איז דער מאגען, אז אלע אנדערע אברים זענען משרתים, אז נאר ער, דער מאגען, מאכט די געשיכטע, אז נאר אייגענליעבע שפינט די קולטור!

---

אויף ספענסער'ס קני וועט אויפגעצויגען ווערען א נייער דור פון סאמע כאפערס...

ווי אזוי דארף מען דערציהען קינדער?

קינדער — זאגט ספענסער — דארף מען דערציהען אויף אזא'ן אופן, אז זיי זאלען קאנען גליקליך זיין... זיי זאלען קאנען אויסנוצען דעם גאנצען נחת, וואס די נאטור וועט זיי געבען, זיי זאלען זיין, ווי א שוואם, איינצוזאפען דאס גאנצע פארגעניגען, וואס זיי וועלען געפינען אויף זייער וועג...

ווארים — אז יעדערער וועט האבען זיך אין זין, וועט אלע־מען גוט זיין, — מן־הסתם!

ספּענסער און ליפּערט ווערען אונזערע נייע געטער!
נאָר דאָס איז אויך נישט קיין נייעס!

די יונגע עגיפּטיאַנערין, וואָס מען האָט יאָהר־יעהרליך אַריינגעוואָרפען אין נילוס אַלס קרבן פאַר'ן הייליגען טייך, האָט אַליין אויך געגלויבט אין זיין הייליגקייט...

די אַמעריקאַנישע שקלאַפען האָבען זיך געשלאָגען אין איין שורה מיט זייערע בעלי־בתים געגען די, וואָס האָבען זיי געוואָלט באַפרייען.

אונזערע אַ ל ט ע פּויערים זאָגען נאָך, אַז עס איז בעסער צו אַרבייטען „פּאַנשטשיזנע", איידער צו צאָהלען פּאַדאַטעק —

און מיר, מיר אָרעם, צוואָווארפען, שוואַכסטע פּאָלק אויף דער וועלט, הויבען אויך אָן צו גלויבען, אַז דער אידעאַל פון מענשען איז דער אייביגער קריג צווישען מענשען און פעלקער, ראַסען און קלאַסען...

---

די דאַרווין־ספּענסער־ליפּערטישע סיסטעם, אָדער בכלל, דער פּאָפּירענער ליבעראַליזם, איז דורך גאַנץ אייראָפּא, ווי אַ זאַראַזע. פרייהייט הייסט אַ רעכט צו מאַכען זיך מיט די עלענבויגען אַן אָרט ביים טיש; וועהלען — הייסט קויפען שטימען פאַר געלט און בראַנפען, פּאַרלאַמענטען זענען בערזען, וואו פּאַרטייען שווינדלען מיט פּאָליטישע פּאַפּירען, וואו די דעפּוטירטע פאַרקויפען איינער דעם צווייטען די געקויפטע שטימען מיט אַן אומגעהויערען ראַבאַט... די „פרייע פּרעסע", דער שטאָלץ פון נייַנצעהנטען יאָהרהונדערט, איז אַ רינשטאָק פון בלאָגע און שאַנטאַזש...

1896.

# אין אייראָפּאַ און ביי אונז אונטער'ן אויווען

אז מען רייסט אָפּ דאָס אויג פונ'ם זידענדיגען לעבען אין אייראָפּאַ, און מען וואַרפט אַ בליק צו אונז אונטער'ן אויווען, האָט מען דאָס געפיהל פון אַ רייזענדען, וואָס קומט נאָך שטורעם און וועטער אַהיים אין אַ וואַרעמע, שטילע, אַלטפרענקישע שטוב. —

אין דרויסען האָט זיך דער הייליגער הימעל צוקריגט מיט דער זינדיגער ערד, דער הימעל האָט איינגערונצעלט זיין שטערען, ווי אַ פּאַרמעט, און עס ציהט זיך איבער איהם אַ וואָלקען נאָך אַ וואָלקען; אַלע מאָל שווערער, בלייערנער, שוואַרצער און גיסענ־דיגער! פון דער השגחה'ס אויג פליהט אַ בליץ נאָך אַ בליץ און פון גאָט'ס האַנט שלאָגט אַ דונער נאָך אַ דונער...

אַט טרעפט ער אין אַן אַלטע שאָפּע אריין; דאָס האָלץ איז אַזוי דאַר, אַזוי אויסגעטריקענט געוועזען, אַז מען האָט געמיינט, אַז זי וועט די וועלט איבערלעבען, און אַט פלאַקערט זי אויף ווי אַ קין, און פאַלט און ברעכט צוזאַמען; אַט שלענגלען זיך פייער־דיגע צונגען צווישען זיילען רויך אַרום אַ ניימאַדישען פּאַלאַץ; פון איהם וועט אודאי באַלד קיין זכר נישט בלייבען. און דאָ יאָגט זיך באַרג אַראָפּ דאָס שוימענדיג־זידענדיגע וואַסער, יאָגט און שלאָגט מיט אַ כעס און רייסט מיט זיך מיט אַלע שטיינער, פלאַטען און גרענעצען, וואָס שטעהען איהם אין וועג.

נאַר, געלויבט איז גאָט, מיר זענען שוין אין דער היים. דאָ איז לאַנגווייליג נאַר שטיל, דושנע נאַר וואַרעם — דאָ איז מען זי־כער מיט'ן לעבען...

דאָרט האָט דער דונער געקנאַקט, דאָ קנאַקט אַמאָל אַ ברע־נענדיג שייטעל האָלץ אין אויווען... דאָרט האָט זיך געדאַכט, אַז גאָט וויל כשר'ן די ערד מיט פייער און איבערשווענקען מיט וואַסער. דאָ זיצט קוים די אַלטע באָבע און פליקט פעדערען... דאָרט פיהרען

הימעל און ערד מלחמה, און דאַ שפּאַרען זיך צוויי אַלטע מוהמעס וואָס עס איז בעסער: גערייבענער אדער געשאַבענער רעטעך...

און זיי זעהען גאַרנישט אַזוי שרעקליך אויס! וואַלענע זאָקען אין די הענט, שפּיזלעך אונטער די אויערען, די ברילען פאַררוקט אויפ'ן שטערען... וואָס? עס וועט גאַרנישט זיין דערפון.

---

לעוויאַטאַנען לעבען אין אַ ים; מיקראָבען — אין אַ טראָפּען וואַסער... אין'ם טראָפּען שלאָגט זיך אָפּ דאָס גאַנצע לעבען נאָר — מיקראָסקאָפּיש קליין און... אַמאָל מיט'ן קאָפּ אַראָפּ.

---

נאָט אייך פאַקטען:

אייראָפּאַ האָט אַריסטאָקראַטען און מיר האָבען אַריסטאָקראַטען, ביידערליי מיוחסים האָבען פיינט די פאָלקס-בילדונג. ביידע זאָגען, אַז דאָס פאָלק דאַרף אַ סך גלויבען און ווייניג וויסען. ביידע זאָגען, אַז שולען און בפרט אוניווערזיטעטען, אַז וויסענשאַפט און בפרט אַז איינפאַך אמת ווארט אָהן איין איינהיל זענען אַזוינע שווערע מאכלים, אַז דאָס פאָלק קאָן זיי נישט פאַרדייען... אַז דערפון פאַרדאַרבט זיך עס דער מאַגען, שלאָפט אומרוהיג און האָט בייזע חלומות... און דאָך איז ווייט פון יענע אַריסטאָקראַטען ביז אונזערע! די אַריסטאָקראַטען, למשל, אין פּרייסען, די „יונקערס", ווי מען רופט זיי דאָרט, זענען רייכע גוטבאַזיצער פון אייביגע יאָהרען, אַריסטאָקראַטען מיט סאַמע ריין בלויליך בלוט; מיט אַ יחוס, וואָס גרייכט אַמאָל ביז די חיות ובהמות אין נח'ס תיבה! זיי געדענקען נאָך די אַלטע גוטע צייטען, ווען לעזען און שרייבען האָט געהערט צו זיי, בפרט רעגירען! אין לאַנד זענען נאָר געוועזען צוויי קלאַסען: אַ קליין ביסעל פּריצים, וואָס האָבען געהאַט אַלץ און איבער אַלץ צו שאַפען, און אַ גרויסע מאַסע פויערען, וואָס האָבען אַסך געאַרבייט און גאַרנישט געהאַט. דאַמאָלט האָבען אונזערע יונקערס געלעבט אַ גוטען טאָג, און אַז דאָס פויערען-פאָלק האָט עפּעס פאַרלאַנגט, נישט אויף די קני, נישט

אין קלויסטער און נישט פון נאט — האט מען איהם געענטפערט מיט קארטאטשען.

נאטירליך געהט די יונקערס היינט אויך נישט אזוי שלעכט; זיי זענען נאך ער היום די זיילען, וואס האלטען אונטער דעם פרייסישען הימעל...

די גרעסטע שטעלען אין לאנד, אין דער אדמיניסטראציע, אין מיליטער און בפרט אין קייזער׳ס הויף געהערען צו זיי, און אויסער דעם האבען זיי נאך מאסען גיטער, וואס זיי האבען גע־קריגען בירושה פון די אלטע גוטע צייטען, און, ליידער, נאך נישט פארטרונקען און פארהוליעט...

פאר וואס האט דער פרייסישער יונקער פיינט די פאלקס־ביל־דונג? פאר וואס קריגט ער הארץ־קלאפען פאר דעם, וואס ער רופט: „דעמאגאגיע"? ווייל ער ווייסט, אז וואס קליגער עס ועט זיין דאס פאלק, קלענער וועט ווערען זיין פעטער ביסען...

נאר וואס פאר א אריסטאקראטען האבען מיר? ווער שרייט אויף אונז, אז מיר זאגען צופיעל אויס דעם פראסטען פאלק, דעם „המון העם"? ווער איז ביי אונז די זויער־מילך און ווער די סמע־טענע? ווער האט רויט און ווער האט בלויליך בלוט? דאכט זיך, אז אין יעדער קלענסטער רייהע פון אידישע דורות, וועט איהר געפינען אלע שטעלען פון דער לייטער, אויף וועלכע א אידישער פוס מעג נאר טרעטען! איהר וועט געפינען א פאקטאר און א רב, א רופא און א דאקטאר, און א פראצענטניק און נאך עפעס ערגערס, און א גביר, און א טרעגער... ווער זשע זענען אונזערע אריסטאקראטען?

אונזערע אריסטאקראטען זענען: מלמדים, וואס האבען זיך אויסגעלערענט אביסעל העברעאישע גראמאטיק, א בעדער־יונג, וואס האט זיך צוגעכאפט צו לעטריסעם ראמאנטישע געדיכטען, אן אויסגעקארמעט פאקטאריש בעל־בת׳יש עקסעל, וואס האט איינגע־נומען א צוואנציג לעקציעס אלענדארף... אט די לייט און זייער גליי־כען זענען אונזערע יונקערס! אט די לייט ווייסען שוין אזוינע סודות, וואס מען טאר דאס פאלק נישט אויסזאגען... אט די לייט זאגען, אז די זויערמילך, דער המון עם דארף האבען א פרוכת אי־בער די אויגען און לאזען זיך פיהרען פון זיי!...

אט דאָס זענען אונזערע יונקערס אין די פעדערען וואָס די אַלטע באַבע פּליקט!

צי האָט איהר געהערט פון לעצטען אייזענבאַהן־שטרייק אין אמעריקא? די ארבייטער און דינער פון דער באַהן האָבען געוואָלט א גרעסערען לוין, די בעלי בתים פון דער באַהן האָבען ניט געוואָלט געבען, האָבען זיך די ארבייטער מישב געווען און אויפגעהערט צו ארבייטען... דאָס הייסט אויף זייער לשון א „שטרייק“... דאָס מחלוקת האָט לאַנג געדויערט, די ארבייטער האָבען פאַר הונגער געמאַכט באַוועריעס, צובראַכען וואַגאָנען, פאַרברענט סטאַנציעס... די בעלי בתים האָבען געבעטען הילף ביים פּרעזידענט. מען האָט געשיקט סאָלדאַטען מיט ביקסען... מען האָט געשאָסען, עס איז בלוט פאַרגאָסען געוואָרען... נאָר דאָס איז נאָך א קלייניגקייט... אין אונזערע צייטען הענגט דער ווערט פון א זאַך נישט אָפּ פון'ם בלוט, וואָס זי האָט געקאָסט...

ביי אונז געהען אַלע רעכענונגען, אַלע חשבונות אויף געלט! אויף געלט ווערט געשאַצט די ארבייט; אויף געלט ווערען געשאַצט הענט און פיס, וואָס מען פאַרלירט ביי דער מאַשין און אפילו א גאַנצער לעבעדיגער מענש, אויב ער ווערט אַמאָל צוקוועטשט צווישען איהרע ציין... בפרט אין אמעריקא, וואו מען שאַצט אויף געלט אפילו א קוש, וואָס א מיידעל קריגט אָהן איהר גוטען ווילען...

אַלץ ווערט גערעכענט אויף געלט; און אויף געלט איז דער שטרייק ווערט געוועזען גאָר א קלייניגקייט: די בעלי־בתים פון דער אָפּגעשטעלטער באַהן האָבען געהאַט א היזק פון דריי מיליאָן דאָלאַר, די אויבס־סוחרים אין קאַליפאָרניען, וואָס האָבען די סחורה נישט געקענט פאַרשיקען — 5 מיליאָן דאָלאַר; צוזאַמען האָבען די קאַפּיטאַליסטען געליטען אויף 8 מיליאָן און דאַגעגען האָבען די ארבייטער געהאַט א היזק פון גאַנצע 10 מיליאָן דאָלאַר!

בכלל איז ווערט געוועזען דער שטרייק אַן ערך פון פינף און דרייסיג מיליאָן רובעל אונזער געלט!

ביי אונז איז אויך געווען א שטרייק... אין קישינאָוו... און א דאָפּעלטער שטרייק... דער בעל־טאַקסע האָט אויפגעהערט צו צאָהלען שכירות די דיינים, און די דיינים האָבען אויפגעהערט שאלות צו פּסק'ענען..

דער שטרייק האט אודאי געקאסט, ווי מען זאגט, „ח"י גרולים מיט א קניזש". און דאך האט א דין גע'חלש'ט אינמיטען גאס פאר הונגער...

---

„ש א ל ת ה פ ו ע ל י ם !" — די ארבייטער־פראגע ! אין איירצפא. אז א בעל־בתישער מענש דערמאנט זיך אין דער פראגע, ציטערט אונטער איהם הענט און פיס... קיין פרומער איד שרעקט זיך נישט אזוי אלול פאר'ן שופר, און אויף דער עלטער פאר'ן קבר מיט'ן מלאך דומה, ווי דארט א פאבריקאנט פאר'ן הונגעריי־גען ארבייטער ! דער בעל הבית ווייסט, אז דער ארבייטער איז קיין פויער נישט און האט גאר קיין חשק נים אויסצופאסטען זיך דעם ליכטיגען גן־עדן... אז ער איז הונגעריג, ווייל ער שוין נישט מודה זיין, אז דאס האט איהם גאט היינט קיין ברויט נים באשערט, נאר ער מיינט, אז דער פאבריקאנט האט א קישקע אהן א דנא... אז דאס ווייב ווערט איהם קראנק, אז די קינדער הויבען אן הוסטען, זאגט ער שוין נישט, ווי אמאל אין די גוטע, גאלדענע יאהרען, אז עס איז אן אפקומעניש פאר די זינד, שלאגט זיך שוין נישט אין הארץ אריין און לויפט שוין נישט צום שטריימעל, ער זאל איהם ארויסגעבען א תשובה... איהם דאכט זיך גאר, אז זיין דירה איז שולדיג, אז ער וואוינט אין נאסען קבר ! און עס דאכט איהם, אז דער פאבריקאנט איז איהם מחויב אויפצושטעלען א הויז !... אז זיין זוהן מוז צו צעהן יאהר געהן אין פאבריק אריין ארבייטען. גלויבט ער שוין נישט ווי אמאל, אז ארבייט איז א הייליגע זאך, אז פאר דער ארבייט צאהלט מען אויף יענער וועלט, נאר ער איז בייז, פאר וואס האבען אנדערע גימנאזיום און אוניווערזיטעט און דער־נאך א גוטע שטעלע, און זיינע קינדער נישט ! ער זאגט נאך, אז די פאבריקאנטען קאנקורירען אויף זיין חשבון, און דריי פערטעל סחורה איז זיין שוויים און בלוט..

און אז עטליכע מיליאנען מ י י נ ע ן, איז ביטער ווי גאל !

נאר דאס אלץ איז אין איירצפא... ביי אונז איז פון דעם אלעם קיין זכר נישט דא, מיר האבען קיין פאבריקען נישט, קיין ארבייטער נישט... מיר קענען, דאכט זיך, רוהיג שלאפען... און דאך

האָבען מיר א קליין „שאלת הפועלים'ל"... א קליינס, א חנ'עוודיגס... צום קושען!

מיר שטיצען די ארביטער אין ארץ ישראל...

טאָג טעגליך געהען אין המליץ נדבות אויף די פועלים!

און עס איז א גוטע זאך! אויסער וואָס די ארבייטער ווע־לען אמאָל עפּעס האָבען פון'ם געלט, איז דאָס דערוויילע די בעסטע רעקלאַמע, וואָס אמעריקא פארמאָגט עס נישט!

עס האָט א יונגער שנעק ערגעץ א דרשה געהאַלטען און עס וויל קיינער דאריבער אין צייטונג קיין ווארט נישט שרייבען... שרייבט ער אליין: „ווייל איך האָב אין האָציפּלאָץ פאר די משכילים אין שטאָדט א דרשה געזאָגט און אלע זענען שיער אויס־געגאַנגען — שענק איך אבטצעהן גדולים לטובת הפועלים." דער „מליץ" דרוקט און די וועלט קלינגט מיט'ן נייעם בעל־דרשן.

שאלת הפועלים איז אפילו א סגולה אויף פּראַקסע פאר א יונגען דאָקטאר; אויב ער האָט נאָר א גוטען פריינד, וועט שוין אַז איהם דאָס פּובליקום נישט פארגעסען...

קוים האָט ער געענדיגט דאָס אוניווערזיטעט, שענקט זיין גו־טער פריינד פאר גרויס פרייד, וואָס דער באריהמטער קאָפּ האָט געענדיגט מעדיצין — ח"י גדולים! ווערט דער דאָקטאָר א חתן — ווייטער ח"י גדולים! האָט ער חתונה — נאָך אמאָל ח"י גדולים... מאכט ער א ברית — ווייטער ח"י גדולים! פארשרייבט ער די ערשטע רעצעפּט אימיצען אויף א קאַטאר — גאָר נייע ח"י גדולים פון דער נאָדעל! און אזוי נאָך קלינגט גאַנץ אייראָפּאָ מיט'ן דאָקטארל, וואָס, ווען נישט די שאלת הפועלים, וואָלט ער געמוזט ארומלויפען אין די גאַסען, שרייען: „אני שלמה!" און יעדען ארייַנשטופען אין האַנט אריין דעם אדרעס...

א לימערעט האָט פארקויפט — נישט די פערדער, די איז שוין לאַנג פארקאַניעט... נאָר זיך אליין, פאר עטליכע רובעל נדן! ווער וואָלט געוואוסט דערפון? שאלת הפועלים! צוואַנציג נומערען דורכאַנאַנד ווינשט מען איהם, און פאר יעדען וואונש קריגען די ארבייטער ח"י גדולים...

און עס וואַקסט פון טאָג צו טאָג!... די גבירה האָט דעם גביר געוואָרפען א ראַנדעל אין קאָפּ אריין: האָט זי געטראָפען, שענקט דער גבירה'ס מוטער, ד. ה. דעם גביר'ס שוויגער, ח"י גדולים!

האט זי נישט געטראָפען — שענקט די דינסט, וואָס האַלט מיט'ן בעל־הבית, ח"י גדולים! געהט די דינסט אוועק דיקער, ווי זי איז געקומען, שענקט דעם בעל הבית אַ גוטער פרייגר ח"י גדולים...

נו, זאָגט אַליין, קאָן אַזאַ שאלת הפועלים אימיצען שאַדען?

מען זאָגט, אַז דאָ האָבען מיר אַ סך אָרעמע בעלי מלאכות, אַז פאַר דעם געלט וואָלט מען זיי געקאָנט וואָרשטאַטען מאַכען, נייע מאַשינען קויפען...

עס קאָן זיין, נאָר מיר קענען נישט אַנדערש, מיר מוזען האָבען אונזער איינען, היימיש, וואָרעם, שטיל שאלת הפועלים'על!

---

אין איירָאָפּאַ זענען געווען פּאַנאַמאַס און פּאַנאַמינאַס... און גאַנץ איירָאָפּאַ האָט נעקאָכט ווי אַ קעסעל!

אין פראַנקרייך האָבען מיניסטאָרען גע'גנב'עט און געגאַנגען אין קרימינאַל אַריין; אין איטאַליען האָבען סענאַטאָרען געגראַבעלט אין דער קאַסע, און גאַנץ איטאַליען האָט געזאָטען! אין שפּאַניען האָבען אַ סך אַריסטאָקראַטען געהאַט לאַנגע פינגער און מען האָט זיי נישט געשוויגען! אין שיקאַגאָ האָט מען איינגעזעצט אַן עסטרייכישען קאָנסול פאַר געלד־זאַבען; אין ענגלאַנד אין אַריינגעפאַלען, נעביך, אַ לאָרד...

אומעטום — סקאַנדאַלען, ערד־ציטערניש!

ביי אונז איז געווען אַ פּאַנאַמינאַלע — און שטיל! שאַ!—

עס האָבען גאַנץ קליינע מענשעלער געמאַכט אַ גאַנץ קליין חברה'לע צו קויפען ערד אין ארץ־ישראל... קוים טויזענט מענשען און אין גאַנצען צו הונדערט פראַנק..

מיט דער צייט, האָט מען אויסגערעכענט, וועט די ערד וואַקסען און וואַקסען, און יעדערער פון די טויזענט מיטגלידער וועט האָבען זיין אייגענע קאָלאָניע אין ארץ ישראל... וואו אַ שניידער, וואו אַ שוסטער, וואו אַ קבצן, האָט פאַרקויפט די צירונג מיט'ן בעט־געוואַנט, צוגעבאָרגט די רעשט אויף פּראָצענט — אין אַריינגעטראָגען הונדערט פראַנק... צו וועמען? מן־הסתם צו אַ איד... וואָס האָט מען דאָ צו פרעגען...

אין קורצען האָט מען געקויפט אַ שטיק ערד, מען האָט עס

אַ נאָמען געגעבען „עין־זיתים"... און במשך פון אַ יאָהר זענען גע־פלויגען פון ארץ ישראל בשורות טובות ווי די טויבען. דער כנסת ישראל צום דערקוויקעניש... די אייגענע, וואָס האָבען די חברה צוזאַמענגעשלאָגען, האָבען דעם גאָרטען געפלאַנצט, וויין געבויט... „אונזער וויינגאָרטען — האָט מען געשריבען — וואַקסט פון טאָג צו טאָג, מיט יעדער מינוט וואַקסט זיין ווערט, מענשען זעהען און גלויבען נישט זייערע אייגענע אויגען..." „נאָר אַזויערנאָך — האָט מען געשריבען, קאָן קומען די גאולה". „נאָר דורך אַזוינע חברות קאָן מען אויסגעלייזט ווערען פון גלות."

פלוצלונג איז אָבער דער געזעלשאַפט איינגעפאַלען אַראָפּצו־שיקען אַ מענש קיין ארץ ישראל, צו באַקוקען עין־זיתים, און עס איז איהם פינסטער געוואָרען פאַר די אויגען — שטיינער און ביי־נער!

די הונדערט טויזענט פראַנק — פיו!

נאָר שטיל! קיין סקאַנדאַלען מאַכט מען נישט! מען האָט קיינעם נישט אָפּגעגעבען „פּאַד־סוד"... וואָס דען, עס האָט זיך אויסגעוויזען דאָס אייגענע, וואָס אין כעלם!

אין כעלם איז אַמאָל פאַרשוואונדען געוואָרען מילך פון אַ טאָפּ... און קיינער איז נישט שולדיג געוועזען! די קאַץ איז געווען גע'פּגר'ט, דער בעל הבית און די בעל הבית'טע — פליישיג, און פאַר דער דינסט וואָלט דער רב געמעגט שווערען...

אין אונגאַרן איז ערשט נישט לאַנג געוועזען אַ שטאַרק מחלוקת וועגען חופה וקדושין. די אַריסטאָקראַטען, וואָס האָבען דאָרט אַ גרויסע דעה, זאָגען אַז אין חתונה האָבען שטעקט אַ גרוי־סער סוד, אַ הייליגקייט, אַ הימעל־זאַך, און אַז כאָטש „בת פלוני לפלוני" איז באַשערט און ווערט אויסגערופען נאָך פיערציג טאָג איידער גאָט טראַנספּאָרטירט אַרויס די נשמה פון אוצר, מוז איבער יעדען זווג דאָס שטריימעל מאַכען אַ ברכה!... דאָס פּראָסטע פאָלק אָבער זאָגט, אַז חתונה האָבען איז אַ מענשליכע זאַך, און אַז עס שטעקט דערינען גאָר קיין סודות נישט, און מען דאַרף דערצו נישט מעהר, נאָר ער זאָל װעלען, זי זאָל וועלען און דאָס מאַגיסטראַט זאָל פאַרשרייבען, אַז זיי האָבען ביידע געוואָלט; כדי מען זאָל וויסען ווער מיט וועמען עס וועט זיך אַמאָל גט'ען און ווער עס וועט נאָך וועמען נעמען ירושה און קדיש זאָגען...

אין אונגארן איז דא א פארלאמענט, וואו עס זיצען אויסדער־וועהלטע פון פאלק, און א הערנהויז, וואו עס זיצען גרויסע הערען— אריסטאקראטען. קיין פראווע איז דארט נישט גילטיג, ביז זי ווערט נישט אנגענומען אין פארלאמענט, באשטעטיגט אין הערנהויז און דערנאך ערשט — אונטערגעשריבען פון קייזער. נאטירליך, האט דער פארלאמענט געוואלט, אז די חתונה זאל בלייבען א ציוויל־זאך, נישט קיין הייליגער סוד... נאר דאס הערנהויז האט נישט גע־וואלט, און עס האט זיך נישט אונטערגעגעבען, ביז מען האט עס נישט געגוים מיט שטיינער און בלאטע די אריסטאקראטען אין די קאטשען אריין און מיט אויסהאקען די שויבען. זיי האבען זיך אונ־טערגעגעבען און — היינט מארגען וועט דער קייזער אונטערשריי־בען דאס נייע געזעץ, אז חופה וקדושין קאנען זיך באגעהן אהן'ם שטריימעל...

ביי אונז איז אויך עפעס עהנליכעס געשעהען נאר... מיט'ן קאפ אראפ!

אין א געוויסער שטאדט האבען די „דייטשען", דאס הייסט אונזער ליבעראלע, געבילדעטע פארטיי געוואלט דורכאויס אריינ־פיהרען די חופה אין שול אריין, גלייך צום ארון־קודש... און דער פרומער קלאס האט נישט געלאזט! פאר דער חופה — זאגען זיי — איז געענוג פלאץ אויפ'ן בערגעל מיסט, אויפ'ן שול־הויף...

דעם פרומען קלאס איז לייכט צו פארשטעהן... זיי ווילען בכלל נישט קיין נייעס... דערצו ווייסען זיי, אז לויט אונזער געזעץ איז גענוג, אז זי שטעקט אויס א פינגער. ער זעצט אריף א פינגערל. וואס מוז ווערט זיין וועניגסטענס א פרוטה, און זאגט „הרי־את"... דערביי דארפען, נאטירליך, זיין עדות, ער זאל נישט אפלייקענען שטיין און ביין; א מנין איז נאך בעסער, נאר אזוי ווי יעדער קאן צוקומען צום עמוד, אזוי קאן יעדערער מקדש זיין...

נאר וואס די „דייטשען" ווילען, פאר וואס גיט דער ראבינער חופה וקדושין דוקא ביים ארון־קודש אין קאר־שול, איז נישט צו פארשטעהן...

דאכט זיך, אז אין דעם קלאס שטעלען זיך צו דער חופה: א חתן, וואס האט שוין קיין האר און קיין סודות נישט, און א כלה, וואס ווייסט פון פאל רע קאק, זאלא און אנדערע, אפילו ווי

אזוי מען האט קיין קינדער נישט, אז עס האבען נישט חתונה קיין מענשען. נאר צוויי בייטעלעך געלט... וואסזשע דארף מען דא דעם פרעדיגער?

נאר נישט אין דעם געהט אונז..

גענוג, אז די פראגע, וואס האט אויפגעקאכט גאנץ אונגארן. האט זיך אפגעשלאגען אין אונזער טראפען וואסער, נאר מיט'ן קאפ אראפ!

---

פון דעסטוועגען מיינט נשט, אז עס איז נאר אין גאַנצען שטיל! די פרומע חובבי ציון שלאגען זיך מיט די ליבעראלע חובבי ציון... און וואס עס געהט, איז שווער צו וויסען פון די הונדערטער פאסקוויי־לען, וואס ווערען צושיקט אין בריף אדער געדרוקט אין צייטונגען... עס מוז דאך זיין אן ארט פראגע: וואס איז בעסער, געשאבע־נער אדער גערייבענער רעטעך?

.1896

# אונזער טרייסט.

מען דארף זיך טרייסטען!

א פאלק, וואס האט אזוי פיעל צרות איבערגעלעבט, אזוי פיעל פינסטערע צייטען איבערגעווארט; א פאלק, וואס מצרים און בבל, צוויי שרעקליכע שכנים, האבען נישט אויפגעגעסען, און דאס בלוטזיכטיגע אומגעהייער — דאס מיטעלאלטער, נישט איינגעשלונגען — וועט היינט, אין ניינצעהנטען יאהרהונדערט, נישט פארלוירען געהן.

מען דארף זיך טרייסטען און האפען!

טרייסטען דארף מען זיך מיט דעם, וואס אבוואל דער האס צווישען מענשען איז נאך נישט אויסגעלאשען; אבוואל דעם שוואכען דינט נאך נישט דאס איינענע רעכט, וואס דעם שטארקען; אז אבוואל: „לא תגנוב", לא תגזול, לא תרצח, לא תחמוד"... איז נאר נוהג צווישען איינעם און דעם צווייטען פון איינענעם פאלק, — דאך איז דער האס צווישען מענשען שוואכער, מילדער, געלאסענער, ווי פארצייטען...

אמאל זענען נישט קיין פעלקער, נישט קיין מדינות, נישט קיין שבטים, נישט קיין משפחות געוועזען, נאר איינצעלנע הארדען; חברות מענשען האבען זיך ארומגעדרעהט, ווי חיות און סטאדעס... דאמאלט זענען די חיות חייליג געוועזען, און דער מענש האט נאר אלס פרעס־פלייש געדינט! אין דער הארדע אליין האט געמוזט שוין זיין א צייכען פון מוסר, נאר צווישען איין הארדע און דער צווייטער איז געוועזען אייבינער קריג, און אייבינע פרעסעריי און —

די שוואכע הארדע איז אויסגעקווילט און אויפגעגעסען געווארען.

דערנאך באווייזען זיך נאמאדען — גרויסע פאמיליען פאסטיכער, וואס בלאנקען זיך ארום אין סטעפ מיט זייערע סטאדעס.

איין פלאַץ קאָן צוויי סטאַדעס נישט ערנעהרען; איין ברונען, איין קוואַל קאָן צוויי סטאַדעס נישט לעשען דעם דורשט, און צוויי־שען איין פאַמיליע און דער צווייטער איז ווייטער קריג און מלחמה, און וועה און ווינד איז דער שוואַכערער פאַמיליע!

דאַר פרעסט מען זיי שוין נישט אויף! די סטאַדע דאַרף מענ־שען, דער פּאַטריאַרד און זיינע ווייבער דאַרפען שוין באַדינונג! און דאַמאַלט — ווערט די קנעכטשאַפט געבוירען!

שרעקליך זעהט זי היינט אונז אויס, נאָר דאַמאַלט איז זי אַ גרויסע גוטע רעפאָרם געוועזען! ניינציג פּראָצענט מענשען האָט זי געראַטעט פון טויט! אלס קנעכט האָט דער מענש שוין אַ גרעסערען ווערט געקריגען — ער האָט אויפגעהערט נאָר פרעס־פלייש צו זיין!

מענשען האָבען זיך באַזעצט און אָנגעהויבען באַארבייטען די ערד; עס זענען געוואָרען לענדער און שטעדט. נאָר נישט מיט אַמאָל געשיהט עס! אלע מאָל פאַלען אַראָפּ נייערע נאָמאַדען פון בערג און וואַלד, באַפאַלען די שוואַכערע ערד־אַרבייטער, קוילען אויס די, וואָס שטעלען זיך אַקעגען, די רעשט נעמט מען געפאַנ־גען, טייל פון זיי פאַרקויפט מען, אַנדערע באַהאַלט מען ביי זיך אַליין פאַר קנעכט...

שלעכט איז דעם באַזיגטען שוואַכען...

נאָר אַלץ בעסער, ווי פריהער: דער באַזיגטער איינוואוינער לייזט זיך אויס מיט קאָנטריבוציעס, מיט מס; ער באַקומט נאָר אַ נייעם הערשער; די באַזיגטע מדינה ווערט נאָר צוגעטיילט אלס פּראָווינץ צו אַ נייעם לאַנד!

נאָר דאָס פאָלק ווערט שוין נישט פאַרטריבען, נישט אויסגעקוילעט, נישט אויפגעגעסען, נישט פאַר קנעכט פאַרקויפט; עס טראָגט אַ צייט נאָר אַ גרעסערע לאַסט; עס צאָהלט נאָר גרעסערע שטייער.

די מדינה טרעט אָפּ היינט דעם „פאָלק“... — נישט פאַטערלאַנד —, די „נאַציאָן“ איז היינט אין דער מאָדע!... פעלקער טיילען זיך אָפּ איינס פון צווייטען... און פעלקער פיהרען מלחמה! ווי אַזוי דאָס געשיהט, פון דעם וועלען מיר רעדען אַן אַנדערש מאָל. נאָר עס איז אַ פאַקט און

ש ל ע כ ט א י ז ד ע ם ש ו ו א כ ע ן, ב א ז י נ ט ע ן פ א ל ק... פונדעסטוועגען דאָך איז ב ע ס ע ר, ו ו י א מ א ל... מען צושיידט שוין נישט די פעלקער, ווי א ברויט, וואָס מען צו־טיילט צווישען עטליכע מיילער; מען שטעלט שוין נישט קיין גרענעצען אויף דער קאַרטע, לויט ווי עס פאַלט איין א קאַרל אדער א נאַפּאָלעאָן. עס געהען ווייטערע מלחמות, נאָר עס געהט שוין וועגען עפּעס אנדערש. — יעדעס פאָלק וויל האָבען ביים צווייטען נאָר א פ ע נ ע ג ר ע נ ע צ ע ן... נאָר א ן א ר ט, ו ו א ו פּ ר אָ ד ו ק ט צ ו פ א ר ק ו י פ ע ן!...

---

עס איז אמת, אַז אונז, דעם שוואַכסטען פאָלק אין דער וועלט, איז נישט גוט, נאָר דאָך איז אונז בעסער ווי אמאָל...

אמת איז, אַז כל־זמן יעדעס פאָלק באַזונדער וועט זיך זינגען זיין „אתה בחרתנו", וועט זיך איינרעדען, אַז נאָר פון זיינעטוועגען האָט גאָט די וועלט באַשאַפען, אַז זיין מח איז דער קליגסטער, זיין הארץ דאָס גאָלדענסטע, זיין כאַראַקטער דער בעסטער, און דערי־בער — קומט איהם א פריייערער פּלאַץ ביים טיש, פאַר דער ברייטסטער שיסעל און פולסטען כוס; אמת איז, אַז כל־זמן דאָס אַלץ וועט עקזיסטירען, וועלען מיר קיין גן־עדן אויף דער ערד נישט האָבען...

נאָר דער אַלטער גיהנום מיט זיינע שדים איז ד א ך איינ־מאָל פאַר אַלע מאָל פאַרפאַלען! מען וועט אונז דאָך שוין נישט פרעסען, נישט קנעכטען, נישט ברענען און בראָטען, נישט פאַר־טרייבען. דער שטאַרקערער איז אויך א מענש, און ד ע ר מ ע נ ש ו ו ע ר ט ע ד ע ל ע ר, ד י מ ל ח מ ה ש ו ו א־כ ע ר, ד י מ י ט ע ל — מ ע נ ש ל י כ ע ר. און דעם שוואַכענס לעבען ווערט ד א ך אַלע מאָל גרינגער און וועניגער ביטער...

1896.

# תַּעֲנִית געדאַנקען.

(אפאָריזמען).

1) אסך ערד'לע מענשען קאָנען נישט טויטען קיין פליג און עסען אויף אן אָקס...

2) האַלב־געבילדעטע מוטערס פיהרען ריין און היגיעניש די קינדער כל־זמן זיי זענען געזונט; ביי דער ערשטער קרענק אָבער, ווערען זיי אַבערגלויביש און שוואַך און קאָרמען די קראַנקע קינדער מיט קאָרמעלקעס און איינגעמאַכטס און טוישען אויף זיי נישט דאָס העמד. האַלב־געבילדעטע פאַטריאָטען טוען דאָס זעלבע מיט'ן פאָלק.

3) דער „היינט" איז אַ מוטל בספק, דער „מאָרגען" וועט זיכער געהערען צו די, וואָס ווייסען נישט קיין גרויסען חלוק פון אַ תענית ביז נישט אַ תענית!

4) מענשען נעמען זיך צוזאַמען אַדער יענעם צו עסען אַדער זיך נישט צו לאָזען עסען; עס איז נויטווענדיג, נאָר נאַרען מאַכען פון דער נויטווענדיגקייט אַן אידעאַל.

5) אין יעדען מענש שטעקט אַ ביסעל גוטס; ווער עס גיט עס איינגאַנצען אַוועק גאָט, דעם בלייבט שוין גאָרנישט פאַר מענשען.

6) נישט איינער ווערט גרויס, ווייל ער שטעלט זיך אויף אַ בעסערען קאָפּ אַלס זיין אייגענער איז.

7) אַז דו פאָהרסט אין וועג, זעהסט דו פון ווייטען גרויסע בערג, וואָס נעהנטער אָבער ווערען זיי קלענער, און צום סוף קריכען גאַנץ לייכט אויף זיי אַרויף דעם בעל־עגלה'ס גע'פגר'טע פערד; באַקען דיך נישט מיט גרויסע לייט, וואָרים עס וועט דיך דאָס אייגענע געשעהען.

8) אַ הון, וואָס כאַפּט דעם אָבראָק, וואָס פאַלט פון איבער־

געפילטען פערדס מויל ארוים, טראכט ביי זיך: וואס פאר א פי־לאנטראפּ עס איז!

9) ביי טייל געהט איבער דאס הארץ; ביי אנדערע — פּלאצט עס.

10) „נוים ברעכט אייזען" און „אייזען ברעכט נויט" — דאס איז דאס קלעצעל, אויף וועלכען די געשיכטע וויקעלט איהר איי־בינען פאדעם.

11) אפט שרייט מען „לא תגנוב", אוים לויטער קאנקורענץ.

12) עס וואלט היינט אויך פון שטיינער וואסער גערונען, דער שטעקען זאל נישט זיין פארנומען מיט עפּעס אנדערש...

13) אין דער ערשטער קעשענע איז שוין געלעגען דער גאנ־צער קארעקס מיט אלע מפרשים.

14) די ציוויליזאציע איז א פונקט, וואס באוועגט זיך אימער־ווערענד און מאכט איהר אייביגע ליניע, און זי פיהרט אלע מאל צו א העכערען צוועק. טיילמאל ברעכט זיך די ליניע איבער און לאזט זיך אריין אין דער טיף, און דאמאלט מיינען די קורצזיכ־טיגע, אז זי האט זיך איבערגעהאקט.

15) דער קאנסערוואטיזם איז א פארשווינדעלטער באנקראט, וואס וויל קיינמאל נישט ליקווידירען.

16) ארעמקייט איז נישט קיין שאנד — נאר א מכה.

17) עס וואלט קיינמאל קיין שרפה נישט געוועזען, מענשען זאלען באלד דערזעהן דעם רויך.

18) דאס לעבען וואלט געוועזען א גאנץ הארמאנישע מעלא־דיע, ווען די לעדיגע מאגענס זאלען נישט אריינבורטשען און די איבערגעפולטע — אריינגרעבצען.

19) מענשען שטארבען פארשידען: א געטע שרייט: ליכט! אנדערע ווילען, די זון זאל מיט זיי צוזאמען אונטערגעהן.

20) טייל מיינען, אז וואס מען קאן נישט אויפעסען, מוז מען אויסטרינקען.

1896.

# די עשרת הדברות

**מיט א פירוש פון א קליין בעל־בית'ל.**

דער גרויסער גאָט האָט געגעבען אויפ'ן בארג סיני קורץ געפאסטע צעהן געבאָטען און אונזער קליינ־בעל־בית'ל האָט צו זיי צוגעגעבען א לאַנגען פירוש אין זיין קליין הערצעל...

„אנכי!"... „לא יהיה לך"... „לא תעשה"...

**זאָגט דער רבונו של עולם!**

„איך איינער בין גאָט און וויל מיין ממשלה מיט קיי־נעם נישט טיילען! קיין אנדערע געטער, אויסער מיר, זאָלסט דו נישט האָבען; פון גאָלד און זילבער קיין אָפּגעטער נישט אויס־האַקען, נישט גיסען" — —

און דאָס קליינע בעל־הבית'ל שרייבט איין ביי זיך אין הער־צעלע:

„איין גאָט אין הימעל, נאָר אסך צדיקים אויף דער ערד."

„צו גאָט איז ווייט און דער וועג פיהרט דורכ'ן הייליגען אָרט. און איך ציטער פאַר די ווייסע מצבות"...

„צום רבי'ן איז נאָהנט און די אומות העולם מאַכען באַנען, שאָסייען און מען רעדט נאָך פון לופט־באַלאָנען..."

„גאָט, ברוך הוא, ווי דער אמת איז, וויל זיין ממשלה מיט קיינעם נישט טיילען, ער דאַרף און וויל ביי קיינעם קיין עצה נישט פרעגען, דאָס הייסט: ער איינער אליין איז גוזר! נאָר קוים האָט ער גוזר געוועזען, זיינס אָפּגע־

זאגט. קאן קומען א ליאדע צדיק׳ל, אפילו א ווייבעריש, און מ ב ט ל זיין. און מאכען א ל ע ס כעפרא דארעא!“

„און דוקא ביליג! איינגאנצען פאר ח״י גדולים!“

„אמאל איז גענוג אביסעל אפגעשפראכענער בוימאויל, א יהי־רצון׳דעל — צו מאכען פון טויט — לעבעדיג... און דאס קאסט נאך ביליגער.“

„אמאל העלפט אפילו קעגען דער ג ז ר ה א ט א ט ע ר ל אויך! און א פינף קאפ. איז א מטבע, א טרונק בראנפען — אודאי!“

„עס איז אן עבירה פון גאלד און זילבער אויסצוהאקען אדער אויסצוגיסען זיך עבודה־זרה׳לעך... די מ ט ב ע טראגט פראַ־צענט און איז אויך א ג ר ו י ס ע ע ב ו ד ה ־ ז ר ה!“

ווען גאט, דער רבונו של עולם, האט געזאגט:

„לא תשא... לשוא!“

זענען בלאס געווארען די הימלען, עס האבען געציטערט די בערג, עס האבען טייכען און ימים געשוימט און געזאטען, די גאנצע ערד האט א פיבער געכאפט, עטליכע שטערען זענען פאר שרעק אראפגעפאלען...

און דאס קליינע בעל־הבית׳על שמייכעלט פאר נחת און פאר־צייכענט זיך:

לשוא? אן איינפאל! און א ו ו א ר ט א ו מ ז י ס ט רעדען, וועל איך יא? וואס איז, א מחבר בין איך, וואס רעדט צו שטיין און ביין? מיין צייט איז געלט, מיין ווארט איז גאלד! א ו מ ז י ס ט שווערען ביי גאטס נאמען וועל איך נ י ש ט! איך וועל נאר שווערען אין מארק, אין געוועלב... מיט גאטס נאמען וועל איך אויסנארען א צעהנערעל אויף דער ארשין, פאררעדען עמיצען די ציין, אויסגלייכען א קרומע וואג, אונטערהאלטען משופע די מאס... אליין נישט אומזיסט!“

„אפשר וועל איך נאך א מאל מיט א שבועה׳לע זיך ארויס צו נארען פון דער היים אויף אן אקע׳לע... ווייטער נישט!“

„א ו מ ז י ס ט, קיינמאל נישט!“

„זכור את יום השבת"...

„איך וועל געדענקען, אודאי!..."

„יעדעם באַשעפעניש דאַרף באַנייען די כחות; איינמאָל אין וואָך רוהען! רוהען דאַרפען ווייב און קינדער, דינסטען און משרתים, אפילו דאָס פערד און די בהמה — וואָס דינען ביי א איד..."

„אבער א קריסט מעג פאָהרען אום שבת?"

„וועל איך איהם מיין פערד פאַרדינגען!"

„שבת קאָן זיך אויסשלאָפען דער משרת, דער ארבייטער, די ארבייטערין?"

„זאָלען זיי א גאַנצע וואָך קיין אויג נישט צומאַן, וועל איך נאָר צאָהלען איין מאָל אין וואָך און נישט עובר זיין אויף „לא תלין".

„רוהען מעגען ווייב און קינד... איך וועל אויך נישט טון די האַנט אין קאַלט וואַסער אריין... גענוג א גאַנצע וואָך זיך ארומ־געיאָגט מיט'ן סאַנד*), מיט קאַמאַרניקעס**), מיט גאָט ווייסט וואָס!"

„שבת — איז א טאָג אויף „קאָפּ־ארבייט"; איך וועל מיר אָפּ'סדר'ן די גאַנצע וואָך: ווי איין און ווי אויס, און וועל שוין פאַרשפּאָרען א גאַנצע וואָך צו קלערען; עס וועט געהען א גאַנצע וואָך, ווי א פּוטער!"

„שבת קומט נאָך צו־נויז, אראָפּצונעמען ביי יענעם די שבת'־ניקעס, נאָר דאָס טוט שוין דער קאַמאַרניק אליין; די פּראָשעניע וועל איך איינגעבען אינמיטען דער וואָך!"

„כבד את אביך ואת אמך"...

„מיט'ן גרעסטען פאַרגניגען! דער ערעמסטער טאַטע קאָן גע־ווינען אויף דער לאָטעריע, געפינען א כשר'ע מציאה און איבער־לאָזען ירושה".

„נאָר א ק ר אַ נ ק ע ר טאַטע מעג ליגען אין שפּיטאָל

*) סוד.

**) סודעבני פּריסטאַוו.

און מיר נישט איינרעכטען דעם סאלאן; די מאמע מעג וואוינען באזונדער און שטריקען זאקען. לעדיג געהן איז גאר קיין תכלית נישט! ביי זיך האלטען איז גאר קיין פלאן נישט, שנור־ און שווינגער־שפיל איז קיין געשעפט, מיט'ן ווייב זיך גט'ען, הייסט נישט גאט!"

## „לא תרצח"!

הערט זיך נאטס קול צווישען דונערען און בליצען, און אונ־זער בעל־הבית'ל ווערט פארציטערט.

„ווער — שרייט ער באליידיגט — א י ך? איך — נעמען א האק אין דער האנט אריין און אפהאקען עמיצען א קאפ? אפשר נאך א פיסטויל? איך וואלט מיך דען אליין נישט דערשאסען פאר שרעק? מיין באבע האט דען געהאט א פיסטויל אין דער האנט? וואס איז, א רוימער בין איך? א גרעק? ב ל ו ט פארגיסען וועל איך? פולווער וועל איך קויפען? א נאר בין איך, משוגע!"

„וואס דארף איך דאס? וואס דארף איך מיך שפילען מיט א מעסער — מיין ציגנגעל איז ווייניג? מיט א פראשעניעלע, וואוהין מען דארף, בין איך נישט יוצא? וואס? יענעמס בלוט וויל איך זעהן? זאל מען איהם באגראבען מיט'ן בלוט צוזאמען; קיין איינ־ציגער טראפען זאל נישט פעהלען!"

„האסט דאס נארנישט געדארפט זאגען, רבונו של עולם!!"

## „לא תנאף..."

— „אבער האנדלען מיט דער סחורה קאן איך? שיקען קיין טערקיי, קיין ארגענטינא און צוריק פיהרען וואלוועל מלשינות און רכילות מעג איך? לא תנאף — זאגסט דו? מהיכא תיתי! א י ך — נישט! איך האב קיין צייט נישט דערצו, איך בין קיין בעלן נישט דערויף; מיין ווייב און טאכטער א ו י ך נישט — א ו ד א י נישט, איך וואלט זיי די קעפ געשפאלטען! נאר י ע נ ע מ ס ו ו י י ב, י ע נ ע מ ס טאכטער, רבונו של עולם? זאל זיך י ע ד ע ר ע ר היטען זיינס!"

„אמת, עס איז א שווערע פרנסה, מיט מסירת נפש, ס כ נ ו ת

נ פ ש ו ת מיט אביסעל חלול השם, נאָר אויף דעם איז מען דאָך אין גלות... !"

„לא תגנוב..."

„אויך, רבונו של עולם, געזאָגט, כביכול, אומזיסט. א י ך וועל גנב'ענען! און דערנאָך? דערנאָך וועט מען מיך איינזעצען... און ווער וועט געבען מיין ווייב און קינדער עסען?"

„זעהסט דו, רבונו של עולם, ווען אויף אמאָל א צעהן־טויזענטער... בא! מיין ווייב וואָלט געלעגט אויף איהר נאָמען א „זאָלאָג", און אין דער צייט, וואָס איך וואָלט נאָכ'ן וויראַק*) געזעסען, וואָלט זי אביסעל געוואַכערט, ווי א אידענע... נאָר דאָס מיינסט דו דאָך נישט, פון צעהן טויזענטער — פון א מילתא דלא שכיחא, רעדט מען נישט אויף א בארג סיני!"

„לא תענה ברעך עד שקר!"

„אויסער — חס־ושלום — וויים איך? געגען א שונא!"

„אויסער נאָך פון דיין תורה וועגען, אז דער גבאי וועט מיר קיין גוטע עליה נישט געבען... און אפשר — אויסער לשם מצוה — אז איך וועל וועלען אן אנדער רב, אן אנדער שוחט, אדער מאַכען מיינס א קרוב פאַר א שול־קלאַפּער. און נאָך — רבונו של עולם — אויסער די אלע טויזענטער אופנים, ווען איז עס ג ל א ט א מ צ ו ה א א י ד צ ו ב א ג ר א ב ע ן!"

„לא תחמוד"

— „רבונו של עולם, איך זאָג דיר אפען, איך וויל נישט — נישט יענעמס הויז, נישט יענעמס ווייב, נישט יענעמס פערד און וואַגען..."

„פאַרקערט! איך, רבונו של עולם, פארגין איהם! איך פאַרגין איהם אפילו זיין עשירות!—".

---

*) פריגאָוואָר.

„איך וויל א בעסער און א גרעסער הויז; א פּאַלאַץ קאָן איך אויך פאַרדייען!“

„איך וויל א ווייב מיט מעהר נדן; א שעהנע אידענע אלס צולאָג — קאָן איך אויך נישט שאַטען!“

„איך וויל אויך א שענערע קאַרעטע און בעסערע פערד!“

„און דאָס אַלץ וויל איך נ י ש ט פון א בשר־ודם, נישט צונעמען ביי יענעם — נאָר „מ ת נ ת ידך הרחבה והמלאה“, פון דיין כשר׳ער האַנט!“

„דו זאָגסט דאָך „לי הכסף ולי הזהב!“

„און, אז דו, רבונו של עולם, לאָזט נישט אַרויס קיין נייע באַנקאָ־צעטעל, אז דו נעמסט נאָר ביי איינעם און גיסט דעם צוויי־טען — בין א י ך שולדיג?“

„א י ך — דאַרף. מיין ווייב און קינדער — ד אַ ר פ ע ן! ה אַ ב ע ן — מ ו ז איך, מיין דאגה ביי וועמען דו נעמסט?!“

אַט אזוי טייטשט זיך אויס דאָס בעל־בית׳ל די עשרת הדברות.

.1896

# פ ו ר י ם.

„פורים איז קיין יום־טוב; פיבער — קיין קרענק“.

נישט צו באניידען איז דאך דער, וואס טרייסעלט זיך אין פי־בער; און נאך וועניגער — דאס פאלק, וואס פורים איז זיין וואויל־טאג.

און נישט דעריבער, וואס די הילף איז פון קיין מענער־האנט געקומען; נ ס י ם זענען נישט מחויב — שעלקעס צו טראגען. מיר האבען זיך מיט ד ב ו ר ה, י ע ל און י ה ו ד י ת נישט צו שעמען.

אסתר'ן אבער האבען מיר צו פארדאנקען דעם ערשטען זיג, וואס מיר האבען, נישט ק ע ג ע ן, נישט א י ב ע ר, נאר א ו נ ט ע ר פרעמדע קעניגען געהאט.

פורים איז דער געבורטס־טאג פון ערשטען שוץ־איד, פון ערש־טען קרוב למלכות... פון ערשטען א ו י ס ז א ג ע ן און פון ערשטען פ א ר ז א ר ג ע ן א קעניגליך — בעט...

א פרייד איז פורים פאר בעטלער, קלעזמער, פארשטעלטע... און — פאר א ז א פאלק!

טאנץ אויף פרעמדע בעטען, פארוואַרלעסיגטע נשמה, אויפ'ן קבר פון דיין אמאליגען שטאלץ, — טרינק, און פארגעס, אויב דו קאנסט...

# עס געהט צו פסח.

עס געהט צו פסח, און איך בעט מיך ביי אייך איין צום סדר. נעמט מיך אויף!

קיין סך וועל איך אייך נישט קאסטען; קניידלעך עס איך נישט!

זייט מיך אויך נישט מכבד מיט מרור; מיט דעם בין איך געבוירען!

הייסט מיר אויך נישט צעהלען קיין „מכות"; איך האב די מצריים שוין לאנג מוחל געווען, און עס איז גלאט א מין „ברכה לבטלה"; פון געשריבענע אדער געדרוקטע מכות איז נאך קיינער נישט קראנק געווארען.

באפרייט מיך אויך פון „שפוך חמתך"!... איך בין נאך צו יונג, פאר'סמ'ט מיר נישט דאס בלוט מיט נקמה... איך האף אויף בעסערע צייטען און וויל אפילו קיין געצען־דינער נישט שילטען.

איך וויל אפילו נישט זאגען „לשנה הבאה בירושלים!" ווייל „פון זאגען ווערט מען נישט טראגען"!

דערווייל וויל איך אייך נאר ווינשען, אז איהר זאלט אויס'ם יאהר דעם גאנצען „מה נשתנה" מיט'ן „עבדים היינו" פארגע־סען... און —

אז איהר וועט עפענען די טיר און רופען באמת, נישט ווי היינט אויף לבן־ארמי'ם לשון, „כל דכפין ייתי ויכול!", זאל קיי־נער נישט אריינקומען; עס זאל קיינער נישט ד א ר פ ע ן אריינקומען!

.1896

# ל"ג בעומר.

א יום־טוב פאר קינדער!

וואס אייגענטליך ל"ג־בעומר איז, אסור אויב איך וויים! אין חדר, געדענק איך, פלעגט דער רבי דערצעהלען פון א מגפה צווישען רבי עקיבא'ס פיער און צוואנציג טויזענט תלמידים... אויך פון „הלולא דר' שמעון בן יוחאי" און פון בוימאויל גיסען אויף זיין קבר! גאר איך האב ווייניג וואס געהערט; מיר איז עפעס א נ ד ע ר ש געלעגען אין קאפ: עס זענען שוין אריבער די טרויעריגע ספירה־טעג, ל"ג־בעומר הויבט מען זיך אן באדען, און דאס וואסער דארף א מ ע נ ש. מוז מען עס אפנארען מיט א קאץ!

„נער הייתי וגם זקנתי" און צינד זעהט מיר דאס אלעס אויס אזוי פראסט, אזוי נאטירליך! מגפות האבען פארצייטען אויך נישט געפעהלט, עס זענען נאר אנדערע קמיעות, אנדערע רפואות און אנ־דערע דאקטוירים געוועזען! אז עס איז א מגפה געוועזען, און זי האט ל"ג־בעומר אויפגעהערט — איז אויך ריכטיג, יעדע מגפה מוז אמאל אויפהערען; אנטיסעמיטיזם, פאנאטיזם, ספיריטיזם זע־נען אויך מגפות און וועלען אויך אמאל אויפהערען... און יענע מגפה האט נישט געקאנט וויסען, אז עס איז ל"ג־בעומר, זי זאל גאט ווייסט ווען צו להכעיס, דוקא אויפהערען א טאג פריהער אדער שפעטער! און ר' עקיבא, אויב ער האט געהאט אזוינע ענגע, דושנע און ברודיגע חדרים, ווי אונזערע קינדער האבען היינט, איז לייכט צו פארשטעהען, פארוואס די מגפה האט זיך אין זיינע תלמידים געהאלטען!

הלולא דר' שמעון בן יוחאי איז אויך צו דערליידען. „הלולא" איז אייגענטליך א חתונה און דא מיינט מען גאר א יאהר־צייט, גאר עס מאכט נישט אויס. סאפיר זאגט, אז איבער דעם האט א

חופה פיער שטאנגען, ווייל זי איז מעהרסטענטיילס א דאפעלטע מטה! און מרדכי הב״ד זאגט, אז דעריבער באדעקט מען די כלה, זי זאל נישט זעהן, ווי מען קוילעט זי. אז די, וואס ווילען נישט קיין אילומינאציע אויף די חשמונאים׳ס נצחון געגען די גריכען, נאר דוקא הייליגע חנוכה־ליכט לזכר פון נס, וואס פון איין פארציע בוים־אויל האט זיך אויסגעמאסטען אכט, כאטש דאס מאכט היינט א ליאדע סוחר׳טע, אז די לייט, וואס האבען ליעב און לעבען פון נסים אויף דער מאס און וואג, גיסען בוימאויל דוקא אויף ר׳ שמעון בן יוחאי׳ס קבר, איז אויך נישט חוץ לדרך הטבע; זיי גלויבען פעסט, אז ר׳ שמעון בן יוחאי האט געמאכט דעם זהר, דער זהר — די קבלה, די קבלה — חסידים, און אונזערע חסידים׳לעך (און דאס איז טאקע אמת) האבען מתקן געווען נאסען און דאר ברענענדי־גען תקון, וואס מאכט דעם גארגעל פייכט, דאס לעבען זיס און דעם קאפ אזוי לויטער... ממש ווי זהר־לשון!

עס איז מיר אפילו היינט קיין וואונדער נישט, אז וואסער לאזט זיך אפנארען און נעמט צו א קאץ פאר א מענש! טוען מיר דען אנדערש? געהט ארויס אויפ׳ן הייליגען ארט, עפענט אויף דארט די קברים, אויב איהר וועט נישט געפינען נייניציג פראַ־צענט קעץ! עפענט א בלאט געשיכטע און באטראכט גוט, וועט איהר זעהן, אז מען רעדט מכלומר׳שט פון מענשען און פון צווי־שען די שורות קוקען ארויס פרומע קעציגע בלויע אויגעלעך. אז עס איז א מחיה! עס טרעפט זיך, אז בערען פיהרען דאס רעדעל, ביי־נער קנאקען אונטער די ציין, בלוט פליסט פון פיסק אראפ ארום די לאפעס... עס טרעפט, אז פוקסען כאפען די לייצען אין די הענט אריין און פארפאהרען גלייך צו דער הינער־שטאל, און פעדערען פליהען עד לב־השמים, נאר על פי רוב — דרעהט אונז דעם שטריק ארום דעם האלז א פראסטע ווייסע אדער שווארצע, נאר — זכרונה לברכה — א קאץ!...

איך וואלט אסך גערעדט פון טויטע קעץ, איך זאל קיין מורא נישט האבען פאר די לעבעדיגע... אך, זיי דראפען און — ערגער נאך — זיי מסר׳ן!

נאר ווי עס איז, פון וואנען ל״ג בעומר קומט ארויס, זאל זיין פון דער קאץ אליין, אבי צום לעבען! אבי אונזערע ארעמע קינ־דער כאפען זיך כאטש איינמאל אין יאהר ארויס פון תפיסה, פון

פינסטערען חדר. דער „סמאַטריטעל“ אליין — דער בייזער מלמד. עפענט אליין אויף די טיר און פיהרט זיי אין וועלדעל אריין! אַ. לאַכט נישט אויס איין טאָג אין פרישען, פרייען וואלד!

דאס קינד גיט זיך קיין רעכענשאַפט דערפון נישט אָפּ. נאָר עס דערפיהלט פאַרט, אז אין חדר איז ד אָ ד נישט ווי עס דאַרף צו זיין! דער הימעל איז דאָ נישט אַזוי קליין, נישט אַזאַ שמאָט־קעלע, ווי צווישען דעם רבי׳נס פענסטער מיט׳ן שכן׳ס דאַך! די סאָסנע שיסט גלייך ארויף צום הימעל, נישט געקרימט, נישט גע־בויגען, גלייך, אהן קונצען, אהן פשט׳לעך, נישט פאַרקניפּט און נישט פאַרבונדען!

דאס קינד קלערט זיך: ד אָ וואוינט גאָט, און ד אָ ר ט — דער רבי... פרישע לופט, פרייער אָטעם. געזאַנג פון פייגעל, געוויש פון בלעטער, פאַרשידענפאַרביגע בלומען, גאָלדענע און זילבערנע זומער־פייגעלעך — זענען גאָטס, און די בלאָטע, דאס מושב, דאס ענגעניש, דער ברוד און די געדרעהטע, פאַרקניפּטע, פאַר׳כשופ׳טע פשט׳לעך — זענען טאַקע דעם רבי׳נס!

עס לאָזט מיך נישט שרייבען, אזאַ גערודער ווערט אין גאס! איך לויף צו צום פענסטער!

די נאַלעווקעס רוישען ווי א ים, די פראַנציסקאַנער שומט און יאָגט, און פון דעם מבול מענשען שווימט אלעמאל ארויס א נייער אָמניבוס, אנגעפּאַקט פול און פול מיט קינדער! אך! ווי זיי זעהען אויס, די קינדער!

בלאַסע, גרינע, געלע און איינגעריסטע פנימ׳לעך... זעלטען א געזונט בעקעלע, זעלטען א פריש פנימ׳ל! נאָר אלע זענען ריה־רעווודיג, אומגעדולדיג, און אלע אויגעלעך ברענען ווי די ליכט!

פאַהרט, קינדערלעך, פאַהרט, איך ווינש אייך...

נאָר ניין, נישט א ל ע ווינש איך! נישט א ל ע! זאָגט מיר, קינדערלעך, פריהער, וואס פון אייך וועט ארויס. וועל איך אייך זאָגען, וואס איך ווינש אייך! אָט ווייזט מיר נאָר, ווער פון אייך וועט האַנדלען מיט ווערמאָנטס סחורה, אדער גלאַט אַזוי — מיט פרעמדען שווייס און בלוט; ווער וועט בויען זיין הויז אויף יענעמס חורבה; ווער וועט אויסוואַקסען ווי א צווייגעל פון אַן אַנדערענס מצבה — א! זאָגט מיר ווער, דעם וועל איך אהן

רחמנות ארויסשלעפען פון דער בויד און ווארפען אונטער די רעד־דער!

נאר זאגט מיר אויך, ווער פון אייך וועט ארויסוואקסען אן עהרליכער ארבייטער, וואס וועט לעבען פון איינענעם שווייס און בלוט; זאגט מיר, ווער פון אייך וועט לעבען אויף זיין איינענעם חשבון, נישט זיין קיין לויז אויף א פרעמדען קאפ, נישט אריינ־שטעקען ווי א ווארם די זוינגעפ אין א פרעמדען מאגען — זאגט מיר ווער, און דעם וועל איך געבען עטליכע גוטע, פיינע ביכלער צו לעזען, וואס וועלען איהם זיכער צו־נוץ קומען!

זאגט מיר אויך, ווער פון אייך וועט זיך מאכען פון דער תורה א סחורה, און וועט זי פארקויפען אויפ'ן קווינט און אויפ'ן לויט, אויפ'ן גלעזעל, ווי בראנפען אין שענק... ווער פון אייך וועט מאכען מאנאפאלען אויף כשר'ן וויין, האנדלען מיט הכשרים אויף מעהל, אריינשטעקען די גאנצע אידישקייט אין א חליצה־שוך, אדער צומאכען נאך דאס קלענסטע הומרא'לע, צוואווארפען נאך איין דראבנע שטויבעלע צו דער גלות־טאטשקע — זאגט מיר ווער, וועל איך איהם ארויסשלעפען אהן רחמנות פון בויד און ווארפען די פערד אונטער די פיס, ווייל נאר פערדס־פאדקאוועס קאנען ארויס־שלאגען א פונק פון אזוינע פינסטערע קערפער!

נאר זאגט מיר אויך — ווער פון אייך וועט ארויסוואקסען א מענש מיט א שטאלצען שטערן, פרייע אויגען, א קלארען מוח און א ברייטען, אפענעם הארץ... א, זאגט מיר, ווער פון אייך וועט זעהן ווייטער אלס א י י ן מ י נ ו ט, אין וועלכען עס פארזינקט דאס גראבע עם־ארצ'ישע לעבען; וועמענס ב ל י ק וועט זעהן ווייטער ווי די ד ל ת א מ ו ת, וואס דער פרוש האט פאר'ן נארישען אינדיק ארומגעקריידט — א, זאגט מיר ווער, וועל איך איהם אראפנעמען פון בויד, אויסקושען יעדען אבר און מיטנעמען מיט מ י ר אין וואלד אריין...

דארט, אין פרישען, גרינעם וואלד, וועלען מיר זיך זעצען הינ־טער אן אלטען, קלוגען בוים מיט ווייט־פארשפרייטע צווייגען, מיט מיליאנען פרישע, גרינע בלעטער, וואס זאגען צו מיליאנען פרישע, נאר נייע בליטען... דארט וועלען מיר זיך זעצען, דארט... אינ'ם שטילען ארט, וואו מען הערט נישט די עם־ארצים שרייען, די אק־סען בלעקען און די הינט בילען... דארט וועל איך איהם פארטיי־

טשען, וואָס פריהלינג באַטייט, וואָס פריש לעבען הייסט; איך וועל איהם דערצעהלען, וואָס עס סוד'ען זיך די בלעטער, וואָס עס רוישט דאָס יאַגענדיגע וואַסער און וואָס עס בלאָזט אין די אויערען אריין דער פרישער ווינט...

אך! איך וועל איהם נאָך אַ פּאָר שעהנע מעשה'לעך דער־צעהלען און שענקען — עס איז דאָך ל"ג בעומר — אַן אמת'ען. נוטען פייל־און־בויגען...

.1896

# הורמוז און אחרימון.

לויט דעם פערסישען גלויבען, עקזעסטירען צוויי געטער: איי־נער הורמוז (להבדיל אונזער יצר־טוב) א גוטער גאָט, כאָטש צו א וואונד צוצולעגען. ער באַשאַפט נאָר — ליכט, בארעמהארציגקייט, פאַרשטאנד און נאָך אנדערע גוטע זאכען צום מענשליכען געברויך.

דער צווייטער — אחרימון (אונזער יצר־הרע, נישט אויסגע־רעדט זאָל עס זיין!), א שלעכטער גאָט, וואָס האָט ליעב פינס־טערניש, ווי א מוילוואָרף אָדער א פלעדער־מויז, אן אכזר, ווי א טאָרקוואַמאַדאַ און א גוטער פריינד פון נאַראַנים, וואָס טאַנצען אויף הינטער־פיסלעך. מיט איין וואָרט — פאַר אזא גאָט, זאָל גאָט שומר ומציל זיין!

איהר פארשטעהט אליין, אז ווען נישט אחרימון, וואָלט די וועלט געוועזען א גן־עדן: מענשען וואָלטען געלעבט, ווי ברידער פון איין צווילינג, און אפילו מאן און ווייב וואָלטען זיך קיינמאָל קיין שלעכטס נישט געוואונשען; מענשען וואָלטען ארומגעלאָפען אין די גאסען און געזוכט, נישט קיין געשעפטען, נישט קיין שווינ־דעל צו מאכען, נאָר טאַקע מצוות און מעשים טובים. מען וואָלט גערופען: „ווער איז נאַקעט, וועל'מיר איהם קליידען; ווער איז הונגעריג, וועל'מיר איהם שפייזען; ווער האָט דורשט — וואסער, וויין, קאַניאַק... וואָס איינער וויל! גאַנצע פעסער כרמל!"

אויפ'ן היידעלבערגער ביר־פאַס וואָלט געשטאַנען אויפגע־שריבען „כל דכפין ייתי ויכול", פונקט, להבדיל, ווי אין אונזער הגדה.

און די ווייבער וואָלטען נישט געטראָגען אויף די קעפ קיין פליגעל פון עקסטרא דארויף געשאָסענע פייגעל! עס וואָלט נאָר געוועזען א פראַגע, צי מען מעג שמייסען — — אין באָר!

און פאַרקערט, — וואָלט געוועזען נאָר א י י ן אחרימון,

וואָלט די וועלט געוועזן א גיהנום, וואָס וואָלט ארומגעשוואומען ווי א שיף אויף א ים פון מענשען־בלוט און וואָלט פארשפרייט א ריח פון געברענטע, געבראָטענעם און גערויכערטען מענשען־פלייש אין אַלע זיבען הימלען...

און, אויב די וועלט איז נ י ש ט קיין גן־עדן און נישט קיין גיהנום, אויב פון צייט צו צייט לעשען זיך אויס די אויטאָ־דאַ־פעען, עס פארשטומט דער קלאַנג פון קייטען און די הארמאָטען ברילען נישט אהן אויפהער; אויב נישט אַלע וועג־ווייזער אויף די טראַקטען זענען תליות, און עס מאַכט זיך אמאָל אן אסיפה אין האַג, וואו מען רעדט וועגען שלום; אויב עס עקזיסטירט אין א י י ן צייט תפיסות און שפיטעלער, חברות פון צער בעלי־חיים און אנטיסעמיטען, וועלט־קאָנגרעסען און שאָוויניזם; אויב די בור־רען שיקען איבער די ענגלענדער א גראַטולאַציאָן צום נייעם יאָהר מיט א „פודינג" (א מין ענגלישער קוגעל) אין א קארטעטש, — איז עס דעריבער, ווייל הורמוז און אחרימון עקזיסטירען ביידע אין איין צייט, און איינער קליטשעט דעם צווייטען דאָס וואַסער און שפייט איהם אין דער קאַשע אריין.

דאָס אַלץ ווייס איך, נישט אַזוי פון אלטע פערסישע ביכער אין פארשידענע איבערזעצונגען, ווי פון מיינעם א באַקאַנטענס מויל, פון אַן אַלטען פערסער, וואָס וואוינט ווי־זאַ־ווי אין איין הויז מיט מיר: מיט וועלכען איך האָב צופעליג זיך באַקענט און מיר האַלטען זיך פון דאַמאָלט אַן צוזאַמען, ווי צוויי לאַנג־נעזיגע, וואָס קאָנען גלייך נישט ליידען, ווי הינט בילען... און מיר פלוידערען גאַנץ אָפט...

ווען איך טרעף מיך מיט'ן פערס, באַגריסען מיר זיך גאַנץ הערצליך.

— וואָס מאַכט אייער א ל ט ע ר? — פרעגט ער מיט א שמייכעל, און איך ענטפער מיט אראָפּגעלאָזטע אויגען:

— דערווייל, שמיל! און הורמוז וואָס מאַכט?

— ער וועט אויספיהרען! — איז זיכער דער פערס, — ער מ ו ז אויספיהרען! און דער אלטער אָפּטימיסט שנייצט זיך הויך און מיט א זיכערקייט די נאָז, און ווישט זיך איבער דאָס גאַנצע פנים מיט א רויט פולאַרען טוך, וואָס וואָלט געגוג געוועזן ה ו ר־מ ו ז'ן פאַר א פאָהן.

איינמאל דאך איז ער נישט זיכער געוועזן.

— ווער ווייס, — זאגט ער, — ווער ווייס! אחרימון איז כיטרע, זעהר כיטרע! פיפיג, ווי עס קאן נאר זיין!... כל־זמן אחרימון האט געפיהרט אן אפענעם קריג מיט הורמוז'ן, בין איך זיכער געוועזן, אז עס מוז קומען אמאל הורמוז'עס אייביג־לאנגער טאג, נאך וועלכען עס וועט קיין נאכט שוין מעהר נישט זיין! איך האב אבער באמערקט — — —

— וואס האסט דו באמערקט?

מיר זעצען זיך אויף א באנק, (עס איז זומער און אין א גאר־טען געוועזען) און דער אלטער פערס זיפצט.

— איך האב באמערקט, — זאגט ער — אז אחרימון האט זיין טאקטיק פארטוישט און איז ווירקליך שוין געפעהרליך געוואָ־רען... ער שווינדעלט! ער פארשטעלט זיך! ער מאכט זיך פאר הורמוז'ן אונטערטעניג, האניג גיסט זיך איהם פון מויל, און נארט איהם אפ פון קאפ ביז פיס... הורמוז, דער גוטער, לאזט זיך גע־נארען...

— איז עס מעגליך?

— הער, מאכט דער פערס, — איך וויל דיר א פאר ביישפי־לען געבען פון זיין טאקטיק:

אט, למשל, פארצייטענס, אז הורמוז האט געוואלט דער וועלט א גרויס פארגניגען מאכען, אן איבערראשונג, און באשאפען א זעל־טען־שעהנע פרוי, פלעגט קומען אחרימון און, להכעיס, אנריהרען זי מיט דער אומריינער האנט ביים שטערן, ביי א באק, און גענוג:

— דער שעהנהייט וואקסט שוין דערפון ארויס א הארן, א קרעץ... נאר וואס העלפט עס איהם? הורמוז דערזעהט עס באלד, שיקט א שטראל פון זיין גענאד, דער הארן פאלט אראפ, די קרעץ פאר־היילען זיך, און די שעהנהייט ווערט נאך שענער, נאך ערהאבענער... היינט טוט ער אנדערש: ער טוט, גלייך ער איז צופרידען און גליקליך מיט אלעם, וואס הורמוז טוט!

ער כאפט אויף זיך א פראק און א צילינדער, באווייזט זיך פאר דער פרוי און זאגט מיט א זיסען שמייכעל: מאדאם (אדער פרייליין), איך גראטוליר אייך מיט מיין הער הורמוז'עס גענאד! איהר זייט עס ווערט... די גאנצע שטערבליכע וועלט דארף קניען פאר אייער אומשטערבליכער שעהנקייט!

און שוין! פון דער שעהנהייט ווערט א קאַקעטע, א קאַלטע האַרץ־פרעסעריין...

הורמוז, למשל, כאַפּט זיך אמאָל אויף און דערזעהט, ווי אַן אָרעמאַן אַרבייט שווער און האָט קיין פּרנסה נישט. א גוט האַרץ האָט ער, געלט אין אוצר פעהלט נישט, כאַפּט ער עטליכע קאָפּיקעס אין א זעקעל און וואַרפט אראָפּ דעם אָרעמאַן...

פריהער פלעגט אחרימון שיקען גזלנים אָדער גנבים, אָדער א שרפה, אוועקצונעמען דעם גוטען גאָטס מתנה ביים אָרעמאַן. עס האָט אבער נישט געווירקט: הורמוז הויבט אַן געבען און געבען, און וויל ער, שטעלט ער גאָר דעם מזל ביים אָרעמאַנס טיר, און דער ווערט רייך און גליקליך!

היינט טוט אחרימון אנדערש.

הורמוז האָט געגעבען אַן אָרעמאַן עטליכע קאָפּיקעס, זעהר גוט! ער קריגט זיך נישט מיט'ן עלטערען ברודער! פאַרקערט, ער לערענט זיך נאָך אָפּ פון איהם, ער וויל אויך א גוטער ווערען! און ער וואַרפט צו דעם אָרעמאַן נאָך א פּעקעל — און סאַמע גאָלדענע רענדלעך!

פון אָרעמאַן ווערט א גביר, דער זאַק מיט גאָלד וואַקסט, און, וואָס מעהר ער וואַקסט, מעהר מאַגנעט ווערט ער, מעהר ציהט ער צו זיך צו! און דער געמאַכטער גביר צווישען סאַמע אָרעמע לייט, ק אַ ן נישט זיין גליקליך! ער קאָן אפילו נישט רוהיג שלאָפען... די אָרעמע לייט ארום שלאָפען א ו ד א י נ י ש ט!...

הורמוז וויל עמיצען געבען א גוטע זאַך, למשל — גבורה, א האַרץ פון א לייב! — אזוינער קומט צו נוץ יעדעם פאָלק, יעדער צייט! —

פאַרצייטענס פלעגט אחרימון וועלען אזוינעם אומברענגען, קוילען — פלעגט ער איהם אָנשיקען גאַנצע מחנות מיט רוחות און שדים, זיי זאָלען איהם כאַפּען און עס זאָל פון איהם קיין זכר נישט בלייבען. נאָר הורמוז פלעגט נישט לאָזען: געגען די מחנות פון שדים און רוחות שיקט ער מחנות מלאכים, זיי פאַריאָגען די שדים מיט די רוחות צוריק אין גיהנום אריין און דער העלד בלייבט העלד...

היינט פיהרט זיך אחרימון אנדערש —

הורמוז גיט גבורה, אחרימון דערלעגט נ אָ ך אביסעל און

פון אונזער באשענקטען פון הורמוז ווערט אן אוואנטורניק, א פּראָ־
אָדם, ווייל עס שפּארט איהם די קראפּט, דער איבערשפּאנטער כח,
און אויפ׳ן אָרט פון נוצען, ברעננט ער דעם גרעסטען שאָדען!...

די זון געהט אונטער און דאָס איז די העכסטע צייט אהיים צו
געהן פאר׳ן פּערס. ער געזעגענט זיך:

— נאָך דאָס — זאָגט ער, אויפשטעהענדיג, — וויל איך דיר
זאָגען: א מענש דאַרף עסען, הנאה האָבען פון עסען, באשאפט
איהם הורמוז א דאָרם — א קישקע; מען דאַרף זי נויטינ האָבען,
אהן איהר איז נישט צו לעבען! וואָס טוט אחרימון? ער ווערט דאָך
ביי א מענש די קישקע נישט אויסשניידען — גיט ער צו א
בלינדע קישקע, נאָך א שטיקעל! און דאָס שטיקעל איז
שוין א געפעהרליכע זאך, דערפון קרענקט מען שוין!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער פּערס איז אוועקגעגאנגען, און איך האָב געקלערט: צי
איז ער נישט גערעכט?

הורמוז, אָדער דער יצר־טוב, גיט אונז אריין א געפיהל צו ליעַ־
בען אונזערע נאָהנטע, אונזער פאָלק, אונזער אָרעם פאָלק, פאר
וועלכען מיר ווילען ארבייטען און אפּפערען זיך; וואָס טוט אחרימון
אָדער דער יצר־הרע? ער דערלעגט נאָך אביסעל געפיהל, עס ווערט
פון נאַציאָנאליזם — שאָוויניזם, פון רייכען געפיהל אן עקעלהאפּ־
טער שאַרלאַטאַנען־פאַנאַטיזם, וואָס וואַרעמט נישט און לייכט
נישט, נאָר ברענט אין דער פינסטער און קאָן אונז אליין פאר־
ברענגען!...

אַן אָרעם פארוואגעלטער נע־ונד׳ניק זוכט זיך א דאך אי־
בער׳ן קאָפּ, א רוהיג שטיקעל אָרט, וואו זיך אנידער צו לעגען, וואו
די ביינער אויסצורוהען, אום אויפצושטעהן מיט אלע גליידער
צו דער נייער ארביים, — אלע פאר אלע!... דעם געדאנק
האָט איהם איינגעפּליסט הורמוז... וואָס טוט אחרימון? ער מאכט
פון דאך, פון רוה־בעט, אן אייביגען, הויכען צוועק, אן אידעאל
און מיר...

מיר האָבען זיך צוריקגערוקט אויף א הונדערט און צוואנציג
יאָהר!

און עס איז ווירקליך א שאָד די צייט!

‎.1900

# וויסען, אידעען און „איזמען“.

וויסען איז איינפאך ליכט־העלער טאג.

נאר דאס ליכט פילט נישט אויס דעם רוים, דער טאג — די צייט, דאס וויסען — דאס לעבען...

אונזער גאנצע וויסענשאפט איז א גראשענדיג ליכטעל אין אן אומענדליך פינסטערער הייל.

אין פינסטערע ערטער, אין פינסטערע צייטען לייכטען אונז אידעאלען, פינקלען און שימערען אידעען, בליצען „איזמען“ און שלאג־ווערטער.

---

אידעאלען זענען ליכטיגע, הויכע שטערען אין די ווייטע ברייטע הימלען.

דערוייל, ווענינגסטענס, נישט צום דערגרייכען, נישט צום דערלאנגען.

און דאס מערהסט איז מען פון זיי נישט צופרידען:

— איך קאן זיי נישט אנטאפען! — קלאגט זיך דער בלינדער.

— נישט צום איינבייסען! — בייזערט זיך דער הונגעריגער.

— וואס פאר א טעם האט עס? — פרעגט דער פיינשמעקער, דער בייכיגער בעל־הבית.

— מען זאל זיי ווענינגסטענס קאנען אפרייסען און באנוצען אלס קאטיליאן־שטערען אין קארנאוואל, זאגט זיין זוהן, דער טענצער, און דער אינגערער זוהן, דער פעסימיסט, וואס איז שוין גע־בוירען מיט צוקנוידערטע נערוועז און א מאגען־קאטאר, שמייכעלט זויער:

— צי פארמאגט נישט דאסזעלבע יעדער גליה־ווארים? צי בליצט נישט איבער יעדען זומפ, איבער יעדען געמויזעכטס?

און אויך דער פראפעסאר פון מאטעמאטיק וויל בעסער זיין

נאכט־לעמפעל, וואס באליכטם איהם זיינע ד' אמות פון „צוויי און צוויי איז פיער"...

נאר די פיהרער פון קאראוואנען אין זאמדיגען סטעפ, פון שיפען אין אָקעאַן מיט באהאלטענע פעלזען און ריפען, ווייסען, וואס שטערען, וואס אידעאלען זענען.

---

אויפ'ן שוויים־ און בלוט־פארגאסענעם פעלד צווישען מערב און מזרח שפּראָצען בלומען־אידעען... זיי שפּראָצען, בליהען, וואקסען, לעבען, בלייבען שטעהן, פארלירען סעקונדענווייז דעם גלאַנץ מיט'ן זאַפט; זיי וועלקען, פארשטויבען און פארשווינדען...

נישט וואר און נישט פאלש זענען אידעען, נאר פריש און אלט, בליהענדיג אדער פארוועלקט.

אז מען טראָגט אייך צו אַן אידעע, בויגט צו די נאָז: פרישע נעמט און שטעקט אייך אויף דער ברוסט, אלטע — ווארפט ארויס. ווער עס איז ווייכהארציג, זאל דערביי לאָזען א טרער.

מיינט אבער נישט, אז די פרישע אידעע איז וואר, אז זי איז דער אָפּגלאַנץ פון דער מאָרגענדיגער זון...

נאר פאר אלטע אידעען — היט אייך!

אויב עס געפעלט אייך נישט דער היינטיגער טאָג, האָט איהר רעכט: ער זאל זיין דער בעסטער, וואלט ער אויך דער לעצטער געוועזען — האָפט איהר אויף מאָרגען, וואויל אייך: עפּעס אינעווייניג זאָגט אייך, אז איהר האָט נאָך וואָס צו דערלעבען, נאר זוכט נישט זיין בילד אין דעם נעכטיגען טאָג, מאָלט אייך נישט דעם „שפּעטער" מיט די שוויים־בלוטיגע פארבען פון דער פארגאַנגענהייט; הויבט נישט אויף קיין אלטען לאָפּען מיסט פאר א הייליגע פאהן און זוכט נישט קיין בלומען אויפ'ן בית־הקברות...

ווילט איהר בלומען, זוכט אייך פרישע.

---

טייערע שטיינער זענען „איזמען", דאָס זענען ליכט־פענגער, ליכט־שוואָמען. נאר דאָס, וואס זיי שלינגען איין, גיבען זיי נישט ארויס צוריק; דערצו ווערט נאָך דער שטראַל אין די שטיינער פארשידענאַרטיג געבראָכען.

דערפון קומט דער פלעמיג־פינקעלדיגער גלאנץ, וואָס טרייסט אונזער אויג אין דער פינסטער, וואָס דערמאָנט אָן פארלוירענעם און צוריקגעהאַפּטען טאָג; ב א נ נ י נ ע ן זיך מיט דעם ליכט קאָנען אבער נאָר קינדער, ווייבער און לעדיג־געהער...

ביים פיינסטען בריליאנט קאָן מען קיין בוך נישט לעזען, קיין בריף שרייבען, קיין ארבייט פאררינטען. — דערצו דאַרף מען דעם טאָג מיט זיין איינפאכען ליכט.

.1902

# בריף אויס ווארשוי.

## א.

איבער ווארשע ווילט זיך שרייבען און עס איז שווער צו שרייבען. ערשטענס איז שווער אויף'ן הארץ: ווארשע, די גרעס־טע אידישע געמיינדע אויף דער וועלט, האט אזא שוואכען פולס, לעבט אזוי וועניג, אזוי באהאלטען שטיל, אז טיילמאל דאכט זיך, עס לעבט גאר נישט! און צווייטענס — פרירען די פינגער! דריי רובעל א קערץ קוילען! אמאל פלעגט מען זיך וואונדערען, אז אין ווארשע קאסט וועניגער אויפהאלטען א מענש, ווי א פערד, היינט וואונדערט מען זיך אפילו נישט, אז אויפהאלטען די חיה־רעה — דעם אויוועז, קאסט מעהר, ווי אויפהאלטען א מענש מיט א פערד צוזאמען! עס איז קאלט... דער רייכער לאזט איבער אומגעהייצט דעם סאלאן, א מיטלער בעל־הבית רייסט זיך אפ פון מויל צו פארשטופען דעם אויוועז, און ארעמע לייט געהען גאנץ איינפאך אויס פאר קעלט, און אלע צוזאמען. ארעם, מיטעל און רייך קלערען אלץ און זארגען: וואו נעמט מען קוילען?

— וואו נעמט מען די שווארצע בריליאנטען? פרעגט אויך דער ווארשעווער דאזאר, וואס האט קיין קוילען נישט פאר ארעמע לייט. יאהר־יעהרליך ווערט געזאמעלט צדקה געלט אויף הייצען. די סקלאדניקעס פארקויפען קוילען און דער דאזאר פארטיילט דורך זיינע אפיעקונעס קוויטלעך אויף קוילען. ווער עס באקומט א פוד, ווער צוויי... די קוילען־צדקה אין ווארשע, ווי אלע צדקות אין גרויסע שטעדט, וואו די הילף געהט נישט פון האנט צו האנט, וואו דער געבער זעהט נישט דעם נעמער, וואו נישט דאס הארץ גיט, נאר דער שכל, דער יושר אדער דער כבוד, — איז קיינמאל נישט געוועזען אהן פעהלער, קוילען האבען קיינמאל פאר אלע נישט געניגט, און עס פלעגען זיי באקומען נישט די ארעמסטע

נאָר די צודרינגליכסטע, די וואָס האָבען גענקענט העכער קרעכ־צען, לענגער בעטען, בפרט די, וואָס רייסען אָפּ די פּאָלעס. אלע זענען אָרעם, אלע וואָס שטרעקען אויס די האַנט; און אין האַרץ אריין צו זעהען, צו וויסען ווער עס איז אָרעמער, ווער עס דאַרף נויטיגער, איז דער אָפּיעקון נישט אימשטאַנד, צעהלט ער די טרע־רען; ווער עס וויינט מעהר, באקומט מעהר... דערנאָך קומט דער דלות און פאַרקויפט ערשט דאָס באַקומענע קוויטעל!... פאַרוואָס? טייל מאָל איז איהם אין סקלאַד אריין צו ווייט, און דער וועג אהין מיט'ן לערען זאַק און צוריק מיט'ן שווערען, איז מעהר ווערט, ווי דער פּוד קוילען; טייל מאָל האָט ער גראָד מיט וואָס צו הייצען, אָדער עס איז אַ שעהנער טאָג. און עס פעהלט ברויט... און אז מען קומט שוין אַז צום סקלאַדניק, באַקומט ער ערשט אַ פאַלשע וואָג און שטיינער פאַר קוילען — מיט'ן קוויטעל קאָן דער אָרעמאַן ערגעץ אַנדערש נישט געהן!

ביי די פעהלער, וואָס שטעקען אין דער נאַטור פון גרויס־שטאַדטישער צדקה, פלעגט דאָך אַמאָל אַ פּוד קוילען טרעפען אין איין אָרעמען אויוועז אריין... נאָר וואָס וועט זיין היי־יאָהר? עס איז אַ קריזיס, אַ שלעכטע צייט! געלט וועט זיין דרייפאַך וועניגער, קוילען דרייפאַך טייערער און נישט צום באַקומען...

עס איז קאַלט, עס פרירען די שפּיץ־פינגער ביים שרייבען, און אין האַרץ ווערט אויך קאַלט, אַז מען דערמאַנט זיך אין „אמע־ריקאַנישען דועל"... אפשר ווייסען מאַנכע פון „יוד'ס" לעזער נישט, וואָס פאַר אַ מין חיה דאָס איז, וועל איך זיי פאַרטייטשען...

ביי אונזערע בעלי־הבתים, די אריער, זענען פאַראַנען אַזוינע גרויסע פריצים, וואָס דער עיקר איז ביי זיי דער האָנער! אַז איין פריץ באַליידיגט דעם צווייטען, מיט אַ וואָרט, ווער שמועסט מיט אַ מתנת יד, וואָס עס טרעפט זיך אויך נישט זעלטען, קען די שאַנד נישט אָפּגעווישט ווערען נאָר מיט בלוט, מוז איינער דעם אַנדערען שיסען. מיר רעדען אַצינד פון אַ געוועהנליכען, אייראָ־פּעאישען דועל. איינער, דער באַליידיגטער, רופט אַרויס דעם צווייטען צום שיסען, צום דועל. ביים שיסען מוזען זיין סעקונדאַנ־טען, צו צוויי עדות פון יעדען צד, איינער פון די עדות שטעלט אויס די צדדים איינעם געגען דעם צווייטען, צעהלט: איינס, צוויי, דריי, פּיף־פּאַף! מען שיסט, און ווער עס פאַלט, דער בלייבט

ליגען. דאס איז דער געוועהנליכער דועל און ער האט פארשי־
דענע פעהלער: ערשטענס, פארלירט מען דערביי א מאסע צייט,
מען שיקט זיך סעקונדאנטען, די סעקונדאנטען פרואווען מאכען
שלום, דערנאך באשטעלט מען אן ארט, וואו מען זאל זיך טרע־
פען, מוז מען ערשט ארויספאהרען הינטער דער שטאדט אויף א
שטילען ארט, וואו קיינער זאל נישט שטערען און דערגלייכען...

צווייטענס — האט מען היזק געלט. איינער נאר מוז אוועק־
געהן פון דער וועלט, און שיסען מוזען ביידע, על כן — מוזען ביידע
קויפען פיסטאלעטען, דריטענס האט מען אמאל היזק א מענש;
עס טרעפט, אז ביידע שיסען צוזאמען, ביידע טרעפען און דער
האנער פארלאנגט נאר איין קרבן, נישט צוויי... פערטענס האט
מען צו טון מיט א פראצעס, מיט פאליציי און געריכט. דא, וואו
פיער מענשען ווייסען א סוד, ווערט שוין א פינפטער און א זעקס־
טער געוואר און עס קומט צו דער פאליציי, די פאליציי גיט אי־
בער דעם געריכט, און כאטש דער האנער איז א וויכטיגע זאך,
ענדיגט זיך אמאל דער עסק מיט „ארעסטאנטסקע ראטעס“. —
דאס אלץ פארשפארט מען ביים אמעריקאנישען דועל. עס
מאכט זיך גאנץ איינפאך. צוויי מענשען קומען צו דער דעה,
אז איינער פון זיי איז איבריג אויף דער וועלט. אז איינער מוז
אפטרעטען, נאר מען ווייסט נישט ווער? ציהט מען קניפלעך, און
ווער עס ציהט דאס לעצטע קניפעל, דער שיסט זיך אליין, במשך
דער צייט, וואס מען האט פריהער אפגערעדט. דא פארשפארט
מען סעקונדאנטען, דא איז מען יוצא מיט איין פיסטאלעט, מען
האט קיין פארכט פאר פאליציי, און האלטען ווארט, שיסען זיך
צו דער צייט, הייסט דער האנער; דערזעלבער האנער, וואס ער־
לויבט צו באנקראטירען פאר א פאר שטיוועל דעם שוסטער, פאר
א פאר פלודערן דעם שניידער, און נויט אפצושיקען באלד פריה
מארגען דאס געלט, וואס מען האט ביי נאכט אין קארטען פאר־
שפילט... באדיי א משכון צו פארזעצען, ווייב און קינד צו פאר־
קויפען!

צוזאמען מיט אלע מעלות טובות האט אונז די אסימילאציע
געבראכט דעם האנער, דעם דועל, און דורך אן אמעריקאנישען
ד״על, האט זיך ערשט נישט לאנג אין מיט׳ן אלעע געשאסען א

יונגער מאַן, וואָס איז ערשט פון דער האַנדעל־שולע ארויס אויף דער וועלט...

איהר קענט עס אפשר נישט פארשטעהן? און דאָך איז עס זעהר לייכט! עס זענען פאראַן יונגע לייט, וואָס ענגען, דאַנק דער ערשט נישט לאַנג מאָדע געוואָרענער ערציהונג אין דער לופט צווישען צוויי וועלטען. און געהערען נישט אַהין, נישט אַהער!... פון איין וועלט זענען זיי ארויס, צו דער צווייטער קען נען זיי נישט קומען... פאַר זיך האָבען זיי א גן־עדן מיט עולם־הזה, נאָר דער טויער איז פארמאַכט און מען האָט קיין בילעט אויפ׳ן באַל... און הינטער זיך א וועלט, צו וועלכער עס ווילט זיך נישט צוריק — א פארוויינטע, פינסטערע וועלט... זי באָדט זיך אין אייגענע טרערען, אין אייגען בלוט! און ענגען אין דער לופט איז אויך נישט גוט, א מענש דאַרף האָבען עפּעס פעסטעס אונטער די פיס...

לעבען פאַר זיך אַליין קאָן אַן אַלטער אויסגעדאַרטער מאַן, א קראַנקער, צוגעשלאָגען צום בעט... זיי זענען יוצא דערמיט, וואָס זיי האַלטען די ציטעריגע הענט ארום דער קליינער לעבענס־פּלאַם, עס זאָל זי דער ווינט נישט לעשען... יונגע לייט מיט בלוט אין די אָדערען, קראַפט אין די פּליישען, געפיהל אין הארץ און געדאַנקען אין מוח, קענען פאַר זיך אליין נישט לעבען, זיי מוזען געהערען א וועלט, זיי מוזען האָבען א פאָלק, וואו צו ווירקען, פאַר וועמען צו לעבען און צו שטערבען און ווער עס האָט עס ניעָט, דעם איז נמאס דאָס לעבען, ווענינגסטענס האָט עס פאַר איהם אַ אַ קליינעם ווערט, אז ער קען עס לייכט פארשפּילען אין קאָרטען פּאַרטוישען אויף עטליכע פליישיגע קוש פון א מויד, אָדער א קניפּעל פון אן אמע־ריקאַנישען דועל!

דער נייער קרבן האָט זיך נאָך געאיילט! צוויי יאָהר צייט האָט מען איהם געגעבען, און ער האָט זיך מקיים פסק געווען דעם פינפטען צו דעם זעקסטען טאָג! אויף וואָס האָט ער געזאָלט וואַרטען? אין זיין לערען לעבען האָט שוין די צייט נישט גע־האָט וואָס אריינצוגיסען!

דער צופאַל, פון וועלכען מיר האָבען גערעדט, האָט געריהרט דעם וואַרשעווער „איזראַעליט": ער זעהט דערינען א ביטערען סימן, אז עס געהן אונז אויס די כחות, אז מיר פארלירען די לוסט צום

לעבן... אויב דאס הייסט בילדונג, — זאגט דער „איזראעליט“ אין לעצטען נומער פון נײנצעהנטען יאהרהונדערט—איז בעסער צו זיין אומגעבילדעט, ווי אונזערע אלטע זיידעס זענען געוועזן. נאר דער „איזראעליט“ האט אומזיסט אנגעריהרט די בילדונג, אומזיסט געוויזען דאס אויער איבער די פלייצעס. ער ווייסט, ווי דאס קינד הייסט, נאר וויל עס נישט אנרופען ביים נאמען — דאס קינד הייסט „אסימילאציע“, נאר דער „איזראעליט“ האט מורא. דער „קראי“ זאל נישט נאך אמאל באמערקען, אז די בעסטע מענ־שען אין דער אידישער געמיינדע זינגען נישט מיט איהם דעם זעלבען מה יפית. אז זיי האבען נאך א פיינערן נוסח...

דער ארעמער „איזראעליט“, עס געהט דער צוואנציגסטער יאהרהונדערט און ער הענגט נאך אלץ צווישען צוויי וועלטען. הענגט נאך אלץ אין דער לופט, נישט אהין און נישט אהער...

און דאך ריהרט עס זיך! די צייט שלעפט מיט זיך אפילו דעם פוילסטען... אין דערזעלבינגער נומער „איזראעליט“ קלאגט זיך הערר נ. ס. אויפ׳ן באגריף פון „היימיש“ און „פרעמד“... ער טייט מיט די פינגער אויף די ווארשעווער מיוחסים, וואס קוקען מיט אויגען פון פרעמדע אויף אייגען פלייש און בלוט, וואס קומט פון יענער זייט ראגאטקע. טייל האלטען פאר אמת׳ע ווארשעווער נאר די, וואס זענען געבוירען אויפ׳ן הייליגען גרזשיבאוו, די נא־לעווקים אפילו זענען שוין נישט היימיש, זענען שוין פאר זיי פרעמד... די צייט רוקט זיך און אפילו אן ערשט נישט לאנג גע־שטארבענער ווארשעווער גביר האט איבערגעלאזט אכט און פופציג טויזענט רובעל פאר א קרן קימת צו העלפען די, וואס וועלען עמיג־רירען אין דער פרעמד אריין! קיין אפריקא, קיין אמעריקא, בכלל „אויף יענער זייט ים“ (אצעאן).

אויב די חובבי ציון וועלען זיך וועלען באנוצען מיט דער צואה, וועלען זיי מוזען אויסגראבען א ים (אצעאן) צווישען ווארשע און ארץ ישראל, אדער פיהרען די עמיגראנטען, ווי מען האט אמאל גערעכענט, איבער ארגענטינא, אבי איבער א ים... דאס אלץ קען געשעהען שוין אין צוואנציגסטען יאהרהונדערט...

מיט שרעק לויפט אין צוואנציגסטען יאהרהונדערט אריין דער נע־ונד׳ניק, דער „וויעטשני זשיד“ אויף הירשענבערג׳ס בילד, וואס איז אויסגעשטעלט איצט אין ווארשע... א וואלד מיט צלבים, מיט

גרויסע הילצערנע צלבים... אויף דער ערד פיעל געהרג'טע, אומגע־קומענע אידען. דאס פרישע בלוט איז נאך נישט איינגעזאפט אין דער ערד, און אַז אַלטער שרעקליך דערשראקענער איד לויפט! ער לויפט — מיט איין האנט פארשטעלט ער זיך די זון פאר די אויגען, ער וויל זעהען ווייט, ווייט, צי ענדיגט זיך אַמאָל דער וואלד מיט די הרוגים, מיט'ן זידענדיגען בלוט, די צווייטע הויפט ער ווי צום הימעל מיט א געבעט, און די אויגען זענען ווייס פאר שרעק, פאר יאוש, כאטש עס דאכט זיך אונז, ער לויפט אין צוואנ־ציגסטען יאהרהונדערט אריין.

## ב.

נישט איינער פון די לעזער מיינט, אז אויסטראכטען ווילדע מעשיות קען נאר שמ'ר און די אלע, וואס שרייבען „אזוי ווי שמ'ר", „בעסער ווי שמ'ר" וכדומה. עס איז אבער פאלש. דער בעסטער אויסטראכטער איז דאס לעבען אליין, בפרט דאס לעבען אין די גרויסע שטעדט... אין די גרויסע שטעדט דרעהען זיך ארום גרויסע שרייבער און זוכען מעשיות — טעמאטען צום שרייבען, און אויף יעדען שריט און טריט וואלגערען זיך ארום מעשיות, וואס בעטען זיך א שרייבער, נאר די שרייבער מיט די מעשיות טרעפען זיך זעלטען... דעריבער ווייסט דער גרויסער עולם זעלטען פון די שרייבער וואס מליצען איהם איבער דאס אלטע שטרוי, און נאך זעלטענער פון די אמת'ע פאקטען, פון די אמת'ע טעמאטען, וואס דאס לעבען גיט און איבער וועלכע א מענש דארף זיך אפשטעלען און איבערקלערען: און טאמער דארף טאקע זיין אנדערש?

צו ר' „זיינוועלען", דעם עלטסטען פון די ווארשעווער רבנים, איז אין לעצטען פורים אריינגעקומען א משולח און געבראכט איהם שלח־מנות, א בעל־הבית האט עס געזאלט שיקען. ר' זיינוועלע מאכט א צופרידען פנים, די רביצען נעמט איבער א געגוג גרוים, פיין־געפלאכטען קיישעל, מיט א פיין געשניצט שטאלערן שליסע־לע... דער רב מיט דער רבי'צין נעמען זיך צו עפענען דאס קוי־שעל, דער משולח וואס ווארט אויף טרונק־געלט, העלפט מיט.

דאס קיישעל ווערט געעפענט באהיטזאם: אפשר פיין גלאז,

אפשר געבעק; זי שטעלט עס אויפ'ן טיש — פון אויבען באווייזט זיך א שורה וואטע, ווייסע, פיינע וואטע און אונטער איהר — א פיער־וואכענדיג קינד;

אויפ'ן העלזעל הענגט א בריעף פון דער מוטער:

— זי מוז אוועק קיין אמעריקא, שרייבט זי, זי האט איז ווארשוי, וואו זי איז פרעמד געווען, שלעכטע געשעפטען געמאכט און מוז אוועק, מיטנעמען דאס קינד אויף אזא ווייטע רייזע קען זי נישט, אין פינדעל־הויז געבען, וויל זי נישט... זי וויל דאס קינד זאל בלייבען א איד...

— זי האפט צו גאט, אז „משנה מקום משנה מזל“ — אז אין אמעריקא וועט זי בעסער מאכען; אז פון דארט וועט זי געלט שיקען און מיט דער צייט א שיפסקארטע פאר'ן קינד, עס זאל צו א י ה ר קומען — — —

מען האט געמאכט א פראטאקאל אין קהל־שטוב (אזוי רופט מען אין שטאדט דאס געמיינדע־הויז, דעם „זארזשאנד“) און די גע־מיינדע האט איבערגעגעבען דאס פארלאזטע קינד צום ערציהען...

זאגט אליין, — א שלעכטע התחלה פאר א ראמאן אלא שמ'ר?

נאט אייך נאך איינע:

צו אן ארעמען שוסטער קומט אריין א פאר־פאלק; זי האלט א זויגענדיג קינד ביי דער ברוסט, און איז נאך בלאס, ווי א פרישע געווינעריז... א שטיל קינד, עס זויגט און שמייכעלט אין שלאף... עס איז אביסעל גרינלעך. נאר דעם שוסטערס א כ ט קינדער זעהען אויך נישט בעסער אויס... דאס פאר פאלק איז געקומען דינגען זיך א ווינקעל, וואס דער שוסטער האט אפצוגעבען... מען דינגט זיך און מען דינגט, ביז עס איז געבליבען צוויי רובל א חודש. דאס פאר פאלק לאזט איבער א רובל האנט־געלט מיט'ן שלאפענדיגען קינד, געהט נאך די זאכען און — קומט שוין מעהר נישט צוריק... דעם שוסטערס ווייב האט באקומען דאס נייאנטע קינד, נאר שוין אהן וועהען...

ווארשעווער קהל האט איבערגענומען נאך א קינד, שוין א מיידעל.

א מענש, וואס באשעפטיגט זיך מיט קהל־זאכען, אן אמת'ער מתעסק בצרכי הצבור, קען זיך ביי די פאקטען אפשטעלען; קלע־רען, אז ביי אונז האט געמוזט עפעס אנדערש ווערען; ערגער

ווערען ווי אמאָל ; אז דער בלאנקעדיגער שפּיגעל פון אונזער פאַ־מיליען־לעבען האט עפּעס פלעקען, אויב נישט שאַרפע ריצען און שפּאַלטען, באקומען. נאָר אַז עכטער ראָמאַנען־שרייבער אַלא שמ׳ר, אדער בעסער ווי שמ׳ר, וועט געוויס בעסער באנוצען דאָס מאטע־ריאל... איין קינד וועט ער לאָזען ביים שוסטער, דאָס צווייטע וועט ער איבערגעבען א שניידער ; דערנאָך וועט ער אָפּווארטען אכצעהן יאהר, און וועט זיי ביידע, דאָס איינגעל מיט׳ן מיידעל, צוזאמענ־פיהרען אין א זומער־אָוועגט אין זאקסישען גאָרטען, וואו די לופט איז פול מיט יצר־הרע אָטעם, די בוימער זענען „מאפיל בטליתם" און וועט זיי הייסען דעקלאָמירען... ו ו ע נ י ג ס ט ע נ ס דעק־לאָמירען !

האט איהר א פּראָלאָג (התחלה) און אַן עפּילאָג (סוף) צו אַ הָעכסט אינטערעסאַנטען ראָמאַן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ליידער, נישט נאָר אונזערע שרייבער שטעהען ווייט פון לע־בען. נאָר אפילו אונזערע סוחרים ; די וועלט־מענשען ! זיי האבען אויך מיט׳ן לעבען וועניג וואָס צו טון...

אלץ געהט צו ווי אין א סטאַדע, אלץ זעהט אויס ווי א מגפה... האט איינער פאַרדינט פון צוקער, שפּעקולירט די גאַנצע אידישע וועלט מיט צוקער, קויפען דיינים, מלמדים און בעלפער קוויטאַנ־ציעס אויף צוקער... פּלוצים ווערט א געשליפּעריי אויף דער „און־טער־בערזע" מיט אקציעס, דערנאָך נעהען הייזער, פלעצער באהן־רעקלאַמאַציעס !... אלע פאַרדינען, דערנאָך קראַך ! באַנקראָטירען אלע... דאָס רעדעל דרעהט זיך, היינט א גביר, מאָרגען קצבה־מאַן... היינט פאַהרט מען אויף גומי־רעדער, מאָרגען פּלטה, באהאל־טען צווישען זעק אין א אידישער בויד ! אבי געלעבט, דאָס הייסט אבי געלעבט מיט פארמאַכטע אויגען...

אין קורצען וועט זיין אין וואַרשע א מלחמה, בעסער געזאָגט א דועל, צווישען גאַז און עלעקטריציטעט ! די רעגירונג האט בא־שטעטיגט עלעקטרישע באלייכטונג, און די נייע געזעלשאַפט, וואָס נעמט איבער די עלעקטרישע באלייכטונג, וועט קאָנקורירען מיט דער אַלטער געזעלשאַפט, וואָס באלייכט ביז אַהער מיט גאַז. אַ מלחמה וועט זיין א שווערע, א שטאַרקע ! דער גאַז האט זיינע

פעהלער. ער לייכט נישט אזוי העל ווי עלעקטריציטעט, און, אנ־געטאן אין „אויערם העמדלעך“, גיט ער ווייס, בלאנק ווייס ליכט, נאר ער שאדט צו די אויגען! עלעקטריש ליכט האט דא־געגען צוויי מעלות, עס שאדט נישט פאר די אויגען און גיט א העל, אנגענעם ליכט. נאר די גאז־געזעלשאפט, וואס האט שוין פון לאנג איהרע אנשטאלטען, איהרע רעהרען, איהרע לאמפען, וועט קאנען אפלאזען פון פרייז, ביליג מאכען די באלייכטונג פון גאז, און אויב די קאנקורענץ וועט עס פארלאנגען, וועט זי דאס נוצגעלט פון איהרע איינריכטונגען ג א ר נ י ש ט רעכענען, ווארים זי האט שוין געגוג פון זיי געלט ארויסגעצויגען.

דאגעגען די נייע עלעקטריציטעט־געזעלשאפט, וואס מוז ערשט אריינשטעקען פרישע סומען אין איינריכטונגען און אנשטאלטען, וועט נישט קענען געבען איהר באלייכטונג אזוי ביליג, און וועט זיך מוזען אין אנהויב ווענינסטענס באגניגען מיט רייכע לייט, ביי וועלכע דער אונטערשיד פון פרייז וועט קיין גרויסע ראלע נישט שפילען...

מיט דער צייט, איז צו רעכנען, וועט די עלעקטריציטעט גובר זיין, נאר די מלחמה וועט זיין אויף א לאנגע צייט; און פאלען אין דער מלחמה זאל פריהער נאך דער נאפט! ווארים ביים ביליגען פרייז פון גאז־באלייכטונג וועט קיינער נישט ברויכען זיך צו בא־גנוגענען מיט׳ן אומריינעם קאפטשענדיגען נאפט...

אזוי זאגט דער עולם... טייל אבער דריקען די אקסעל און גלויבען אין דער מלחמה נישט! פארקערט, זאגען זיי,ביידע געזעל־שאפטען וועלען זיך בלייבען גוטע פריינד! זיי וועלען שותפות מאכען אויף דער פרעמדער קעשענע, ביידע וועלען האלטען דעם פרייז. עלעקטריציטעט וועט זיין פאר גאר רייכע, גאז פאר גע־וועהנליך רייכע און נאפט וועט בלייבען נאפט פאר אזעלכע, וואס קאנען זיך נישט ערלויבען אויף א בעסערע באלייכטונג.

דערפון רעדען אונזערע סוחרים גלייך מיט אלע, גלייך מיט אלע וועלט־מענשען; זיי רעדען, ווי פון א פרעמדער זאך, פון א פרעמדען עסק, וואס קאן זיי ווייניג וואס אינטערעסירען! די געזעל־שאפטען פון גאז און עלעקטריציטעט זענען צו גרויסע העכער, אונ־זערם א קליין סוחר׳ל זאל קאנען איינפאלען, ארויסצוכאפן ביי זיי א ביסען פון מויל!... און דאך...

און דאָך איז שוין אין אויסלאנד באַקאַנט א נייע ערפינדונג, צו באַנוצען אויערס העמדלעך צו דער נעוועהנליכער נאַפּט־באַלייכטונג; די ניי־ערפונדענע לאָמפּ איז כמעט אזוי איינפאַך און כמעט נישט טייערער, ווי די געוועהנליכע נאַפּט־לאָמפּ. וואָס מיר נוצען ביז היינט און דאָס ליכט זאָל זיין אזוי העל און אנגענעם!

צי וועט איינפאַלען אונזערס א סוחר צו באַמיהען זיך צו באַקומען פון ערפינדער א פאַרטרעטונג אויף וואַרשוי?

נאָך וואָס? ווי געהט מען עס ארוים פון דער סטאַדע? און די סטאַדע הויבט אָן צו ס פּ ע ק ו ל י ר ע ן איבער טאָרף! איבער טאָרף, וואָס וועט אמאָל זיין! איבער קוויטאַנציעס פון טאָרף לעתיד לבא!

---

דער וואַרשעווער געגעראַל־גובערנאַטאָר האָט ארויסגעגעבען א וויכטיגען באַפעהל, מען זאָל צוריק איינפיהרען ראַט־מענער אין אין די פּוילישע מאַגיסטראַטען. על פּי דין דאַרף יעדער מאַגיסטראַט האָבען, צום בירגערמייסטער צו הילף, אויסגעקליבענע ראַטמענער די פּוילישע מאַגיסטראַטען. על פּי דין דאַרף יעדער מאַגיסטראַט נוהג איז מען זיך אין אונזערע מאַגיסטראַטען, אויב א ראַטמאַן שטאַרבט אדער זאָגט זיך אָפּ, קיין נייעם נ י ש ט אויסצוקלייבען! אין מאַנכע שטעדט האָט מען שוין גאָר אין די ראַטמענער פאַרגעסען, און דער בירגערמייסטער (אין גרעסערע שטעדט: דער פּרעזידענט) פיהרט אליין דאָס רעדעל און באַגעהט זיך אָהן די עצות פון די בעלי־בתים.

דער נייער באַפעל פון געגעראַל־גובערנאַטאָר איז מבטל דעם שלעכטען מנהג, און הייסט אויספיהרען דעם ריכטיגען דין.

די רעכט פון די ראַטמענער זענען נישט קיין קליינע:

פון די ראַטמענער מיט׳ן בירגערמייסטער צוזאַמען באַשטעהט דער שטאָדט־ראַט און דער האָט צו פאַרזאָרגען: די בעלבת׳ישקייט פון שטאָדט, צו מאַכען און פאַרצושטעלען דער רעגירונג צום באַשטעטיגען דעם שטאָדטישען בודזשעט (דעם חשבון פון הוצאה והכנסה). צום שטאָדט־ראַט געהערט די אויסערליכע איינריכטונג פון שטאָדט (ברוקירען און ריינקייט פון די גאַסען, דאָס אויסזעהן פון הייזער, איינריכטען שפּאַציר־פּלעצער, סקווע־

רען וכו׳), אכט געבען אויף די שטאדטישע אנשטאלטען (אינסטי־
טוציעס: — שפיטעלער, בעדער וכדומה), ווי אויך צו ענטפערען
אויף די פראגען, מיט וועלכע די רעגירונג ווענדט זיך צום מאגיסט־
ראט. אויסער דעם, געהערט צום שטאדט־ראט צו באשטעטיגען,
ווי אזוי דאס שטאדטישע אייגענטום זאל ווערען באנוצט, אכט
צו געבען, דער שטאדטישער בודזשעט זאל ווערען ריכטיג אויסגע־
פיהרט... אויך צוטיילט ער די אפצאהלונגען צווישען די איינוואוי־
נער, קוקט דורך אלע חשבונות וכו׳ און ענדליך, ענדע יעדעס יאהר,
האט דער שטאדט־ראט דאס רעכט פארצושטעלען דעם גובער־
נאטאר באמערקונגען וועגען דער פיהרונג פון שטארט ביז אהער
און פלענער אויף שפעטער.

איהר זעהט, אז דער שטאדט־ראט האט א גרויסע דעה און
אסך צו טון; אז א ראטמאן איז א וויכטיגע פערזאן, וואס קאן
ארבייטען לטובת הכלל און — מיר בלייבט נאר צו צוגעבען, אז
אויסגעקליבען ווערען אלס ראטמענער קאנען א ל ע אחן אונ־
טערשיד פון גלויבען...

אידישע בעלי־בתים, דאס לעבען געהט אייך אקעגען, צי וועט
איהר עס אויך אויסמיידען, ווי אונזערע שרייבער און סוחרים?

---

דער „קוריער ווארשאווסקי“ האט באמערקט, אז דעם באל
מאכט א מאסע בלוט!

דער „קוריער ווארשאווסקי“ האט באמערקט, אז דאס באל
האבען זיי געמאכט, ד י אידישע שרייבער, וואס ארבייטען אין
אידישע (העברעאיש־זשארגאנישע) בלעטער, מען זאל חלילה נישט
מיינען, אז א ליטעראט, כאטש א איד, וואס שרייבט פויליש, האט
געטאנצט אויפ׳ן באל, חס ושלום!

אנדערע, מיט דער „ראלא“ אין דער שפיץ, האבען געקריצט
מיט די ציין און געשפריצט מיט שוים: ווי הייסט? צי איז פאר־
ראן א אידישע ליטעראטור? אידען און שרייבער, אידען און
קונסט? אפילו דער ליבעראלער „פשעגלאנד טיגאדניאווי“ האט
אביסעל אונטערגעמורמעלט... אידישע מאסקאראדע. הייסט עס!

א י י ן פוילישע צייטונג האט פון א י ד י ש ע ן פורים־

באַל נישט דערמאָנט, זי האָט פון איהם גאָרנישט געוואוסט, דאָס איז דער וואַרשעווער „א י ז ר א ע ל י ט“!

ג.

פון אלע זייטען קומען שלעכטע בשורות.

אין פעלד איז נישט געראָטען, עס וועט העכסטענס זיין ברויט קוים צו דער זאַט; אין פאַבריקען און אין לאַגער ליגען סחורות ווי שטיינער, ווי אידישע השכלה־ספרים... און אויף דער בערזע ליגט א גוסס — דער קרעדיט; ער עקט, ער ווערט בר־מנן...

מיט איין וואָרט: חשך אין אלע ווינקעלעך... און, ווערט אמאָל ליכטיג, פלוצים ליכטיג — ברענט א הויז, א קוים צוגע־פיהרטס צום דאַך; פלאַמט אויף א פאַבריק, פלאַקערט א לאַגער פון סחורות...

עס וואָלט נאָך ליכטיגער געוועזען... שבת צו נאַכטס ביי דער הבדלה, ביי „בורא מאורי האש“, רינט אַזש וואַסער פון מויל; די פאַזשאַרנאַ קאָמאַנדאַ שטעהט אבער אין וועג, דער פּראָקוראָר; מען לאָזט נישט לעבען...

אויב א נישט באַהאַרצטער סוחר זיפצט, טראַכט ער אודאי: רבונו של עולם, וואו נעמט מען א דירה לעבען א באַלדיגען נשרף; אין זיין זכות וואָלט איך אויך אפשר אויסגעלייזט געוואָרען...

---

העל אויפגעפלאַמט האָבען אויך עטליכע פויליש־אַריסטאָקראַ־טישע הערצער... און דוקא נישט צו מיוחס'דיגע רייט־און־שפּאַן־פערד, צו פאַרשידענע האַזאַרדען, לאַטעריע־צעטעל אָדער באַלעט־און טינגעל־טאַנגעל דאַמען, נאָר — צו מצוות און מעשים טובים.

נעמליך עס גרינדעט זיך א חברה גבורים, וואָס וועלען זיך אונטערגאַרטלען די לענדען און אַרויסגעהן מלחמה האַלטען מיט'ן יצר־הרע, וואָס מאַכט א חורבה אין וואַרשעווער יונג־וואָרג.

די שטאָדט ווערט גרעסער פון טאָג צו טאָג און — די צאָהל פון אָרעמע, פאַרלאָזטע מיידלעך וואַקסט פון שעה צו שעה! מייד־

לער פאריתומ׳טע, מיידלעך פארוואגעלטע, וואס זוכען ארבייט; נעהטארינס, וואס געהען לעדיג אדער פארדינען „וואסער אויף קאַשע“; באנעס אהן שטעלען, דיענסט־מיידלעך אהן ערטער און בכלל מיידלעך, וואס זענען גלייך מיט אלע גבירישע און בעלי־בתישע קינדער פון פלייש און בלוט, און האבען דאך קיין האפנונג נישט געפיהרט צו ווערען בכבוד און מיט פרייד אונטער דער חופה...

אויף די אלע לאקערט דער יצר־הרע אין אלע ווינקעלעך, אין גאס, אין הויז, אויף די טרעפ, אויף שפאציר־גענג, פון אונטער אלע ביימער אין גארטען... און דער האנדעל מיט לעבעדיגען פלייש, וואס פארזארגט היימישע, אמעריקאנישע און אזיאטישע קאנסומענטען מיט פרישער סחורה, וואקסט אויך, ווי אויף הייוועו...

די נייע חברה וויל זיך באמיהען צו פארשאפען פאר די ארעמע קרבנות ארבייט צום פארדינען א כשר׳ן גראשען; נאר אזוי ווי ארבייט פארשאפען איז נישט לייכט, און ווערט נאך שלעכט באַצאהלט; אזוי ווי די פארשאפענע ארבייט פארגרעסערט די צאהל פון די ארבייט־העגט און ווארפט דעם פרייז פון דער ארבייט צו־זאמען מיט דער מאראליטעט פון דעם ארבייטער־קלאס, — על כן וועט זיין דער עיקר כלי־זין געגען דעם יצר הרע: מגידות! א ווארעםווארט מוסר, וואס זאל זיך גיסען אין הארץ אריין; גע־טרייע פרומע ווערטער, וואס זאלען זיך אריינגנב׳ענען צו דער נשמה — — — —

און אויסער דעם: כשר׳ע און עהרליכע פארוויילונגען; טיי וועט מען טרינקען לייכטען, אהן ראם; עסען וועט מען ביסקוויטס, אפשר גאר ברויט מיט פוטער, טאנצען וועט מען אונטער דער השגחה פון אלטע, גרייז־גרויע משגיחים...

ביליג און פרום...

די הכנסה וועט זיין, ווי געוועהנליך, פון נדבות, בעלער, אלער־ליי פארוויילונגען... נאך א בראקען געווארפען פון דער הויך.

איך וואלט פון נייעם, מאגערן, פון דער זאטער הויך אראפּ־געווארפענעם בראקען ניט גערעדט, ווען די חברה זאל נישט ארויס־טרעטען אויפ׳ן אנטיסעמיטישען אופן; זי, די צדקה־חברה, די גבאי׳טע, די צנועה, וויל אויך זיין „אידען־ריין...“

הייסען וועט די חברה: „א ו נ ט ע ר ׳ ן ג ר י נ ע ם

ק ר י י ז", און אין איינעם פון איהרע ערשטע תקנות שטעהט בפירוש: אז אַנגענומען קאָנען ווערען נאָר קריסטען...

דער פוילישער שוסטער זאָגט, אז דעם איד קען מען נישט נעמען אין צעך אריין, ווייל ער פארפושט די מלאכה; ער ארבייט אהן ליעבשאַפט. און דעריבער פעלשט ער און גיט פאַפּיר אויפ'ן ארט פון לעדער, כמעט שטרוי אנשטאט שטיפטען; דער פוילישער סוחר שרייט, אז מען דאַרף אויסרייסען דעם האנדעל פון אידישע הענט, ווייל זיי וואַרפען דעם פרייז און פארקויפען, צוליב דעם, שלעכטע, פארפושטע סחורה, און דער גראַף פרזשעזדזיעצקי, איינער פון די ערשטע גרינדער פון דער חברה, שרייבט אין אַן אָפענעם בריף אין „קוריער ווארשאַווסקי", אַז מען האָט געמוזט פארמאַכען די טיר פאַר נישט־קריסטען, ווייל זיי פושערן אין דער מאָראַליטעט.

—נישט־קריסטען, — שרייבט דער גראַף — קענען זיין עהרליך און מענשליך, אפילו בעלי־צדקה, נאָר דאָס איז וועניג! צו דער הייליגער זאַך, וואָס מיר נעמען זיך פאַר, מוז מען צוגעהן מיט'ן גאַנצען הארץ, מיט דער גאַנצער נשמה; ווער עס וויל מלחמה האַלטען מיט'ן יצר־הרע, מוז זיך קענען מוסר־נפש זיין, מוז ארבייטען ל ט ו ב ת ה כ ל ל א י ן ג אָ ט ס נ אָ מ ע ן. דאַמאָלט ערשט וועט ער ארבייטען בשלמות, וועט ער האָבען התלהבות און דבקות...

איהר באַמערקט אפשר, אז די ווערטער קלינגען גאַנץ אידיש, דערמאַנען אין אונזערע מוסר־ספרים?...

דאָס איינענע באמערקט אויך דער ווארשעווער „איזראַעליט", וואָס וויל נישט איינזעהן, אָדער, וואָס מאַכט זיך נישט ווויסענדיג, אַז דער שוסטער מיט'ן סוחר, מיט'ן גראַף זאָגען דאָסזעלבע, נאָר יעדער אין זיין ענין מיט זיינע ווערטער, אז די גאַנצע געזעלשאַפט איז פון אונטען ביז ארויף ריין אַנטיסעמיטיש, און מאַכט זיך תמ'עוואַטע און דרוקט א לייט־ארטיקעל, א דרשה, מיט וועלכער ער וויל באווייזען, אז דער גראַף פרזשעזדזיעצקי האָט, לא עליכם, א טעות; אז מוסר, התלהבות און דבקות זענען עכט אידישע סחורות, א ריינער סיני־עקספּאָרט...

אויך א סיסטעם...

די פראגע איז נאר, — וואס וועט זיין, אז די נייע חברה וועט באשטעטיגט ווערען און וועט אנהויבען מאכען בעלער?

צי וועט מען שיקען בילעטען אין רייכע אידישע הייזער?

צי וועלען אונזערע אריסטאקראטיש־אידישע הייזער נאר אפ־שיקען געלט פאר בילעטען, אדער נאך געהן און אויסבעטלען א טענצעל מיט'ן גראף פרזשעוזדזיעצקי און זיין גלייכען פאר א שעהן־חנ'ודיג אידיש כלה־מיידעל?

ווער ווייסט?!

---

נאך א פראגע: צי איז נישט א יושר נאכצומאכען? אויך גרינדען א חברה מיט בילינגען טיי און נאך ביליגערען מוסר?

דערמיט זאלען זיך באשעפטיגען די אלע, וואס האבען נאך נישט פארלארען דעם צוטרוי צו דער אלטער מעדיצין מיט אפ־שפרעכען. מיר קענען נאר באמערקען, אז אזא מיטעל (ארבייט צו פארשאפען נאר אהן מגידות), אזא כלי־זיין מלחמה צו האל־טען מיט'ן יצר הרע, האט אויך דער װארשעווער „דאזאר“ אין דער האנט.

אויך א „בראקען פון דער זאטער הויך געווארפען...“

איך מיין די ווארשטאטען פאר ארעמע איינגלעך און מיידלעך, וואס דער דאזאר האט אויף דער שליסקא־גאס נומער 28.

לויט דעם אויספיהרליכען באריכט, וואס דער דאזאר האט איצט ארויסגעגעבען פאר'ן יאהר 1899, מיט ציפער און חשבונות פאר דער צייט1892—1899, איז דער צוועק פון די ווארשטאטען אויסצולערנען ארעמע קינדער א מלאכה, זיי זאלען זיך שפעטער, אז זיי וועלען עלטער ווערען, קענען פארדינען זייער ברויט מיט עהרליכער נוצליכער ארבייט.

די ווארשטאטען זענען פאר אינגלעך און מיידלעך, נאר גע־לערענט ווערען זיי נישט דיזעלבע מלאכות. אינגלעך לערענט מען: טישלעריי, דרעקסלעריי, שלעסעריי, גיסעריי, בלעכעריי, בערשטען מאכען, רימען האנטווערק, שניידעריי און שוסטעריי; מיידלעך לערנט מען דערוויייל נאר קערב פלעכטען און איינבינדעריי.

ערשט אצינד נעמט מען זיך איינצוריכטען פאר מיידלעך נאך א מלאכה — בלומענמאכעריי.

די ווארשטאַטען פאר מיידלעך עקזעסטירען אינגאנצען זעקס יאָהר און זענען נאָך דעריבער ווייניג אנטוויקעלט.

לויט באריכט האָט מען אין די ווארשטאַטען אין יאָהר 1899 אינגאַנצען 187 ארבייט־טעג, ווייל אויסער שבתים און ימים טובים, האָט מען נישט געארבייט אויך די זונטאגס, געווים ווייל די לעה־רער זענען קריסטען.

אין די 187 טעג האָבען געארבייט טעגליך אמווענינגסטענס 2, אממעהרסט 13 שילערינען. געענדיגט די מלאכה האָבען אין יאָהר 1899 אינגאַנצען צוויי מיידלעך.

לויט באריכט זאָל די ארבייט זיין געשמאַקפאָל און פיין, און ווערט פארקויפט אין גאַנץ רוסלאַנד.

דער חשבון פון הוצאה והכנסה שטעלט זיך פאַר גאַנץ אָרעם. דער אינווענטאר (כלים, מאשינען) האָט אין יאָהר 1899 באטראָפען 312 רובל; מיט 49 רובל מעהר ווי אין 1898.

געקאָסט האָט דאָס לערנען:

| | | | |
|---|---|---|---|
| געהאַלט פאר לעהרער — — — — | 932 | רובל | (סאַפּעקען |
| וואַרפען מיר אַוועק) די וואוינונג — | 200 | " | |
| באדינונג, באלייכטונג, פארהייצונג — | 140 | " | |
| געקויפט מאַטעריאַל צו דער ארבייט — | 1132 | " | |

צוזאַמען : 2404 רובל

הכנסה איז געוועזען :

| | | | |
|---|---|---|---|
| פון פארקויפטער גאַלאַנטעריע — — | 517 | רובל | |
| פון פארקויפטע קערב — — — — | 292 | " | |
| פון פארקויפטע מאַטעריאַל (?) — | 133 | " | צוזאַמען 942 רובל |

עס וואָלט געפעהלט — — — — — — — — — — 1462 רובל

נאָר דעם אונטערשייד, מיט א רעשט פון 218 רובל האָבען געדעקט די נדבות, איינמאַליגע — 220 רובל, אַפּגעזאָגט אין א ירושה 1450 רובל.

פיעל בעסער שטעלען זיך פאַר די ווארשטאַטען פון אינגלעך, וואָס עקזעסטירען שוין פון 1879, און ווירקען אין אָרדנונג פון 1892, מיר שטויסען זיך עס דערפון, וואָס אין באריכט געפינען זיך גענויע חשבונות נאָר פון 1892טען יאָהר אָן.

ווי געזאָגט, אין די וואַרשטאַטען ווערט געלערנט אומזיסט; אינגלעך באַקומען נאָך עסען און קליידען, ווי ווייט עס גענוגען די נדבות.

די מאַטעריעלע זייט פון די וואַרשטאַטען אַנטוויקעלט זיך גאַנץ פּאַמעלעך:

| אין יאָהר | האָט דאָס פאַר־מעגען פון די וואַרשטאַטען בע־טראָפען (רובל) | דער אינווענטאַר | געלייזט האָט מען פאַר אויס־געאַרבייטעטע סחורה |
|---|---|---|---|
| 1892 | 6677 | 5451 | 760 |
| 1893 | 6825 | 5777 | 1873 |
| 1894 | 7734 | 9193 | 2348 |
| 1895 | 8823 | 6628 | 2096 |
| 1896 | 8882 | 6749 | 2973 |
| 1897 | 9395 | 6632 | 3245 |
| 1898 | 10177 | 6799 | 5802 |
| 1899 | 10161 | 7480 | 6101 |

דערביי מוזען מיר באַמערקען, אז די אָרעמקייט און דאָס פּוילע וואַקסען פון די צאַהלען שטאַמט דערפון, וואָס מיט די וואַרשטאַ־טען אינטערעסירען זיך נאָר די געבילדעטערע קלאַסען, בעת די פרו־מע וואַרשעווער בעלי־בתים זענען יוצא מיט חדרים צו פאַרזאָרגען די נשמה און גיבען אויף די וואַרשטאַטען כמעט קיין גראָשען.

נאָר נישט בעסער שטעלט זיך פאַר די טאַבעלע פון לעהר־לינגע:

| אין יאָהר | האָבען זיך פאַרשריבען | זיך געלערנט האָבען | דורכשניטליך געענדיגט האָבען |
|---|---|---|---|
| 1892 | 431 | 150 | 6 |
| 1893 | 375 | 167 | 5 |
| 1894 | 236 | 141 | 7 |
| 1895 | 367 | 148 | 7 |
| 1896 | 251 | 133 | 6 |
| 1897 | 219 | 140 | 4 |
| 1898 | 181 | 133 | 11 |
| 1899 | 168 | 116 | 4 |

מיר זעהען, אז פון יאָהר צו יאָהר פאַלט, מיט איינינע אויס־נאַמען:

1) די צאָהל פון די, וואָס פארשרייבען זיך (אויסער 1895).

2) די צאָהל פון די, וואָס לערנען זיך, און —

אז די צאָהל פון די, וואָס ענדיגען די וואָרשטאַטען האַלט זיך (אויסער 1898) צווישען 4 און 7!

אז דורכשניטליך ענדיגען 6½ אויף 141 שילער, וואָס האָבען געאַרבייט און 278½ — פארשריבענע...

דאַכט זיך וועניג?

די סבות, וואָס לאָזען די וואָרשטאַטען זיך נישט שטאַרקער אנטוויקלען, זענען, ווי מען קען זיך משער זיין, פארשיידענע.

1) אסך קינדער קענען נישט באַזוכען, בפרט ווינטער, די וואָרשטאַטען, ווייל זיי האָבען נישט אין וואָס צו קומען און זיצען נאַקעט און באָרוועס אין דער היים. ריכטיג באַמערקט דעריבער דער קאָמיטעט, אז ווען די נדבות זאָלען גענוגען, מען זאָל שפּייזען און קליידען אלע שילער, וואָלטען די וואָרשטאַטען בעסער געשטאַנען. נאָר ריכטיג איז עס נאָר אזוי ווייט, אז ביי פריי האַלטען אלע קינדער מיט עסען און קליידונג וואָלטען זיך מעהר קינדער פארשריבען, עס וואָלטען דורכשניטליך אויך מעהר קינדער געאַרבייט, בפרט ווינטער־צייט, ווען די הילף איז נויטיגער, נאָר מען מוז מודה זיין, אז דער פּראָצענט פון די, וואָס ענדיגען די לעהרע, געגען דער צאָהל פון פארשריבענע, וואָלט וואַרשיינליך נאָך מעהר געפאַלען, ווייל —

2) די צווייטע סבה שטעקט זיכערליך דערינען, וואָס דאָס רוב עלטערען שיקען נישט די קינדער אויסצולערנען א מלאכה; זיי ווילען זיי בעסער האַלטען אין א חדר אָדער שיקען אין א לערנ־שולע, נאָר זיי ווילען איבערקומען די שווערע ווינטער־צייט אָדער אזוי א שלעכטען חדש, ווען די קינדער ליידען הונגער און נויט... אויך —

3) האָט די אָרעמקייט נישט קיין צייט צו וואַרטען עטליכע יאָהר זיך אויסצולערנען א מלאכה... קוים קען דאָס קינד, וואָס עס איז אַרבייטען, צוהעלפען, מוז עס שוין פאַרדינען און צושטייער געבען דער גאַנצער פאַמיליע. דיזעלבע סבה ווירקט נישט נאָר אין די וואָרשטאַטען, נאָר אויך ביי לעהראינגלער, וואָס אַרבייטען פּריוואַט ביי בעלי־מלאכות; זעלטען זיי זאָלען אויסהאַל־

טען די באשטימטע צייט; די נויט יאגט ארוים פארדינען די פאר גראשען נאך איידער מען האט זיך ריכטיג אויסגעלערנט די מלאכה.

4) ביי גרעסערע מיטלען, וואלטען די ווארשטאטען געקאנט זיין א ריכטיגע שולע, דאס הייסט: א חדר (פאר אידישע זאכען). א שולע (פאר אלגעמיינע) און א ווארשטאט (אויסצולערנען א מלאכה) צוזאמען. דאמאלט וואלטען די ווארשטאטען באקומען א דאפעלטען ווערט, זיי וואלטען געווען נישט נאר א צדקה זאך און נישט נאר פאר ווארשוי, נאר אן אלגעמיינע אידישע אינ־סטיטוציע, צו פארשפרייטען א ריכטיגע ערציהונג פאר בעלי־מלאכות; און דאס וואלט ווארשע, דער גרעסטער אידישער קהל אויף דער וועלט, געדארפט האבען. ליידער אבער איז דאס אוממעגליך 1) כל זמן עס אינטערעסירט זיך מיט די ווארשטא־טען נאר די געבילדעטע אידישע קלאסע, בשעת ווען די ארטאדאקסישע איז יוצא מיט פארזארגען די נשמות מיט חדרים און לאזען איבער די זארג פאר'ן גוף דער השגחה־פרטית... און 2) כל זמן די ווארשעווער קהלס־לייט וועלען זיך באנוגענען מיט וואלטעטיגקייטען און שרעקען זיך פאר פאלקס־ארבייט... און וועלען נישט זעהען ווייטער, ווי זייער, ווען אויך גענוג לאנגע, קהלש'ע נאז...

דאס פאלקס־געפיהל זאל זיין שטארקער, וואלטען די מניעות, וואס לאזען נישט פון די ווארשטאטען מאכען ריכטיגע שולען, אוועק־געפאלען און די נדבות וואלטען פיעל גרעסער און מעהרער געווען...



דערמאנענדיג דעם באריכט איבער די ווארשטאטען, ווינשט זיך דער העכסט־ליבעראלער „פשעגלאר טיגאדניאווע“, אז דער קא־מיטעט, וואס פיהרט די ווארשטאטען, זאל באשטעהן מעהר פון אזוינע לייט, וואס ווייסען און פיהלען דאס געברויך פון לאנד; ווען ווינשען זאל העלפען, וואלט איך צוגעגעבען; און דער עיקר פון זייער פאלק...

מיר דערמאָנען נאָך אַמאָל: וואַרשעווער קהל איז דער גרעס־טער אידישער קהל אויף דער גאַנצער וועלט, און — וואָס גרעסער מען איז, מעהר פליכטען האָט מען...

---

נ. ב. דאָס מיניסטעריום האָט ערלויבט דער וואַרשויער אי־דישער געמיינדע צו מאַכען אַן אַנלייהע אויף דריי הונדערט טוי־זענט רובעל אויף ענדיגען דאָס נייע שפּיטאָל.

ד.

איך האָב אייך שוין לאַנג גאַרנישט מודיע געווען פון וואַרשוי; איך האָב נישט געהאַט וואָס. זומער זענען געווען שטאַרקע היצען, נאָר זיי זענען געווען אין יעדען קרעה־ווינקעל — בכל תפוצות ישראל! די געשענקטע צייט, דאָס שעהנע וועטער סוכות און נאָך סוכות, האָבען אַלע געהאַט און אומעטום האָבען זיך די באָרוועסע תּלמוד־תּורה־קינדער דערקוויקט מיט דער וואַרעמער, טרוקענער ערד. דערנאָך אַז עס האָבען זיך געמאַכט פּלוצים קעלטען און רע־גען, האָבען זיי קיינעם נישט געפעהלט; נישט זיי, נישט די קינ־דער־קרענק — קאָקלוש, קרופּ, און שקאַרלאַטינע, מיט וועלכע די קראַנקע וועלט וויל זיך באַפרייען פון איבריגע מיילער...

האָב איך אויך געזאָלט מודיע זיין, אַז עטליכע יונגע לייט האָבען זיך לעבעדיגערהייט באַפרייט פון תרי״ג מצוות, אָדער, ווי אַנדערע זאָגען: פאַרטוישט דאָס רענדעל? דאָס זענען ביי אונז וואָכעדיגע זאַכען! אין מאַנכע קלאַסען האַלט מען עס פאַר אַ גוט געשעפט: פאַר דער בכורה האָט מען אַמאָל געגעבען אַביסעל ־רוי־טע לינזען און מען טרעט זי היינט אָפּ פאַר פּרנסה אויף אַ גאַנץ לעבען, דער כלל־ישראל מאַכט אָבער אויך נישט קיין שלעכט גע־שעפט דערביי — „קלענער דער עולם, שענער די חתונה", זאָגט דער עולם; איז נישט אַזוי ענג אין גימנאַזיום און אוניווערזיטעט...

אמת, עס האָט זיך אַ דינסט־מיידעל נאָך סוכות געהאַנגען; די בעל־הבית'טע האָט זי חושד געווען אין אַ גנבה, זי האָט זי גע־

שראַקען מיט פּאָליציי און קרימינאַל... נאָר פון דינסט־מיידלעך שרייבען האָט קיין שיעור נישט; אַ שטיק צוועלף ווערען יעהרליך געהרג'עט, אַראָפּפאַלענדיג פון דריטען און פערטען שטאָק, ביים וואַשען די פענסטער. — מאי כולי האי? דינסט־מיידלעך פעהלען נישט!

אויף דער ליסטע פון די, וואָס האָבען באַנוצט מעסער אין געשלעג און באַשטראָפט געוואָרען פון וואַרשעווער גענעראַל־גובער־נאַטאָר מיט אַרעסט ביז דריי מאָנאַט, שיינען עטליכע אידישע נע־מען; נאָר צוצופיהרען זיך דעריבער האָב איך דאָך נישט געקאָנט; דאָס זענען, חלילה, קיין בעלי־בתישע לייט; סאַמע המון עם, גראָבע יונגען, וויים איך!

איין פאַקט איז יאָ געווען אַ וואונדערליכער, דהיינו, אַ וויי־בעל, וואָס האָט געוואָלט פּטור ווערען פון מאַן און דער מאַן האָט איהר בשום אופן נישט געוואָלט געבען קיין גט, האָט אָפּגע־נאַרט דעם רב און גענומען אַ פאַלשען גט פון אַן אונטערגעשטעל־טען מאַן; נאָר דער פאַקט איז צו קאָמיש, ער זאָל פּאַסען פאַר מיין שווער געמיט; וואָס אַ נאַרישע אידענע קאָן!

האָב איך טאַקע געשוויגען, ביז איך האָב נישט באַקומען עט־ליכע ציפערען, איבער וועלכע עס לוינט צו שרייבען.

---

דער וואַרשעווער דאָזאָר (די הנהגה פון דער אידישער קהלה) האָט אַרויסגעגעבען (אין וואַרשעווער איזרעאַליט) זיין קאַסע־באַ־ריכט פון יאָהר 1899.

די הכנסות באַשטעהען:

1) פון עטאַט (די סומע, וואָס דער דאָזאָר צולעגט אויף די אידישע איינוואוינער פון 2 ביז 375 רובל), וואָס האָט אין 1899 איינגעבראַכט 126,696 רובל.

2) הכנסות פון פּראַגער שול און מקוה (צירקאַ פערטהאַלבען טויזענט רובל).

3) אָפּצאָהלונגען אויף מנינים (צו 5 און 10 רובל — 1290 רובל).

4) פראָצענט פון לעגאטען (קרן קימת'ן, א 13 טויזענט רובל).

5) נדבות (קנאַפע 45 טויזענט רובל).

6) פון צדקה פושקעס (א רובל טויזענט).

7) % פון זאַפּאַסנע קאַפּיטאל (דריטהאלב טויזענט רובל).

8) פון כתובות פארקויפען און נדבות פאר חופות געבען (קנאַפע טויזענט רובל) און —

9) פון שטראָפען, מיט וועלכע דאָס געריכט באַלעגט פאר נישט מאַכען מעטריקעס צו דער צייט (202 רובל).

די הוצאות זענען געווען.

א) אויסהאלטען דעם ראַבינאַט (געהאלט פאר דינים 9380 רובעל), דאָס ביורא אויף גרזשיבאַווסקא 26, געהאלט פאַר אַ אידי־שען געלעהרטען ביים וואַרשעווער גענעראל גובערנאַטאָר (900), אויפהאלטען די קהל'שע מקוה און שול אין פּראַגע א. ד. גלייכען— נישט פארגעזעהענע אויסגאַבען — — — — — — 27,785,42 רובל,

ב) אויף ערציהונג דהיינו: אַ תלמוד תורה (16,213.05), עלעמענטאַר־שולען (29,540), וואַר־שטאַטען (17,842,09), פּריאוטען (6147,30), שכר למוד פאַר אָרעמע קינדער אין פּריוואַט און רעגי־רונגס שולען (1,108,50), צוזאַמען — — — 70,850,94 רובל.

ג) שטיצע: דעם אידישען שפּיטאל אין וואַר־שע (18,000 רובל), דעם הויז פאַר אַלטע און יתומים (—מושב זקנים ויתומים — 6950), קוראַ־ציאָנס־קאָסטען פאַר וואַרשעווע'ר אָרעמע לייט אין פּראָווינץ, שטיצע פאַר שפּיטעלער אין פּראָווינץ (831,33) — — — — — — — — — — — — 27,781,33 רובל

ד) אויפהאלטען דאָס בית־עלמין — — — 19,883,21 "

ה) אויפהאלטען דעם לאָמבארד (כשר'ע הלואה) — — — — — — — — — — — — 1,529,56 "

ו) צדקה: מאַשינען און אינסטרומענטען פאַר אָרעמע בעלי־מלאכות (1067,74), נדבות אין באַר (14714,02), אויף פּסח־געלט און מצה־מעהל פאַר

ארעמע לייט און ארעסטירטע (7733,27). הייצען אויף ווינטער — (קוילען — 3592,34). קליידונג (הלבשת ערומים) פאר ארעמע לייט און תלמוד־תורה קינדער (4703,21). הילף פאר קראנקע (9282,97) א. ד. ג. — — — — — — — — 42,538,38 „

ז) „לקיים דברי המת" — אויסהאלטען ארע־מע קרובים, מאבען אזכרות נשמות לויט צוואות 8,222,67 „

ח) ניט שטענדיגע הוצאות: צוקויפען א פלאץ פאר'ן פראגער בית־עלמין, (22,750,74) % פון דער הלואה אויפ'ן נייעם אידישען שפיטאל (18,000) 40,750,74 „

---

בס"ה — 254,187,55 „

דער עודף פון דער הוצאה אויף דער הכנסה, (10,000) האט מען גענומען פון זאפאסנעם קאפיטאל. —

---

מיר זעהען גרויסע ציפערען, נאר א ר ע מ ע ציפערען לויט דער באפעלקערונג פון ווארשוי... א היבשער פראצענט געהט, ווי עס דארף צו זיין, אויף „למוד" און „חנוך", נאר, ווי עס איז באַ־קאנט, פארזארגט ווערען ווער ווייס אויב 40 פראצענט ארעמע קינ־דער; די צדקה ציפערען זענען נאך ארעמער...

אין ווארשע האבען מיר לערך 40 טויזענט אידישע פאמיליען. פון זיי לכל הפחות 15.000 פאמיליען אהן דער מעגליכקייט צו ערציהען קינדער און 10 טויזענט כמעט אהן ברויט...

אויסער דעם דאזאר זענען פאראנען פיעל צדקה חברות, וואס העלפען פריוואט. לויט דער מעגליכקייט פון קליינע, שטילע חברות, נאר דאס אליץ קלעקט זעהר ווייניג. איבערהויפט באמערקט זיך די ארעמקייט פון דער ווארשעווער געמיינדע שוין דערינען, אז די גע־מיינדע האט נאר איין שול אין פראגע, די קארשול אין ווארשוי איז א פריוואט־אייגענטום פון רייכע לייט, דער רעשט זענען מניינים, פון וועלכע מען צאהלט דעם דאזאר 5 צי 10 רובל א יאהר!

די גרעסטע אידישע געמיינדע אין אייראפא האט קיין איי־גענע שול!

פון דעם גאנצען רייכטום פון גרויסע ציפערען שיינט ארויס דאָס אידישע דלות!

---

די „געזעלשאפט נענען בעטלעריי“ האָט איינגעפיהרט אין ווארשע באָוועגליכע קיכען, וואָס פאָהרען ארום אין די גאַסען, שטעלען זיך אָפּ ביי פאבריקען, ווארשטאטען און דערגלייכען, און פארקויפען ביליג היים עסען... אין דער געזעלשאפט זענען אידען פאראַן, ר י י כ ע אידען צאָהלען — נאָר פון די באוועגליכע קיכען קענען ארעמע אידען נישט נוצען; די געזעלשאפט זאָגט: עסט! ארעמע אידען זאָגען: נישט כשר, מען טאָר נישט! שלינגען די סלינע און געהען פארביי...

און די ארעמע און רייכע לייט טרייסטען זיך.

— אז משיח וועט קומען, טרייסטען זיך ארעמע לייט, וועט אונזער רעליגיאָן זיין אפיציעל אין אונזער לאַנד, און אלע וועלען דאָרט מוזען עסען כשר אדער פארהונגערען, ווי מיר היינט...

רייכע זאָגען:

— גוט ווענינסטענס, וואָס מען לאָזט אונזער געלט אסימילירען.

נישט אלע דאָך זאָגען; מאַנכע טראָגען שוין אין דאָזאר אריין נדבות, מען זאָל איינריכטען א אידישע כשר'ע באוועגליכע קיך...

— פאַר וועמען? — פרעגען אנדערע — וואו האָט איהר אידישער ארבייטער אהן א היים?

נאָר די צדקה־געבער ווייסען, אז מאַסען אידישער טרעגער שטעהען א גאנצען טאָג אין גאַס און לעבען גאַנצע טעג אהן „א לעפעל וואַרעם וואסער“; אז מאַסען אידישע מיידלעך און אינגלעך ארבייטען פון זיבען, אַכט אין דער פריה ביז צעהן און עלף ביינאַכט אין פאבריקען און ווארשטאטען, באקומען קיין צייט נישט אויף אהיים געהן מיטאָג עסען און מוזען זיך באגנוגען מיט טרוקענעם ברויט... אז די ארעמע תלמוד־תורה קינדער, וואָס געהען פון אלע ווארשעווער ווייטע עקען אין די צוויי אידישע ביליגע קיכען אויף ביליגע און פרייע מיטאָגען, געהען ווינטער אויס אויפ'ן וועג פאַר

קעלט... (זומער באקומען זיי דערוויל קיין מיטאגען נישט), או ווינטער צייט לעבען מאסען אידישע פאמיליען אהן ווארעם עסען. ווייל עס איז נישט דא מיט וואס אונטערצוהייצען, ווייל קוילען ווערען יעדעס מאל טייערער...

פון בריעף וועלען עס אפשר אויך אנדערע וויסען?... צי לע־זען רייכע אידען דעם ארעמען אידישען „יוד“? ווער ווייס? פון דאקטוירים און אדוואקאטען, וואס לעזען אידיש, לאזט זיך שוין הערען; אויף באנקירען און גרויסע סוחרים וועט אויך אפשר קו־מען אמאל א צייט...

ח.

פייל פון בויגען איז אריבער אל־דאס־גוטס.

עס איז אריבער דער זומער מיט זומער־וואוינונגען, מיט טיפע, שטילע און קלארע אווענטען, מיט גרינע וועלדער, גאלדענע פעל־דער... כאטש פרעמדע!

פארקלונגען זענען אויך די ווייכע הארציגע סיני־נגונים, די שטאל־און־אייזערנע פיוטים, דאס הייליגע שופר־בלאזען, צוזאמען מיט׳ן האניג און מיט די זיסע מעהרען אין סוכה...

און הושענא־רבה איז אויך פארביי... מען וועט ווייטער שמיי־סען, נאר שוין נישט מ י ר, און נישט מיט ה ו ש ע נ א ׳ ם און נישט אויפ׳ן ה י ל צ ע ר נ ע ם ש ט ע נ ד ע ר... אויב מען וועט שמייסען, וועט ווירקליך בלוט רינען!

און דאס הושענא־רבה־קוויטעל האט מען אין קעשענע, נאר לעזען קען מען עס נ י ש ט. אויף הימעל־פאפיר מלאכים־כתב! מי ינוח ומי ינוע? ווער וועט זיין א געשלאגענער, ווער אן אנט־לאפענער? ווער א פארברענטער, ווער נאר אן אפגעברענטער? און ווער וועט זאמלען נדבות: איך פאר יענעם, יענער פאר מיר?.... און מיט א פארקלעמטען הארץ ווארפט מען א זייטיגען בליק אויף ווייב און טאכטער...

און ווייט, ווייט איז צו אלעם גוטען!

ווייט איז דער הימעל, ווייט — פאלעסטינא, ווייט איז אפילו אוגאנדא. וואס שרעקט שוין פון ווייטען מיט׳ן וועקסעל־פיבער:

א מענש געהט אין גאס און פאלט פלוצים אנידער און שלאָפט איין... ערגער, דאכט זיך, ווי היישעריק... ווייט איז אפילו צו חנוכה, צום האלבען יום־טוב מיט דער טייערער גרויסער אקע און שפּאָט־ביליגער, קליינער אילומינאציע און נאך ביליגערע, כאָטש פלאם־פייערדיגע, רעדען איבער פאלעסטינא, אוגאנדא, אדער אי־בער סדום, וואס דארף זיך איבערקערען, ועמורה, וואס זאל איינגע־זונקען ווערען...

און די טעג ווערען וואס אמאל קירצער, טרויעריגער, פייכ־טער און וואס אמאל אומניצליכער.

און אז אונטערגאנג געהט ארום אויף קינדער, אויף די אָרעמע שעפעלעך... ווענינגסטענס, קריינקט מען אהן אז אונטערשיד פון גלויבען, אהן פראצענט...

קאלט, טרויעריג, נאס און אז אונטערגאנג אויף אומשולדיגע קינדער, נאר א טייל פון דער פוילישער פרעסע, דער פרומער טייל, מיין איך, איז גאנץ לוסטיג און לעבעדיג!

אויף דער לאנקע, וואו עס גראָזט דאס אמת'ע פיה, דאס אמת ריינע, פרומע און כשר'ע, איז די פּאשע פעט און נאך באשפריצט פון נחת־בלימלעך — א פארשמעקעניש צו דער נאז, א פרייד צו די אויגען!

נאך לאנג, לאנג וועט מען ברויכען די אנטיסעמיטישע פרעסע! עס ווייזט זיך אויס, „אז די וועלט פארמאגט צעהן מיליאן אידען און די העלפט דערפון וואלגערט זיך ארום אין טשערטא“! פינף מיליאן אידען וועלען געווים זיך אזוי גיך נישט אויסטויפען, נישט אזוי גיך אסימילירען... מען וועט זיי אזוי לייכט נישט פארדייען... הכלל — געשעפט בלייבט געשעפט! ווי עס איז, פאראומערען דאס לעבען וועט מען זיי שוין!

„און די אינטענדאנטסטווא, לעבען זאל זי, האט אנגעהויבען קויפען פוראזש דירעקט ביי די פריצים; אידישע פאדריאטשיקעס און פאקטוירים וועט מען שוין, גאט זיי דאנק, פטור ווערען“! כדי אבער די אידעלער זאלען נישט שווינדלען, און אונטערשטעלען פריצים אלס פארקויפער פאר זייער תבואה, „פארלאנגט די קלוגע אינטענדאנטסטווא פון יעדען, וואס שטעלט צו א פארטיע פוראזש, א באווייז, אז די תבואה איז אויף זיין אייגענעם פעלד געוואקסען“! מען דארף נישט די תבואה זאל זיין מיט אייגענע הענט געזייהט

און געשניטען; גענוג דאָס פעלד זאָל זיין אייגען. און אויף רעליגיאָן פרעגט איינענטליך די אינטענדאַנטסטוואָ נישט, דאָס ברויכט זי נישט... גוטבאַזיצער אידישע איז פאַראַן ווענינ (אַז מען דאַרף, שרייט מען, אַז צופיעל), אַרענדאַטאָרס אפשר מעהר. זיי הויבען אָבער אויך שוין אָן צו פאַלען אין דער צאָהל: דער גרעסטער גוטבאַזיצער, דער גראַף זאַמאָיסקי, וואָס האָט ביז אַהער, לויט מען פלעגט שרייבען, ליעב געהאַט, אויסער פערד און שאַנ־סאָנעטקעס, נאָך אידישע אַרענדאַטאָרס אין זיינע פאָלוואַרקען, און פאַר דאָס פיינט געהאַט גלחים און קלויסטער, איז היינט, גאָט זיי דאַנק, אַ בעל תשובה געוואָרען. די קלויסטער, וואָס ליגען אין די גרעניצען פון זיינע שטעדט און פאָלוואַרקען, ווערען פאַריכט און פיין־געשטעלט אויף זיין אייגענעם חשבון. גלחים ווערען צו יעדער צייט פיין אויפגענומען, מיט אַלערליי כבודים... דערפאַר אָבער, וואו עס ענדיגט זיך אַ אידישער קאָנטראַקט, היידאַ, געהט שוין אויף זיין אָרט אַריין אַ קריסט! נאָך צעהן פאָלוואַרקען און צוויי און צוואַנציג מיהלען זענען אין אידישע הענט, נישט אויף לאַנג: אויסגעלייזט מוז ווערען די ערד! איהר זעהט? אומעטום די זעלבע אידעאַלען — גאולת הארץ!

און נישט די ערד אַליין דאַרף אויסגעלייזט ווערען, דער האַנ־דעל אויך! דער אַמאָליגער, נאַרישער פּריץ האָט זיך געשעמט מיט׳ן האַנדעל (אויסער׳ן האַנדעל מיט אונטערגעפעלשטע פערד), היינט קומט דאָס דאַרף אין שטאָדט אַריין און צושפּרייט מיט די הענט, און שטופּט אַרויס דעם איבעריגען, דעם פרעמדען... אויף די נאַלעווקעס, פאַר׳ן אייזערנעם טויער, אויפ׳ן גרזשיבאָוו אפילו, מעהרט זיך די צאָהל פון ריין־קריסטליכע געשעפטען און אפילו דאָס געלט־געשעפט האָט אויך אויפגעהערט צו זיין אַ מאָנאָפּאָל אין אידישע הענט. מיר פאַרמאָגען שוין עטליכע קריסטליכע באַנק־הייזער, אַצינד האָט זיך נאָך איינס געעפענט: ברזאָסקאָ עט קאָמפּ... אַ פיין חנוכת הבית געוועזען, עכט עהרליך און פרום...

און דאָך איז דאָס אַרויסצושטופען, איבער דער גרענעץ אַריי־בערצוּוואַרפען נישט אַזוי לייכט. די אידישע עמיגראַציע וואַקסט אפילו פון טאָג צו טאָג, אָבער דאָך נישט אַזוי געשווינד, ווי דאָס דאָרפישע פּרומע הארץ פאַרלאַנגט עס! און די דאָרפישע עלענ־בוינען בויגען זיך אַמאָל איין, נישט אויס... בעסער וואָלט געווען

עס זאָל בטל ווערען די „טשערטא אָסיעדלאָסטי", אידען זאָלען זיך צושיטען אויף גאַנץ רוסלאַנד, צוזייהט און צושפּרייט זאָלען זיי ווערען... אומעטום זאָלען זיי זיין, נאָר אין ערגעץ נישט די מער־הייט, אין ערגעץ נישט קיין קראַפט... וואָס וועניגער אידען אויף איין אָרט, איז געזינטער!...

עס איז דאָך נישט אזוי לייכט — קרעכצט מען — פון אידען פּטור צו ווערען. פאַראַן א קאַפּעליע אין פילהאַרמאָניע, מוזען זיין, אויסער דייטשע און פראַנצויזישע, אויך אידישע קלעזמער! גע־מאַכט אַן אויסשטעלונג אויף צעלניק — אידעלע מוז אריין מיט זיין סחורה! און אין פּאַביאַניצע, אין א שטאָדט, וואו דער אַנטי־סעמיטיזם וואַקסט ווי אויף הייוועז און ציהט זיך ווי א שטריק אויף'ן אידישען האַלז, וואו מען האָט שוין א ריין קריסטליכע קרעדיט־געזעלשאַפט, און מען עפענט נאָך א צעלניק־קראָם: „יעדנאָשטש", פאַרשטעהט זיך. א ריין קריסטליכע קראָם, געהט זיך פונדעסטוועגען א אידעל און בויט זיך א דריי־שטאָקיג הויז, גלייך ער וואָלט נאָר אויף משיח'ן נישט געוואַרט, גלייך ער רעכענט, אַז זיינע אייניקלעך נאָך וועלען דאָ פאַרפעסטען די לופט מיט ציבעלעס און קנאָבעל!

און נישט אזוי ווייט שולדיג איז די האַק, וואָס האַקט אויס די ביימער, ווי דער וואַלד אליין, וואָס גיט די שטיל צו דער האַק! אין וואַרשוי איז פאַראַן א אידישע געווערב־שול, לערנען קריסט־ליכע מייסטערס די אידישע קינדער ארבייטען! און אין פּאַביאַניציע, ו ו ע ר בויט דאָס אידישע הויז? פאַרשטעהט זיך, די קריסטליכע מוליאַרעס! און וואָס קומט ארויס דערפון? מען לאָזט דעם איד וואַקסען, און מען פאַרלירט דערביי ד י וועלט און י ע נ ע וועלט! ווייל אזוי דער קריסטליכער מייסטער אין דער אידישער געווערב־שול אין וואַרשע, ווי דער מוליאַר, וואָס בויט אין פּאַבינאַציע דאָס אידישע הויז, מוזען האַלטען שבת! און ווייטער דאָס אייגענע! די זעלבע אידעאַלען — „גוי ששבת" איז ביי זיי אויך סכנת נפשות...

צווישען די קליינע, נאַרישע העצערייען געפינט זיך אָבער אויך עפּעס וויכטיגס: ווי, למשל, די פראַגע פון ש ח י ט ה...

פאַראַן אין וואַרשוי, ווי אומעטום, א חברה „צער בעלי־חיים", וואָס ווייסט שוין נישט, וואָס מיט זיך צו טון... ארומלויפען אין

גאס און כאפּען דאַראַשקאַרעס, וואָס שמייסען צו שטאַרק די פערד, אָדער שפּאַנען איין קראַנקע פערד, אָדער איבערלאַסטען די פערד. ווילט זיך נישט... דאָס טוט יעדער סטראַזשניק! אין דאָרף, מיט׳ן פויער אָנצוהויבען, איז דאָך געפעהרליך, מען קען לייזען אַ גוט װאָרט אונטערגעשפּאַרט מיט אַ זעץ אין פּלייצע... וואַרפט זיך, נעבעך, די חברה ווי אַ שלאַנג, מען מוז דאָך האָבען עפּעס צו טון, מען מוז שאַפען מאַטעריאַל, צום פאַרשרייבען אין די יעהרליכע חשבונות. וואָס געהען אין די הויכע פענסטער און וואָס דאַרף איבערגעהן צו דער געשיכטע!... געהט זי, נעבעך, די חברה און נעמט, למשל, אויף זיך די הינטשלעגעריי אין די גאַסען. דאָס אָפּ־רייניגען די גאַסען און ארויספיהרען די נבלות פון געפּגרטע הינט און קעץ... איז נאָך ווייניג, נעמט זי זיך אצינד נאָך צו שחיטה. שחיטה, זאָגט די חברה, איז איין עולה! קיילען מוז מען, נישט שעכטען! אין שעכט—בעסער געזאָגט: אין קייל־הויז פאַלען נישט דערשלאַגענע אָקסען, נאָך פאַר יציאת נשמה ציהט מען פון זיי אראָפּ די הויט.

נאָר מיט די העקער־יונגען וויל די חברה נישט אָנהויבען; מיט אידען איז לייכטער. אויך האָט מען דאָ אַ גרייטע ליטעראַ־טור. ווייניג האָט מען געגען שחיטה געשריבען? מען דאַרף נאָר איבערזעצען און פאַרשטעלען, וואו מען דאַרף...

וואָס מען האָט פ א ר שחיטה געשריבען, האָט אפילו דער הויך־געלעהרטער „פשעגלאָנד־טיגאָדניאָווי" נישט געלעזען! און דעריבער פרעהט ער זיך אַזוי, וואָס די חברה צער בעלי חיים נעמט זיך צו אַזאַ ניצליכע זאַך, ווי מבטל זיין שחיטה.

„ערשטענס, איז א י ד ו ע ל כ ל — שרייבט ער — אַז שחיטה איז נישט מענשליך". די מענשליכקייט פאַרלאַנגט: קיי־לען! אַ האַק אין קאָפּ אריין, איז איינער צו ווייניג — נאָך אַ זעץ... ביז צום דריטען און פערטען מאָל... די הויט דערווייל מעג מען שינדען.

צווייטענס, האַלט דער „פשעגלאָנד" זעהר פון די אויסלענ־דישע פרייע לענדער און אַז מען האָט אין דער שווייץ גע׳אַסר׳ט שחיטה, קען ער איהר קיין גוטער פריינט נישט זיין!

און אידען — זאָגט ער — וועט מען אויך דערמיט קיין רעה נישט טון. צו טרפות איז זיך זעהר לייכט צוצוגעוועהנען, אַ

והא ראיה: אין דער שווייץ האָט מען זיך שוין צוגעוועהנט! אוי־סער, נאַטירליך, די זעהר פרומע נאַראָנים, וואָס ברענגען זיך פלייש פון עסטרייך...

„דערפאר — שרייבט ווייטער דער „פשעגלאָנד“ — וואָלט רעגולירט געוואָרען דער האַנדעל מיט'ן פיה“. וואָס פעהלט דעם האַנדעל מיט פיה און ווי אזוי מען קען איהם העלפען? שרייבט ער נישט, נאָר — אַז ער זאָגט, זאָגט ער... טרויעריג איז אָבער, וואָס די היינטיגע רעגירונג וועט נישט אַנריהרען קיין רעליגיעזען געברויך.

צי איז ווירקליך די גאַנצע געזעלשאַפט דורך און דורך פאַר־סמ'ט מיט'ן נאַרישסטען האַס צו אידען? ווער ווייסט? אפשר ש ו ו ײ ג ע ן נאָר די גוטע?

ו.

קיין סך נגונים האָט קיין שאַרמאַנקע נישט. און געהט יעצט דאָס ליעדעל „גוי ששבת“, וועט עס געהן און געהן צום דול ווערען.

שטשעפאַנאָוו איז א דאָרף. אַז שטשעפאַנאָוו איז אַ דאָרף, האָט עס אַ פּריץ, האָט דער פּריץ — א ווינט־מיהל, דינגט די ווינט־מיהל א איד, שטעהט די ווינט־מיהל שבת, דרעהט זי זיך זונטאָג!

און שטשעפאַנאָוו איז נישט אין ארץ ישראל, נישט אין אור־גאַנדאַ; אפילו נישט אין ענגלאַנד, וואו מען חלש'ט א איד צו פּאַרזאַרגען, אפילו ניט אין פראַנקרייך, וואו מען יאָגט די הייליגע שוואַרצע מענשעלאַך און עס האַלט כמעט ביי פאַרמאַכען די קלויס־טער. שטשעפאַנאָוו איז א דאָרף אונטער לאָמזשאַ, לאָמזשאַ איז א שטאָדט אין פּוילען, וואו עס הערשען די "ראָלאַ", און די „קראָ־ניקאַ ראַדזשינאַ“ און דער „פשעגלאָנד קאַטאָליצקי“, און די „גיוואַ פּאָלסקאַ“, וכדומה...

פאַר וואָס דרעהען זיך די פליגעל פון דער קאַטוילישער ווינט־מיהל אויף דער קאַטוילישער ערד אום זונטאָג און שטעהען שבת? ווייל די קאַטוילישע ווינט־מיהל אויף דער קאַטוילישער ערד האַלט א איד. פאַרוואָס האַלט זי א איד? ווייל ער האָט געגעבען א רובל שכירות מעהר. פאַרוואָס האָט ער געגעבען א רובל מעהר?

צי ווייל ער האט דעם פריץ ליעבער? א קלאג איז דער ליעבּ־שאפט! ווען זיי זאלען ליעב האבען דעם פריץ, וואלטען זיי נישט גערעדט פון פאלעסטינא. אפשר ווייל א איד דארף וועניגער און וויל וועניגער פארדינען? חס ושלום. א איד דארף מעהר! רע־כענט: געפילטע פיש אויף שבת, ווייסע חלה אויף יום־טוב, אויף פורים — מיט זאפרען, חדרים פאר קינדער, מקואות פאר ווייבער, היינט — קהילה־געלט פאר שוחטים און רבנים אין דער נאהנטער שטאדט אריין, שקל־געלט פאר'ן ד"ר הערצל קיין וויען, אונטער־צושטיצען די האקאטע אין בערלין... אלא מאי? טאקע להכעים! נישט מעהר ווי להכעים דעם קלויסטער! דעם גרעסטען נחת האט א איד, אז ער זעהט, ווי א קאטוילישע ווינט־מיהל דרעהט זיך אום זונטאג און שטעהט אין זיין הייליגען שבת...

דאסזעלבע איז מיט דער שמידעריי פון זעלבען פריץ, אין זעל־בען דארף. ווי קומט א איד צו א שמידעריי? זינט דער רבונו של עולם האט פארשאלטען אדם הראשון און זיינע קינדער מיט דער ארבייט, באמיהט זיך דער איד אליץ אינאיינעם, די גאנצע קללה זאל פאלען אויף גוי'שע קעפ און ער זאל אוועק־קויפען דאס גאנצע ביסעל נאפט אין באקו אדער האנדלען מיט אלטע הויזען. עשו האט געארבייט אויף דער בכורה, יעקב האט זי אויסגענארט פאר אביסעל לינזען. פון מצרים, וואו מען האט געמוזט ארביי־טען, איז מען אנטלאפען אין מדבר אריין, וואו מען קריגט, אהן א שפור פון ארבייט, מן און שלו פון הימעל און וואסער פון שטיין. אין ארץ ישראל האבען געארבייט די פלשתים מיט גבעונים און אידעלעך האבען זיך געשפאצירט „עולי־רגל"... דערנאך איז זיי דאס אויך נמאס געווארען, און איבערגעקויפט טיטוס'ן, ער זאל זיי פארטרייבען, ער זאל חרוב מאכען דעם בית־המקדש, וואס האט פארלאנגט קרבנות, מיט'ן לאנד, וואס האט פארלאנגט ארבייט, זיי זאלען האבען לייכטע פרנסות — נאפט אין באקו, אלטע הויזען, פאלשע לאזען וכדומה... נאר אז דער „בית־המקדש" וויל להכעים טון דעם קלויסטער, נעהט א איד און שטעלט זיך אפילו פאר א קאוואל! פארשווארצט ער זיך די ארבעל און קאוועט דעם פריץ'ס פערד, פארשטעהט זיך אום זונטאג, ווארים א גאנצע וואך האבען דאס פערד ווי דער פארנאל קיין צייט נישט!... און זונטאג, די גלאק קלינגט און דער אידישער האמער קלינגט אינ'ם גלאק אריין!

אבער שבת — חס־ושלום! שבת שטעהט די קוזשנע אין שטשעפּאַ־נאָוו, פונקט ווי אין באַגושיצע, אין זורזשעשטש, און גאָט ווייסט וואו נאך עס ארבייטען אידישע קאוואליעס — פּארהאמערט, כאַטש האַק און בראַק, כאַטש ברען און בראָט, שבת ארביים ער נישט!

און פארקערט, וואו מען קען שאדען א קריסט מיט חלול־שבת, איז מען מחלל שבת. דער רב כלומרשט בייזערט זיך, קהל שרייט, דאָס איז אבער נאך לפּנים; מען מיינט עס נישט ערנסט פארקערט, מען ווייסט, אז אנדערש וועט דער אידישער מסחר גענען דעם קריסטליכען, קיין קיום נישט האבען!

אז מען האָט פאַלשע מאָס און וואָג, שלעכטע סחורה און הויכע פּרייזען, מוז מען שפּעקולירען אויף דער צייט, אויף די טעג, ווען די קריסטליכע געוועלבער און קראָמען זענען געשלאָסען. און ערשט ניט לאנג, — ווייסט די „ניווא פּאלסקא“ — האָט זיך אפּגעשפּילט אויף דער מארשאלקאָווסקא גאָס אזא מין קאָמעדיע:

צו א כלומרשט גאַנץ ארענטליכען אידעל, וואָס האָט אָפען דאָס געוועלב אום שבת, זענען אריינגעקומען דריי כלומרשט גאַנץ ארענטליכע אידען פון גאָס און האָבען זיך איהם געבויגען און געניינגט מיט א שעהנעם „גוט מארגען!“ און אזוי געזאָגט: „ר׳ איד, נאך וואָס פּאַרזינדיגט איהר אייער נשמה און האַנדעלט אין הייליגען שבת? צי איז אייער נשמה א וויסקראַביק פון א פּרעמ־דער מולטער און איז נישט געשטאַנען ביים בארג סיני און נישט געהערט, אז זעקס טאָג האָט גאָט געארבייט און באַשאַפען די וועלט, און דעם זיבעטען טאָג האָט ער גערוהט?“

דערויף האָט זיך דער כלומרשט שעהנער איד, וואָס האָלט אָפען דאָס געוועלב אום שבת, צוריק גענייגט און מיט א שעהנעם „גוט יאָהר“ צוריק געבויגען, און געענטפערט און אזוי געזאָגט: „רבותים, נעמט די פּיס אויף די פּלייצעס און געהט צו אל׳די שווארצע יאָהר“... און אזוי זאָגענדיג האָט ער גאָר פריינדליך גע־שמייכעלט.

און די דריי כלומרשט ארענטליכע אידען זענען ארויסגע־גאַנגען פון קראָם און האָבען אויך געשמייכעלט, און איינער צום צווייטען האָט געוואונקען מיט נחת: יוצא געווען גענען גאָט און

געגעו קהל — ער וויל נישט, און אז ער וויל נישט, קענען מיר אויך נישט וועלען...

און פיעל, פיעל אידישע געוועלבער לייזען אום שבת און דעריבער מוזען די קריסטליכע סוחרים האלטען אפען די קראם אום זונטאג!...

נעבעך!

און פונדעסטוועגען הויבט זיך דער קריסטליכער מסחר. אט דער זייפענ־זידער פון וואלסקא גאס נומער 13. די „רצלא“ ווייסט, וואס אידען קאנקורענטען האבען אויסגעארבייט אונטער־צוברעכען דעם קאטוילישען זייף. עס איז זיי אבער נישט געראַ־טען... דער זייפענ־זידער וואקסט און וואקסט און שטעלט שוין צו זייף אין די שפיטעלער אריין...

דערפאר אבער וואקסען ביי אונז אנדערע פרנסות. אמאל פלעגט מען זיך דרעהען ארום דער באנק און — לעבען ד ע ר פ ו ן. האט מען עס פארוועהרט. מען פלעגט האבען שענקען, אויף יעדען ווינקעלע א שענק — מאכט זיך א מאנאפאל! מען פלעגט האנדלען מיט פראצענט, היינט, אויסער בסוד סודות — חס ושלום. מען זעצט איין! אידישע זייפענ־זידעריי וועט אויך פאלען, וואל־סקא נומער 13 וועט זי אודאי איינשלינגען... זיין ליבער נאמען שיקט אבער די רפואה פאר דער מכה: אויפ'ן ארט פון דעם אלעם וואקסט די ליטעראטור!

א גאסט איז ביי מיר געוועז, א וויטער קרוב, לא עליכם, אן ארימאן.

— איך בין אייך געקומען בעטען אויף א חתונה...

ער מאכט חתונה די זיבעטע טאכטער. נדן האט ער שוין באלעגט, חתונה די זיבעטע טאכטער, די „פאפירען“ זענען פאר־טיג, די סאליע און קלעזמער געדונגען, נאר אויף א סעודה פעהלט איהם. כאטש עטליכע פונט פיש...

— נעמט איהר כאטש, פרעג איך, אז איידעם א פרנסה־געבער?

— נאך ווי הייסט, זאגט ער, א פרנסה־געבער!

ער אליין איז נאך פון דער אלטער וועלט, ער וואלט געהאט אמונה און בטחון, ער ווייסט, אז גאט פארלאזט נישט.

— אט, זאגט ער, ווי איהר קוקט מיך אן, לעב איך שוין

א יאָהר 40 אָהן א קאָפּיקע! און קיין פּאַך איז דער האַנט האָב איך אויך נישט, איהר ווייסט דאָך, און, זעהט איהר דאָך — איך לעב!

ווי אַזוי ער לעבט, דאָס איז שוין אַן אַנדער שאלה...

די טאָכטער אָבער איז שוין א היינט־וועלטיגע, זי וויל דוקא א פאַרטיגען פאַרשוין, א פּרנסה־געבער... און ער האָט איהר גע־פונען... עס האָט אפילו לאַנג געדויערט, זי האָט זיך אביסעל געעל־טערט, די טאָכטער; נאָר געפונען, וואָס איהר האַרץ האָט געגלוסט, האָט ער.

— וואָס איז ער, אייער קינפטיגער איידעם? — פרעג איך.

— א שרייבער! — ענטפערט ער שטאָלץ.

— אין א וואָלד?

— חס ושלום... פאַר וואָס אין וואָלד? א קראַנקער איז ער, חס ושלום, וואָס?

— אין שטאָדט, אין א געשעפט?

— אין שטאָדט, אָבער ניט אין א געשעפט, א גראָבע זאַך וואָלט מיין טאָכטער נישט געוואָלט. זי איז אפילו נאָר א נעהטערין, נאָר א איידעלען געשמאַק האָט זי, היינטיגע צייטען — א שריי־בער אין א צייטונג איז ער!

— ווי הייסט ער?

ער זאָגט מיר א ווילד פרעמדען נאָמען.

— א פרישער טאַלאַנט?

— אָבער גאָר א נייער. צאַפּעלדיג פריש פון דער נאָדעל... ער לערנט זיך נאָך צו אביסעל גראַמאַטיק מיט אויסלעגען. נאָר מען שלאָגט זיך שוין איבער איהם. סאָקאָלאָוו רייסט איהם ביי דער פּאָלע צו דער ענציקלאָפּעדיע. „אחיאסף“ שרייט, זי קאָן אָהן איהם ניט ענדיגען דעם „לוח“. „האור“ וויל איהם פאַר א סעקרעטאַר; זאָל זיך נאָר לייזען, — שרייבט מען איהם — וועט זי איהם צאָהלען א רובעל פערציג א חודש, לכל הפּחות! היינט ניט רייזען ארויס א זאַמעל־בוך, וויל ער כאָטש א נאָוועלע. ווי הייסט, זאָגט ער, דו ביסט א יונגער, מוזט דו ארבייטען מיט יונגע. אניט, וויל ער כאָטש א שיר׳ל, א פּיצעל באַדיי, אבי צום באַשמעל־צען!... היינט דער „העולם“ — צוויי טויזענט פינף הונדערט רובל

האבען זיי שוין, קוים וועלען זיי האבען דרייסיג טויזענט, מאכען זיי איהם פאר א רעדאקטאר! גאר פשוט!

— און דערווייל? — האק איך איבער די גליקען.

— איך האב דאך אייך געזאגט: דערווייל לערנט ער צו גראמאטיק מיט אויסלעגען...

— באַ, — גיט ער צו מיט א זיפץ, — ער זאל שוין קענען גראמאטיק מיט אויסלעגען אויך, וואלט ער זיך געלאזט אפגיל־מען... וואלט איך צו איהם נישט געקומען; ער וואלט איינגענומען די וועלט!

— און ווי אלט איז ער? — פרעג איך.

— א יאהר נייַנצעהן.

— מען וועט איהם נאך צונעמען צום מיליטער?

— חס ושלום, — זאגט ער — א קאליקע!

ז.

דעם טאג, ווי שעהן ער זאל זיך נישט אנהויבען, דארף מען נים גלויבען. ער הויבט זיך אמאל אויף מיט א פנים פון א רחמנות'דיגען מליץ־יושר, און געהט אונטער — אל־דאס־בייז זאל אזוי אונטערגעהן.

דער גרויסער דיכטער אסיאן האט עס אמאל געזאגט בדרך משל:

א יעגער — האט ער באשריבען — האט זיך אמאל אין א שעהנעם העלען פריהמארגען געלעגט אפרוהען אויפ'ן שמעקענדיגען גראז, אין פרישען, גרינעם, זינגענדיגען וואלד, אונטער א בוים — א קדמון, וואס האט איהם איינגעשלעפערט מיט'ן זיסען גערויש פון זיינע פרישע בלעטער, און איינגעפליסט די בעסטע חלומות מיט'ן געזאנג פון צווישען זיינע צווייגען, — ווי נאר א מוטער קען איינוויגען און איינשלעפערען איהר אייך־איינציג קינד מיט איהר זיס־האניגדיגען וויגען־ליעד...

נישט לאנג האט עס גערויערט!

דעם יעגער האט אויפגעוועקט א דונער! און, אז ער האט

די אוינגען געעפענט, איז ער שוין כמעט געשוואומען אין א טייך פון רעגען־וואסער פון די אַרומיגע בערג...

און איז אייך אַסיאַן וועניג, נעמט א מעשה פון האַמעל:

די, וואס דארפען אַלץ זעהען פאַראוים, האַבען נישט די טבע הויך ארויפצוקוקען, און האַבען נישט געזעהן דעם פּאַגראַם, כאָטש ער האָט שוין געשוועבט איבער'ן שטעדטעל אין דער לופטען, ווי א גייער, וואס קרייזעלט ארום, אויסקוקענדיג זיין רויב פון דער הויך! נאַר די אידישע הערצער האָבען שוין געצאַפּעלט. זיי האָבען ג ע פ י ה ל ט, אַז עס קומט א צייט, ווען א „גשם אֶלהים" וועט זיין, נישט קוקענדיג אויף זיין שענקייט, א געפערליכע זאַך, און אויפוועקען קנאה־שנאה!

און וואס דאַרף איך אסך ראיות? אַז אַלטער פיליסטער האָט אמאָל געזאָגט: גלויב נישט דעם שענסטען טאָג! און פון ראַמאַלט אַן געהט קיין עכטער בעל־הבית אהן א רעגען־שירם נישט פון שטוב ארוים...

איך בין אייך נאַר געקומען זאָגען, אַז איך אַליין האַב אויך איבערגעלעבט אַזאַ טאָג, א טאָג וואס האָט זיך געעפענט ווי א שמאַלץ־גרוב פון נחת, און פאַרשלאָסען טאַקע — ווי אַן אמת'ער קבר.

און דעם נחת האַב איך באַלד אין דער פריה נאָך אין בעט אפילו געהאַט, דען איך בין געוואוינט דורכצוואַרפען די פּאָסט: בריף און צייטונגען אין בעט, און טאַקע די לעצטע האָבען מיר געבראַכט די ישועות ונחמות.

ערשטענס, האַב איך פון קיינעם קיין מאַהן־בריף נישט באַקומען, כאָטש שולדיג בין איך איבער'ן קאָפּ, ווי עס פּאַסט פאַר א קליינעם סוחר... אַדער מיינע נושים זענען צו רייך געוואָרען, און עס פּאַסט זיי נישט צו מאַהנען; אַדער — צו אַרים און האַבען אויף קיין פּאָסט־געלט נישט געהאַט, אַדער זיי האַבען מיך שוין לאַנג ארויפגעשטעלט אויף דער קאַנטאַ פון היזק און אוועקגעמאַכט מיט דער האַנט — — —

צווייטענס — אַן אנגענעמע דעפּעשע אין „קוריער וואַרשאַווסקי", ווי אויך אין אַנדערע, זיינע קאָנקורענטען. און נישט די דעפּעשע איז אַזוי אנגענעם, ווי דאָס, וואס עס פ ע ה ל ט אין דער דעפּעשע.

ביי די לעצטע וויבאַרעס אין פּויזען, האָט א איד בשום אופן

נישט דערלאזט, עס זאל אויסגעקליבען ווערען א פוילישער פרע־זידענט; ער האט זיך איינגעשפארט און וויל דוקא א דייטש... און אצינד שטעלט אייך פאר, אז, א חוץ עטליכע אפען־אנטיסע־מיטישע בלעטער, האט קיין איינציגער נישט פארגעסען אויסצו־שטרייכען די אידישקייט פון די אויסקלייבער!...

עס פעלט מיר אויף קיין סעקונדע נישט איין, אז די בלעטער האבען אזוי געטראכט: „אויב מען פארלאנגט, על פי דין פון אסי־מילאטארישען שלחן ערוך, פון אידען, זיי זאלען נישט האבען קיין איינענעם פאטריאטיזם נאר דוקא א פרעמדען, מוז, לעבען דעם אידיש־פוילישען, אויך א אידיש־דייטשער פאטריאטיזם עקזיסטי־רען, ווי אויך אן ענגלישער, פראנצויזישער, אמעריקאנישער א. ד. גלייכען, היינט שוין א אידיש־פאנאמישער פאטריאטיזם אויך! אין עסטרייך מוז גאר זיין א פערמישעניש פון אלערליי אידישע פאט־ריאטיזמען. נאך וואס־זשע זאלען מיר ארויסשטעלען דעם איד?"

ווי געזאגט, איז מיר דאס גאר נישט איינגעפאלען! דאס וואלט שוין געוועזען צו עהרליך און צו קלוג פאר טעגליכע גאסען־בלעטער פון געוויסען סארט. זייער עהרליכקייט טרעט ארוים נאר געגען שטארקערע, וואס לאזען זיך נישט בייסען נאר בעטען, און זייער חכמה איז א בלימעל, וואס וואקסט קיינמאל נישט העכער פון זוים פון בארג, וואו די בהמות פאשען... אלא מאי? מען רעכענט זיך מיט'ן אידישען אבאנענט! דאס איז אויך שוין א גוטע זאך, א סימן, אז מיר שטארקען זיך און, לעזענדיג א בלבול, זאגט מען שוין ניט: „דאס מיינט מען יענעם, דעם מאוסען איד, און נישט מיך, ווייל איך בין א שעהנער"! מען ווייסט שוין, אז אלע זענען שעהן פאר זיך און מאוס פאר פרעמדע! אפילו אין דער דייטשער שול, דערצעהלט מען, ווערטביים „לייענען" שטיל אפ־גערעדט, וועלכע בלעטער מען זאל שטיצען, און וועלכע עוקר מן השורש זיין... נישט וואר — א נחת?

דריטענס, איז מיר אין דער האנט ארייננעפאלען אן אנאני־מער צירקולאר, וואס ראט: מיר, אידען, זאלען מאכען יד אחת, און אפזאגען דעם „קוריער ווארשאווסקי"! כאטש איך וויים פא־זיטיוו, אז דער „קוריער ווארשאווסקי" איז נישט ערגער און נישט בעסער פאר זיינע חברים; כאטש איך וויים גאנץ זיכער, אז דער צירקולאר קומט נישט ארוים פון אונזער צד, נאר פון „קוריער

ווארשאווסקי'ס" קאנקורענטען. וואס ווילען דאס אידיש וואסערל זאל געהן אויף זייער מילכעל. פרעה איך מיר דאך! פרעמדע האלטען אונז פאר א קראפט! מחוץ למחנה גלויבט מען אין אונזער סאלידאריטעט! און, ווייסען ווייס איך, אז נישט א י י ן גוטע זאך האט מען ביי אונז ארויסגעריסען פון דרויסען! דער ערשטער ציוניסט, למשל, איז געוועזן א פראקוראר, וואס האט דערצעהלט פון אפענע גרענעצען!

איך נעהם מיך צוריק צו די בלעטער און ווער געוואר, אז די אפענע אנטיסעמיטען האבען, נישט פאר אייך געדאכט, א גרויסען מכשול געהאט. אז אנדערער וואלט שוין דעם האלז געבראכען. זיי, וואס שטיצען זיך אויפ'ן פאלק מיט'ן קלויסטער, ווילען עס אויך נישט אזוי לייכט איבערקרענקען. און די מעשה איז א שעהנע: זאלץ אין די אויגען איז זיי פון אייביג אויף די „גאזעטא האנדלאווא". וואס שטעקט ווי עס איז אין אידישע הענט, און כאטש זי טרעט ארויס גענוג שארף געגען ציוניזם און (אידישען, נאטירליך!) נאציאנאליזם, רעדט זי פארט אמאל א גוט ווארט פאר די „בירגער פון מאזאאישער קאנפעסיאן" און האט נאך גאנץ אפט א מאוס'ן ריח פון אידישער חוצפה. אידישע חוצפה האט זי, למשל, באוויזען ערשט נישט לאנג, ווען עס איז געגאנגען וועגען א פאטריאטיש ביין אפצולעקען. דער ווארשעווער מאגיסטראט האט באקומען אן אויסלענדישע הלואה פון דריי און דרייסיג מיליאן אויף שטאדט־זאכען, האט די פרעסע פארלאנגט, זי זאל זיין פארגעשטעלט אויף די אסיפות וועגען די חשבונות פון דער הוצאה והכנסה. ערשטענס, איז עס כבוד, צווייטענס א מין שטיקל פרייהייט. דריטענס, ווי געזאגט — א ביין צום אפלעקען: נאך אזוינע אסיפות דערלאנגט מען צו פארבייסען! און פיערטענס — וואו חשבונות, קאנען אריינפאלען טעותים, טעותים דארף מען פארגלעטען און פון פארגלעטעז און העלפען פארגלעטען לעבט נישט איין פובליציסט... וואס טוט די „גאזעטא האנדלאווא"? אין סאמע־ראדנער היץ פון זיך מקריב זיין לטובת הכלל, טרעט זי ארויס מיט א קאלטער עצה טובה פאר'ן מאגיסטראט, ער זאל זיך נישט לאזען כאפען אין דער גראבער נעץ פון פאטריאטישער חניפה, און נישט רופען די עם־הארצים צו אסיפות וועגען זאכען, פון וועלכע זיי האבען קיין באגריף נישט! פאר־

שטעהט זיך, אז אלע „פעדער־בייסער", „בראטען דרעהער", פאטרי־אטיזם־הענדלער און אנטיסעמיטען, אזוי אפענע, ווי באהאלטענע. וואס פארקויפען די סחורה, ווי אויסלענדישע ציגארען בסוד סודות פון באהאלטעניש ארויס, און גלאטע „הויט־שינדער", וואס לעבען האלב דערפון, ווייל די אנדערע העלפט נעהמט צו דער סטיליסט. אז די אלע זענען ארויס פון די כלים! הונדערט נמרוד'ס האבען זיך נעלאזט געגען איינציגען אידישען פוקס, און די „גאזעטא האנדלאווא" האט זיך, — א וואונדערליכע זאך! — נישט דער־שראקען. פארקערט, זי האט נאך די העזה געהאט ארויסצוטרע־טען מיט א בייזען ארטיקעל געגען דער הנהגה אין שפיטעלער.

דער שרייבער פון ארטיקעל איז מיט דער הנהגה אין די קראנקען־הייזער זעהר נישט צופרידען. מען באהאנדעלט דעם קראנקען לויט דער אלטער מאדע, לויט דער אלטער פילאזאפיע פון איוב'ס חברים נאך, וואס האט געגלויבט, אז יעדע קרענק איז איין אנשיקעניש, א שטראף פון גאט, וועניגסטענס אן אפקומעניש פאר שווערע זינד.

וואס בלייבט ביי אזא אבערגלויבען דעם קראנקען צו טון? תשובה טון, אין הארץ אריין זיך קלאפען, מוסר הערען פון גוטע און פרומע לייטס מויל, און אין איין ווענס וידוי זאגען, קלאפען זיך על־חטא און אויסשטרעקען די האלז נעגען מלאך המות'ס חלף...

היינט — מיינט דער שרייבער — זענען אנדערע צייטען. מיט'ן קראנקען האבען מיר מיטלייד, מיר ווילען איהם היילען, שטארקען, אפשוואכען וועניגסטענס דעם וועהטאג, הויבען דעם הומאר, צויאגען די מרה שחורה, פרייער און לעבעדיגער מאכען. אין שפיטאל איז אבער אלץ פארקערט. אלץווארפט אויפ'ן קראנ־קען פחד און מרה שחורה. ערשטענס, איז דאס שפיטאל א מין תפיסה, מיט „סווידאניעס" איינמאל אין וואך פאר די נאהענסטע קרובים. צווייטענס, איז אלץ, וואס רינגעלט ארום דעם קראנקען, פאר'מרה־שחורה'ט, גרוי אדער שווארץ, פון דאקטאר ביז צום פעלדשער, פון די ווענט, ביז דער הייליגער שוועסטער אפילו ביז'ן שווארצען קרייץ אין זאל.

דאס האט שוין איבערגעוואויגען אלעס! סטייטש, א איד האט די העזה אונז מוסר צו זאגען, אפיקורסות צו לערנען און נאך א רעה זאגען וועגען דעם קאליר פון קרייץ?

וואָס לאָזט זיך אָבער אויס? די אָפענע אַנטיסעמיטען האָ־בען א מכשול געהאַט. עס איז גאָר קיין אידישער ארטיקעל נישט געווען, עס זענען געווען, ווי עס האָט זיך אויסגעוויזען, איניציא־לען — ראשי תיבות — פון אַן אמת קריסטליך־פוילישען שריי־בער פון אבות־אבותיו, אָהן א טראָפען אידיש בלוט אין די אָדע־רען...

און פון דעם מכשול שעפּ איך אויך נחת. מען האָט גע־וואָלט אונזער איינציג אידיש־אַסימילאַטאָרישע צייטונג ווייטער אפּקרעלען ווי א ד ב ר א ח ר, נאַ דיר — עס איז גאָר א קריסט!...

נחת האָב איך געהאַט אפילו פון „פשעגלאָנד טיגאָדניאָווי“. כאָטש ער האָט פון א קורצער צייט אָנגעהויבען ציטערען, מען זאָל איהם נישט האַלטען פאַר א פילאָסעמיטיש בלאַט, און דאָך געפינ איך דאָרט א ידיעה, אין וועלכער איך שמעלץ מיך, ווי אין סמע־טאַנקאַווען פּוטער. „די בעסטע פּוילישע דעקלאַמאַטאָרקע — שרייבט דער פשעגלאָנד — האָבען מיר שוין פאַר עטליכע יאָהר געזאָגט (און דער „איזראַעליט“ האָט אודאי מיט גרויס נחת איבערגעשריבען), איז העלענאַ ארקאַווין, און אויב עמיץ קאָן מיט איהר קאָנקורירען, איז עס נאָר מאַריע גלאַס“. און ווייסען ווייס איך, אַז ביידע, אי העלענאַ ארקאַווין, אי מאַריע גלאַס זענען אי־דישע טעכטער. אמת, קיין איינציגע פון זיי וועט אפשר נישט קענען און נישט וועלען דעקלאַמירען עפּעס פון ביאַליקען אָדער ראָזענפעלדען, אָבער — א כבוד איז דאָס! אַן אַסימילאַטאָר דאַרף פון דער הויט ארויסשפּרינגען!

היינט עטליכע קלייניגקייטען: ערגעץ אין דער פּראָווינץ זע־נען צוויי פּריצות געווען אויף א אידישער חתונה, ביי א נגיר'ס א זוהן צי א טאָכטער, און זענען, דער „ראַלאַ“ צו צווערצעניש, געשטאַנען ביי דער חופּה מיט הבדלות אין דער האַנט! איך גלויב, אַז ווי דאָס פאָר פּאָלק וועט נישט לעבען, די פּלעמעלער פון די חופּה־הבדלות, אין קריסטליכע הענט וועלען זיי באַשיינען און באַלייכטען דעם וועג פון מענשליכען לעבען — פון „ויסעו“ ביז „ויחנו“...

היינט האָבען דריי פּריצים זיך צוזאַמענגעלעגט און מנדר געווען הונדערט און פופציג רובל אויף די קרושנעוויצער שול. די דייטשע שול אין ווארשע האָט נאָר די זכיה צו נדבות און מתנות

פון פריש גע'טובל'טע, דארט — פון אמת'ע און געווים עהרליכע קריסטען, און ווייטער דאסזעלבע: די „ראלא“ פלאצט!

נאך מעהר: אין קאמיטעט פון מלאווער פילהארמאניע איז אויסגעקליבען געווארען א איד אויך, און די „ראלא“ ציטערט, ער זאל נישט באהערשען די גאנצע פילהארמאניע און נישט הייסען זינגען און שפילען מה־יפית.

און די ווארשעווער פילהארמאניע? צווישען די וועלט־ארטיס־טען, וואס זי ברענגט היי־יאהר אראפ, צו באלעבען דעם מוזיקא־לישען סעזאן, וועט זיין א גרעסערער פראצענט אידען ווי צווישען די מעסער־לייט פון דזשיקא גאס!

וואס נאך זאל איך אייך דערצעהלען?

דער „בעל כרחו יענה אמן“ איז אויך מקוים געווארען. דער אנטיסעמיטישער „וויעק“, וויל פאר ניי־יאהר זיך אינטערעסאנט און לעבעדיג מאכען און ניט א גאנצע רייהע ארטיקלען וועגען דער אידישער פראגע.

און וועמען געטרויט דער אנטיסעמיטישער „וויעק“ זיין לעצט מיטעל פאר'ן ניי־יאהר? אונזער איינעם אין די הענט אריין! „אהר“ האט עס איבערגענומען און גיסט, און גיסט כמעט יעדען טאג „לויט באפעהל“ — א איד טוט אזוי זיינס, אזוי וואס מען הייסט איהם, בשלמות, מיט'ן גאנצען הארץ!

און נאך: פאראן א האפנונג, אז פון ניי־יאהר וועט די צאהל פון ווארשעווער גאסען־פערד פארמינדערט ווערען. ערשטענס, פארגרעסערט זיך די צאהל פון אויטאמאבילען און, צווייטענס, זאל מען אויסשפאנען די פערד פון די טראמוויים און באוועגען זיי מיט עלעקטריציטעט אדער אפשר ג ע ד י כ ט ע ר לופט, וואס ווארשע פארמאגט אויפ'ן העכסטען גראד...

אזוי האט זיך אנגעהויבען דער טאג, נאר ווי אזוי ער האט זיך געענדיגט, וויל איך אייך אויך דערצעהלען. ארויסגעגאנגען פון שטוב בין איך א געהויבענער, צוריק געקומען — אויף אלע שונאים געזאגט!

נישט ווייט פון דער היים, באלד אויף דער „ווארימער“ גאס, בין איך שיעור ניט ארויס פון די כלים.

א סצענע אין מיט'ן גאס:

א רעדעל פאר דער פאבריק פון אייזערנע בעטען.

אין מיט'ן רעדעל שטעהט א פרוי מיט א  ש ו ו א ר ץ  פ ע ר־ש מ י ר ט ע ן, — אן ארבייטער מיט א  ד ע ר ש ר א ק ע נ ע ם, — און א גאראדאוואי מיט א „שאלת־חכם" אויפ'ן  ב ר י י ט ע ן פנים. דאס רעדעל ארום זענען קריסטען. אידען געהען פארביי איילענדיג; וואו עס מאכט זיך א גערעדעל, איז א אידיש פנים געפעהרליך. איך האב, גאט זיי דאנק, א טאטאריש פנים, שטעל איך מיך אפּ און הער וועגען וואס עס געהט!

און געהן געהט דאס וועגען א שמיר מיט שווארצע הענט פון אייזען איבער א ווייס דאמען־געזיכט.

די דאמע שרייט: וו אוטשאסטאק!

דער ארבייטער מיט דער פאלע אין גאראדאוואים האנט בעט זיך אפּ. ער איז נישט שולדיג. ער האט געמיינט, עס איז א אידיש קינד.

די דאמע שרייט נאך העכער: „וו אוטשאסטאק"; אצינד האט ער זי נאך מעהר באליידיגט. צי איז זי דען עהנליך צו א אידי־שער טאכטער? פאר וואס זאגט ער, אז ער האט געמיינט?

דער גאראדאוואי איז נוטה צו גלויבען, אז עס איז „א טעות גוי מותר" —

דער עולם קוקט אראפּ אויף דער דאמע, פּרובענדיג צי האט זי באמת נישט קיין עהנליכקייט צו א אידישער טאכטער — — —

פּלוצלונג גיט דער גאראדאוואי א געשריי: וואס פאר א רע־דעל מאכט זיך עס? אלע רוקען זיך קוים, קוים און פאמעלער אפּ. און איך האב מיך פּלוצלונג דערשראקען און אנטלאפען און וויים עד היום נישט, מיט וואס די מעשה האט זיך געענדיגט. רחמנא לצלן, אמאל קומט די נשמה אין די פיס אריין!

אנטלאפען בין איך אויף דער טווארדע גאס און האב מיך אפּגעשטעלט מיט דער נשמה אין די ציטערדיגע פיס ביי דער סטאנציע פון געלען טראמוויי. באמערק איך א שכן, דאכט זיך, נישט משלנו, און זידעלט זיך „פּשא קרעוו", און גערעכט איז ער. אויפ'ן געלען איז זיך זעלטען צו דערווארטען. פאלט מיר איין א געשעפט: צוזאמען צו נעמען א דראָשקע. מיין שכן באשטעהט, נאר מעהר ווי זיבען קאפּ. וויל ער נישט צו שטייער געבען, אויך צאהלען וויל ער! פאר וואס? ווייל  ע ר  פאהרט נישט אויף די נאלעווקעס, וואו איך, פארשטעהט זיך, דארף, נאר ווייטער.

מיין כפרה, נא דיר דרייצעהן קאפ. א דראשקע פאהרט אונטער, ער שפרינגט אריין, איך געה איבער אויף יענער זייט און זיץ.

— איך בין, — זאגט מיר מיין שכן, — קיין אנטיסעמיט נישט, דערוויייל נישט, מען דארף אייך נאך אויף לאנגע יאהרען מיט אייער שפריט, נאר אויף אייערע נאלעווקעס, זייט מיר מוחל, קריג איך דעם קאטער!

איך באנוץ מיך דערמיט, וואס דער דראשקאר פאריכט עפעס ביי'ם געשפאן, און שפרינג צוריק אראפ צום טראמוויי, מיט דריי־צעהן קאפ. ווערט מען נישט געבוירען...

קוים איך האב מיך דערוואַרט און פאהר... פלוצלונג — סטאפ! וואס איז? דער טראמוויי קען נישט געהן. — א לויה. איך הויב מיך אויף — א שווארצע, אנגעפראפטע גאס, פון פארנט אן ארון...

מיינס א שכן זאגט: א אידישע שווארצע לויה!

א צווייטער באמערקט: געווים אן עושר, א בעל־צדקה!

— דאס איז די מעשה, שרייט עמיץ מיט כעס, וואס מען האלט מלחמה מיט זייערע ארעמע לייט. דער עושר בלייבט און העלפט! מען דארף זיך צו די עשירים נעמען...

— אבער ווי הייסט נעמען!

— געווים!

דער אידישער דריי־פיערטעל טראמוויי שווייגט און דער פור־מאן באמערקט פון זיין זייט:

— וואו באקומט מען דא א חלק ירושה?

— אז מען נעמט נישט, האט מען נישט!

אויך ניט שלעכט, וואס?

אבער דעם לעצטען און פעטסטען ביסען האב איך ערשט פארנאכט איינגעשלונגען.

עס איז געוועזן אויף מיין צוריק־רייזע, אויך אויף א טראמוויי, פון דארף ווארשא, וואו איך האב מיינע טעגליכע געשעפטען יא פארזארגט און נישט פארזארגט, מיילער האבען צוגעזאגט און אוי־נען — געלייקענט...

פאהרען פאהר איך שוין אין צווייטען קלאס, צווישען אידען, נאר פאר מיר זיצט א קריסטליכע געזעלשאפט: א קאנאניק מיט א פרוי. פון קאנאניק זעה איך נאר א פעטען רויטען קארק, וואס

וואָלט אויף קיין שום חולה (אויסער אויף א אידישען) קיין שלעכ־טען איינדרוק ניט געהאַט; די דאַמע האָט געמוזט זיין פון אויס־לאַנד אָדער פון דער פּראָווינץ, ווייל דער קאַנאַניק האָט איהר אויף שריט און טריט געגעבען באַשייד: דאָס איז דאָס, דאָס איז יענעס...

— און דאָס — וועקט ער מיך פון מיינע פּרנסה־געדאַנקען אויף — איז דער וואָלער קלויסטער.

— פריש געבוים? — הויבט זיך די דאַמע אביסעל אונטער.

— און וואָס פאַר א צרות — קרעכצט דער קאַנאַניק, און דער קאַרק לעגט זיך איהם אין פאַלדען, — איך האָב ביים געלט זאַמלען געהאַט... עס איז איהם גאַנץ שווער צוגעגאַנגען. באַ, אין טייל הייזער האָט מען איהם די טיר פאַר דער נאָז פאַרמאַכט. וואָס טויג — זאָגען זיי — קלויסטערס? דאָס זענען אַלטע זאַ־כען! מען דאַרף שפּיטעלער, נאַכט־אַזיל־הייזער, איבערהויפּט שר־לען...

א זאַראַזע — קרעכצט די דאַמע — אין פראַנקרייך ווערט דער קלויסטער געיאָגט און געפּלאָגט.

— אויך פראַנקרייך איז נישט שולדיג. פראַנקרייך איז דעם קלויסטערס ערשטע און ליעבסטע טאָכטער... שולדיג זענען די אי־דעלעך, וואָס פאַרשפּרייטען זייער אפּיקורסות אַזוי דאָ, אַזוי דאָרט! און מיינסט, מיין טאָכטער, זיי ווייסען נישט דעם אמת? א פאַרקערט פאָלק, אַלץ להכעיס! נאָר נישט אייביג וועט זיין זייער יום־טוב...

— ווי אַזוי?

— אין פראַנקרייך וועט זיין א רעוואָלוציע! אידעלעך — חיק! ער מאַכט א צייכען ביים האַלז.

— און דאָ?...

די תשובה האָב איך נ י ש ט דערהערט, נאָר פּיהלען פּיהל איך זי.

ח.

קישינעוו האָט געווירקט אויף וואַרשוי, ווי א דונער אין שעה־נעם העלען טאָג פון שטילסטען, קלאָרסטען הימעל.

וואַרשוי איז פאַרציטערט געוואָרען. אויף דער בערזע, אין טע־

אטער, אין צירק, אויף קאנצערטען און אין גערטלעך — פון שו־לען און גאסען נישט צו רעדען — האט מען מעהר נישט געהערט. ווי „אמת“? „אמת“! און אין די אויגען פון דעם, וואס האט גע־פרעגט, איז פארלאשען געווארען דער לעצטער פונק פון דער לעצ־טער האפנונג, צו הערען: עס הויבט זיך נישט אן!

דערנאך האבען אלע באקומען א תאוה, א קרענקליכע תאוה, צו וויסען אלץ, אלץ, מיט'ן פינטעלע, מיט'ן שפרענקעלע; אויס־צומרינקען דעם סם ביז'ן לעצטען טראפען. און דער „קוריער וואר־שאווסקי“, דער איינציגער ברונען, פון וועלכען ווארשוי שעפט אלץ, וואס זי ווייסט, האט אבער געשוויגען, געוואלט, צי געמוזט שווייגען, און אפשר ביידע צוזאמען...

דערוווייל האט דאס צורודערטע ווארשוי איהרם געטאן: ארויסגעשיקט קיין קישינעוו צוואנציג טויזענט רובעל געלט און צוויי אידישע רעדאקטארען... געלט האט אפשר ווארשוי געקאנט שיקען מעהר; רעדאקטארען מעהר האט זי נישט; דערוווייל נישט...

דאס געלט איז אין קישינעוו, מן־הסתם, צונוץ געקומען, די רעדאקטארען אפשר אויך. איינעם איז גאר באשערט געווען צו געפינען אן אלטען כתב און אפצודרוקען אויסער קארעספאנדענ־ציעס. דער צווייטער האט אנגעפילט א גרויס בוך מיט זכרונות, אן אוצר אויף לאנגע יאהרען... נאר פון דעם האט ווארשוי אויך א נוצען געהאט: אויף דעם צווייטען, וואס איז אייגענטליך דער ערשטער, האט מען טאקע געווארט, ווי מען ווארט אויף משיח'ן...

עס איז שוין, נישט פאר אייך געדאכט, געקומען צו חרפות ובושות.

דער לייטישער עולם, דער צילינדער־עולם, די מזרח־וואנט פון דער „דייטשער שול“, די נעהנטסטע קרובים פון אזוינע גרוי־סע און הויכע לייט, וואס דערזעהן שוין נישט קישינעוו, אפילו די כנסת ישראל נישט... אזוינע, וואס רעכטען זיך היינט־מארגען אפילו אויפצוהערען צו צאהלען עטאט און באגניגען זיך מיט אלע פאראטקעס — די אלע האבען פלוצלונג דערפיהלט, אז זיי האבען באקומען זייערס אן אייגענע עגמת־נפש, אן אייגענע שרעק. אן איי־גענע לעבענספראגע, איבער וועלכע דער „קוריער ווארשאווסקי“ וועט נישט ענטפערען... פון וועלכער ער וועט נישט רעדען, און אויב יא, וועט דאס בארץ וועה טון הערענדיג...

נאָר וואו ווערט מען עס געוואר?

א טייל האָבען זיך בסוד סודות געכאַפּט צו די „נאָוואָסטי“; אנדערע, וואָס האָבען אמאָל אין א חדר געלערענט, האָבען מיט א פאַרבלוטיגטען הארץ און פאַרביסענע ליפּען באַלעגערט דעם אידי־שען צייטונגס־טרעגער אין גאַס... מען כאַפּט די „הצפירה“, א היי־מיש בלאַט. אנדערע, וואָס ווילען ביליגער מיט א קאָפּיקע, שטרע־קען אויס די האַנט נאָכ׳ן „הצופה“, נאָך אנדערע, וואָס האָבען וועניגער געלערענט, אָדער מעהר פאַרגעסען, פאַלען, — לאַ־עליכם — מיט נאָך א שטאָפּעל טיפער און ציהען ארויס דעם „פריינד“...

און מען לויפט, און מען לויפט מיט א צאַפּעלדיגען הארץ אהיים, און מען פאַרשליסט זיך בחדרי חדרים און מען לעזט, און ווער עס האָט קיין חדרי חדרים נישט, און ציטערט פאַר׳ן ווייב, און שעמט זיך פאַר דער באָנע, צי פאַר דער דינסט, כאַפּט דאָס בלאַט מיט זיך אין גאַרטען אריין, פאַרשלאָגט זיך אין אן אָפּגעלעגענעם ווינקעלע און טרינקט דעם סם... אָדער שפּרינגט אריין אין טראַמוויי און לאָזט זיך פיהרען קיין פּראַג. אויפ׳ן וועג טרעפען זיינע אויגען די היימישע ווייקסעל און ער דערקענט זי נישט, עפּעס איז זי איהם אנדערש, וועניגער היימיש.

ווי עס איז, מען לעבט. די האַנט, וואָס האַלט דאָס בלאַט, ציטערט; די אויגען, וואָס קוקען אריין און האָבען מורא אן אות צו פאַרלירען, פינקלען, און ווייסע ליפּען ציטערען: באָזשיע, באָזשיע!

אינמיטען כאַפּט מען ארויס דעם זייגער, מען וואַרפט אן אויג אויף דער ראַטע פון אָנהויב בלאַט, צי האָט מען קיין טעות נישט אין דער צייט! אז אנדערער בייסט זיך אריין אין דער ליפּ — צי עס איז קיין בייזער חלום נישט...

נאָר זאָט דערפון איז מען נישט געוואָרען...

מען פיהלט, אז עס מוז זיין מעהר! אז עס איז פאַראַן א זיפּ, וואָס לאָזט נאָר דורך דאָס שיטערע, דאָס געדיכטע פאַרהאַלט זי ביי זיך... זאָל דער רעדאַקטאָר קומען, דער אמת׳ער רעדאַקטאָר!...

און, איידער ער קומט, פאַרגיט מען איהם אלע זינד געגען די אסימילאַציע, געגען „איזראַעליט“, געגען די דייטשע שול וכדומה, זאָל ער קומען, זאָל ער נאָר דערצעהלען...

ווי געזאָגט: געהאַפּט, ווי אויף משיח׳ן...

און ד ע ר משיח האט נ י ש ט געלאזט לאנג אויף זיך ווארטען.

ער איז געקומען און האט גערעדט.

א נייער ירמיהו, א נייער חורבן, א שפאגעל־נייע איכה... א נייער שבט־מוסר, מיט א נייעם ברענענדיגען גיהנום!

פארטריקענטע הערצער הויבען אן בלוטיגען... גאט ווייסט, אין וועלכען אש־ווינקעלע עס האט זיך געוואלגערט א פונק אידיש־קייט, און עס האט אויפגעפלאקערט און צופלאקערט זיך דורך די אויגען ארויס... האר אויפ'ן קאפ שטעלען זיך קאפויר, שטייף־גע־וואקסענע, הויך־געהויבענע וואנסען צודרעהען זיך און פאלען אראפ אין פארשטעלען די פארציטערטע ליפען... איבער בלאנשירטע דא־מען־פנים'ער ציהען זיך גאנצע שנירלער שווארצליכע פערעל פון די ארומגערענדערטע אויגען ארויס...

און דער אטעם שטאקט. הערצער שטאקען און בלייבען שטיל! — —

די קינה האט זיך געענדיגט און זי קלינגט נאך אין דער לופט... און טרויעריג, ווי מיט שטילע פליגעל קלאפט זי און שלאגט זיך נאך ארום ביי די ווענט, באריהרט דערשראקען די פארטרעטען פון פוילישע מלכים, שווייצארישע בערג, רייז־געגענדען און אנדערע קונסטווערק — —

און פלוצלונג האט די ווארשעווער פארזאמעלטע כנסת־ישראל אויפגעהויבען דעם קאפ, און פון אלע געעפענטע מיילער איז ארויס א געבריל:

— א ו ו ע ק מיט'ן „קוריער־ווארשוואסקי"!

---

און דער „קוריער ווארשאווסקי", האט זיך דערשראקען...

און דאס איז געוועזען שוין דער דריטער באיקאט.

דער ערשטער איז געווען אויף א געוויסען סארט טיי, דער צווייטער נעגען א געוויסער פאבריק פון פאפיראסען, דער דרי־טער ערשט אויפ'ן „קוריער ווארשאווסקי"...

און אלע דריי באיקאטען האבען אזוי לאנג געדויערט און אזוי־

פיעל געווירקט, וויפיעל אַלע פוילישע באיקאָטען נעגען דייטשע סחורות...

און דער „קוריער וואַרשאַווסקי" האָט זיך אליין געהאַלפען...

פּלוצלונג, אין אַ שעהנעם העלען זומער־טאָג, האָט ער אָפּגע־דרוקט דעם קראַנשטאַטער כהן־גדול'ס ווערטער... אביסעל האָט ער זיך פאַרשפּעטיגט, דאָך „בעסער שפּעט איידער קיינמאָל נישט"... דערנאָך, אז עס איז פאַרגעקומען אין דער וואַרשעווער סודעבנאַיאַ פּאַלאַטאַ דער פּראָצעס פון טשענסטאָכאָווער פּאָגראָם, און אַ טייל אדוואָקאַטען האָט פאַרטיידיגט די פּאַר'משפט'ע דער־מיט, אַז אין פּוילען איז קיין אנטיסעמיטיזם נישט פאַראַן, נאָר, אַז מען האָט געהערט, ווי מען האָט געשלאָגען אַ פּויערשע דאַמע, האָט דער ריצאַרסקי האָנער פאַרלאַנגט, מען זאָל אויסהאַקען עטליכע אידישע שויבען פון די פענסטער און ציין פון די מיילער. בשעת, ווען דער צווייטער טייל אדוואָקאַטען האָט געזאָגט: לאָ כי! גע־ווען אנטיסעמיטיזם און עס וועט זיין, און עס מוז זיין, ווייל די אי־דען שווינדלען, ראַבעווען, נאָגען אויס דאָס פּאָלק, ביז עס ווערט פאַרביטערט און שלאָגט — האָט דער „קוריער וואַרשאַווסקי" אָפּ־געדרוקט נאָר די ערשטע רעדען. געגאָסען נאָר דעם זיס־ווייניגען שלאָף־געטראַנק און פון דער רעשט אַ קלוגען שווייג געמאַכט.

ווי איהר זעהט, האָט זיך דער „קוריער וואַרשאַווסקי" אליין אנגענומען ביי די אויערען און אַרויסגעצויגען פון דער בלאָטע... בנוגע צו טיי און פּאַפּיראָסען, האָט שוין געמוזט אַרויסטרעטען דאָס וואַרשעווער ראַבינאַט!

אַלץ רוקט זיך, די רבנים אויך!

אַמאָל איז אַ רב געווען כמעט סאַמע רוחניות... איך זאָג „כמעט", ווייל די רבי'צין האָט פון רח"ש צי פון די הייוועז, דאָך אַמאָל אָפּגעקאָכט אַ וויעטשערע און דעם רב'ס גוף האָט אויך גע־מוזט אביסעל וואַקסען... און גאָר אינגאַנצען אין הימעל אריין האָט גלאָט אַ רב נישט געקאָנט, ווייל באַלד איז געקומען אַ באַהעלפער און אראָפּגעצויגען דעם רב ביי דער פּאָלע, צי דער פּיפּיק איז כשר... אבער אין גאַס אריין איז אַ רב נישט געקומען. ערשטענס, איז אין גאַס אַ בלאָטע, און פּוילישע רבנים האָבען געהאַט אַ מאַ־נאַפּאָל, אחוץ אויף די כשר'ע הייוועז, נאָך אויף באַרוועס־געהען

אויך... און גלאַט, ווי קומט מען עס גאָר אריין, נישט קענענדיג קיין צורת מטבע?...

מיט דער צייט איז אַלץ אנדערש געוואָרען... היינטיגע רבנים זענען וועלט־מענשען... לויפען ארום אין די „סאַנדעס“ אַפּנעמען שבועות און האקען אין רוסישען אריין, ווי אין א קרויט... קאָ־רעספּאָנדירען מיט אויסלענדישע רבנים, צי מען קאָן נישט אַמאָל אסר'ן טייל סערדינקעס ווענען א חשש פון חזיר־שמאלץ, און מתיר זיין אנדערע, וואָס ווילען האָבען א הכשר מיט א השגחה פּרטית... ווענען פּוטער פון גראָז מוז מען שואל בעצה זיין ביי א כעמיקער... און אז עס ווערט א סכסוך ווענען פּסח'דיגען טיי און — א מחלוקת פון א סכסוך, קומט מען מיט די שאלות ותשובות אפילו אין די צייטונגען אריין אויך... שווימט מען ארום אין בלעטער. אין נישט מיט רש"י כתב, וואו און אזוי ווי די רבנים פלעגען שרייבען ווענען ענונות און עבור־יאָהרען, נאָר טאקע אויף דער פיערטער זייט צווי־שען די מודעות און מיט גרויסע, געוואַלט־שרייענדיגע מרובע־אותיות, גלייך מיט „מאַנאַ־וואַנאַ“־פּאַפּיראָסען, שמעקענדיגע שטור־קאַצען, קאַלירטע ראָקעטען, אָדער מודעות ווענען באַנעס און דינס־טען וכדומה...

היינט מוזען זיי זיך נאָך אריינמישען אין באַיקאָטען...

און זיי האָבען זיך אריינגעמישט, און אויך ארויסגעלאָזט א מודעה ווענען מחילה און גוטסקייט, און ליעבשאַפט. און זיי, דאָס בין איך אייך ערב, וועלען קיין חרטה נ י ש ט האָבען...

1900—1903

# די לויה.

אין אזא גרויסער שטאָדט ווי ווארשוי, מוזען זיין גרויסע לייט; און אז גרויסע לייט שטארבען, זענען גרויסע לויות.

אין יענער וואָך זענען דאָנערשטאג און פרייטאָג גרויסע לויות געוועזען!

לער זענען געוועזען די גאסען, די רעסטאָראנען, קאנדיטאָריען, קאפעען; אין די גערטען האָט מען געקאָנט עובר זיין אויפ'ן גאנצען שלחן־ערוך, אונזערען צי זייערען, אהן עדות; פאָר דאָס איז פול געוועזען דאָס בית־עלמין, עס האָט געווימעלט אויפ'ן בית־החיים.

און ווער האָט זיך דאָרט דאָנערשטאג און פרייטאָג נישט געטראָפען?

דער ווירט מיט'ן לאָקאטאָר, דער מלוה מיט'ן לוה, דער ברויט־נעמער מיט'ן ברויט־געבער — אלע האָבען זיך אנגעקוקט און אפגעקרעכצט:

— וואס איז ווערט — האָבען זיי געטראכט — אונזער פריינדשאפט און אונזער האָס, אונזער קאָנקורענץ און אונזער הילף, אונזערע טענות, סכסוכים, קאָנטראקטען און וועקסלען?

פּלוצלונג האָבען זיך אלע אלס מענשען דערפיהלט! נאטירליך נישט אויף לאנג! נישט אויף לאנג „נעמט זיך א לעבעדיגער צום הארץ“! דאָס לעבען איז אייזען און שטאָל, די מאָראל „הויך — ווייך און אנגעבלאָזען!“. אין טויער פון בית הקברות קומט אמאָל אריין א מענש, נאָר ארויס גאָהען שוין צוריק חיות רעות...

גוט איז דאך א ליכטיגע מינוט ביי ווילדע משוגעים! א לויה, א יום־כפור, אפילו א יום־כפור־קטן!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דאַרף איך אייך זאגען, וועמעס די גרויסע לויות זענען גע־

וועזען? „קינד־און־קייט" ווייסט, אז „נתבקש בישיבה של מעלה" איז געוואָרען ר' זיינוועלע, דער עלטסטער ווארשעווער דיין, כמעט ווארשעווער רב, און איז געקומען צו קבר־ישראל דאָנערשטאָג!...

צורודערט זענען געוואָרען די מתים:

— ווער פאַרטרייבט אונז — קלאָגען זיי זיך — דעם זיסען שלאָף אהן חלומות, און הרהורים־רעים, פון די אויסגעגעסענע אויגען־לעכער?

— צי האָט זיך עמיץ פון אויבען באַוויזען און אונטער זיינע טריט ציטערט אַזוי די ערד?

— וואָס טאַנצען, ווי שכור, די מצבות?

— און וואָס טרעט צווישען די קברים, צי געהט מיליטער אויף ערגעץ א מלחמה?

אַזוי פרעגען די מתים, און דער הספד ענטפערט זיי:

— ר' זיינוועלע געהט צו אייך, ר' זיינוועלע!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— מען מוז איהם גוט אויפנעמען — טראַכטען די מתים! א קליינינקייט פיערציג יאָהר „כמעט מרא־דאתרא" אין וואַרשוי!

וויפיעל קדושין האָט ער מסדר געווען!

וויפיעל גט'ן, עכטע כשר'ע גט'ן האָט ער אין קהל־שטוב און ביי זיך אין דער היים אויסגעריכט!

וויפיעל מאָל איז ער אויף כסא־של־אליהו געזעסען! וויפיעל חליצות האָבען פאַר איהם געשפּיגען!

און וויפיעל דין־תורה'ס האָט ער גע'פּסק'ענט, וויפיעל פשרות געמאַכט, און וויפיעל נולדים ונפטרים אויס — און איינגעשריבען!

און ווער וועט איבערצעהלען, וויפיעל הכשרים ער האָט ארויסגעגעבען! פאַר פסח—אויף מיהלען, אויף בעקער־אויוועז, אויף מצה־מעהל, אויף מצה־געוועלבער, אויף פּאַפּירענע מצה־טעצלעך וכדומה און א גאַנץ יאָהר — אויף ווײַנען, פליישען און אפילו אויף פּוטער פון פאַרשידענע קרייטעכצער!

און וויפיעל נשים, און וויפיעל טעפּעל־לעפעל האָט ער גע'אסר'ט און מתיר געווען!

נישט קיין לעבעדיגער, נישט קיין טויטער, וועלען עס באַרע־כענען. צעהל איבער די שטערען אין הימעל!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און דער מספיד קלאָגט:

„די שחיטה האָט ער געהאַלטען ביד רמה!"

„נישט געלאָזט, אז ווער עס איז, פון וואַנען עס איז, זאָל קו־מען מיט א סמיכה אפילו פון מאה־רבנים און אויסציהען א חלף!"

„כל־זמן ער האָט געלעבט, האָט א וואַרשעווער איד געוואוסט, וואָס ער עסט, ווענעם פלייש ער עסט!"

און —

„אידישע קינדער האָט ער מיט מלמדים פאַרזאָרגט... אָסך מלמדים! אסך תורה, ווייניג תורה! אבי נישט קיין ליטווישע עברי — ווער מלמד! און מלמדים האָבען זיך געמעהרט כחול־הים, קינדער האָבען זיך אויסגעלערענט דאַווענען און חומש לערנען און אידען האָבען פרנסה געהאַט!"

„און א מרוצה־לקהל איז ער געוועזען!"

א לב־טוב, אן עין־טוב — פאַר אַלעמען גוט!

פאַר אַלע האָט ער געהאַט א פריינדליכען בליק אין די ליכ־טיגע אויגען, א זיסען שמייכעל אויפ'ן גלאַנצענדיגען פנים, א גוט וואָרט אויף דער גלאַטער צונג און אַן אויסגעצויגענע, ווייכע, וואַ־רעמע האַנט — פאַר אויסגעקיהלטע דייטשען, ברענענדיגע חסידים, אויסגעטריקענטע מתנגדים, — דעריבער זענען אַלע צו דער לויה געקומען, און ווען אַלע טרערען זאָלען אריינשווימען אין קבר, וואָלט דער אָרון, וואָס מען וועט אריינלאָזען, ארומגעשוואומען! —

און די מתים פון עולם־אמת זיפצען: אמת, אמת!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

צווישען איין הספד און דעם צווייטען האָט זיך איבערגע־דרעהט א מת מיט נאָך גאַנצע זייטען צו זיינע חברים און גע־פרעגט:

— אַלערליי קולות הער איך, פאַרוואָס הער איך נישט די קולות פון תנוקות של בית־רבן, פון תלמוד־תורה־קינדער?

און נאָך א פרישער מת, כמעט נאָך נישט אַן אנגעריהרטער, ענטפערט:

— די קונדייסים נעמען צו א לויה?

זיי וואָלטען זיך אפּגעשטעלט אין גאַס און געשפּילט אין „ציי־געל־מיגעל“, זיי וואָלטען זיך גע׳ממית׳ט, מיט שטיינער געוואָרפען און אין מטה אריין, צו דעם הייליגען מת געטראָפען!

און פון בית־הקברות וואָלטען זיי א תל געמאַכט! זיי וואָל־טען אויף די קברים ארומגעטאַנצט, איבער די מצבות „קאַזשיאָל־קעס“ געמאַכט...

און, וואָס דער עיקר איז, עס איז א חרפה און א בושה פאר דער פּאָליציי — אפּגעריסען, אפּגעשליסען, אויסגעהונגערט...

אַזוי האָט געזאָגט דער פּרישער מת!

---

און ווער ווייס, וואָס נאָך פאר א בלבולים דער מת וואָלט אויסגעטראַכט אויף די אָרעמע תלמוד־תורה־קינדער, ווען נישט, וואָס דער צווייטער הספד האָט זיך אָנגעהויבען.

„כשמת אחד מן החבורה, ידאגו כל בני החבורה“ — אויף דעם האָט זיך דער מספּיד געשטעלט.

עס איז א גמרא, א בפירוש׳ע גמרא, און א בפירוש׳ע גמרא איז הפקר; אויף איהר מעגען זיך אַלע שטעלען, איבערדרעהען, איבערניצעווען, אויסטייטשען מיט׳ן קאָפּ אראָפּ און מיט די פיס ארויף, בפרט פאר וואַרשעווער קהל...

און דער הספד־מאַכער טייטשט:

— אַז עמיץ געהט אוועק פון דער חברה, מוז די גאַנצע חברה זיינע געשעפטען פאַרזאָרגען...

— אמת! אמת! — שאָקלען ווייטער די מתים מיט די ביי־נערנע קעפּ: מען מוז זיך צוטיילען מיט די גדולים ונפטרים, מיט די שוחטים, מיט׳ן סנדקאות, מיט אַלערליי הכשרים — —

אמת! אמת!

דאָס אַלץ איז געוועזען דאָנערשטאָג.

---

פרייטאָג האָבען די מתים כמעט גאָרנישט געהערט.

עס איז צו קבורה געקומען א אידישער גביר, א באַריהמטער בעל־צדקה — וואַוועלבערג!

נאָר די הספּדים זענען געזאָגט געוואָרען אויף פּויליש, און א

איד, אז מען לעגט איהם, ווי עס דאַרף צו זיין, אין דער ערד אריין, הערט ער אויף פויליש צו רעדען, און צו פארשטעהן!

האָבען זיך די מתים, נעבעך, פארטראַכט, און אַזוי געטראַכט:

— דער מענש איז אַ גרויסער, נאָר אַן אומגליקליכער מענש געוועזען; ער האָט אסך געזייהט, נאָר וויפיעל וועט אויפגעהן און וויפיעל וועט אוועקטראָגען דער ווינט?!

דער מענש האָט געהאַט גאָלד, נאָר גאָלדענער, ווי גאָלד, איז געווען זיין הארץ און הארטער, ווי שטיין, זיין מזל:

שלום האָט ער געוואָלט, און איז אין דער סאַמע רעכטער מלחמה געשטאָרבען! און איז אוועקגעגאַנגען פון דער וועלט אָהן האָפנונג, אז עס וועט אמאָל זיין אַ שטילשטאַנד, אויב שוין נישט קיין שלום!

און ווייטער קלערען די מתים:

— וויפיעל אידען וואוינען אין וואַוועלבערג׳ס ביליגע הייזער?

— וויפיעל פּראָצענט אידישע קינדער וועלען לערנען אין זיינע שולען?

— וויפיעל אידען, און וויפיעל נישט־אידען, פרעמדע און היימישע, געהען נאָך זיין מטה?

— וויפיעל פון זיינע מיליאָנען וועלען בלייבען אויף דער זייט און וויפיעל וועלען אריבער אויף יענער זייט?

— און ווער — קלערען ווייטער די מתים — וועט זיינע געשעפטען פארזאָרגען?

רבנים וועלען נישט פעהלען; פון אלע זייטען וועלען זיי אָנקומען, מיט גרויסע און קליינע בערד, מיט פּראָטעקציע פון חסידי־אומות־העולם, דורך די שפּאַרעס וועלען זיי זיך אריינרייסען, דורך פענסטער און קוימען קומען — און מען וועט זיי אויפנעמען, מען וועט זיי מוזען אויפנעמען, נאָר אַזוינע וואַוועלבערגס, מיט זייערע גרויסע מעלות, און גרויסע טעותים, אַזוינע וואו נעמט מען?

אַזוינע גאָלדענע הערצער דאַרפען וואַקסען אויף שטיינער, ליידער וואַקסען שטיינער אויף גאָלדענע הערצער!

---

צוויי גרויסע, גרויסע לויות געווען!

און גרויסע לייט פארנעמען אסך אָרט, אי ביים לעבען, אי

ביים טויט! פיער אַרעמע לויות האָט מען דעריבער געמוזט אָפּ־לעגען אויף מוצאי־שבת, נאָך הבדלה! די גרויסע האָבען פאַר־לעגט דעם וועג צום עולם־האמת!

צי איז דערויף קיין עצה נישט פאַראַן?

די וואוינונגען פאַר לעבעדיגע גרויסע האָבען צווייערליי גענג:

אַ פאַראַדנעם, אַ ליכטיגען גאַנג — אין גרויסע הייזער אויס־געלעגט מיט פּערסישע און טערקישע דיוואַנען, רעכטס און לינקס אויסגעשטעלט מיט די פיינסטע געוויקסען; דאָ אַרום קומען פיינע געסט, רייכע געסט; געסט, פאַר וועלכע דער גרויסער האָט וויין און אַלערליי לעקער־ביסען און אמת'ע האַוואַנאַ ציגאַרען —

און אַ טונקעלען גאַנג, אַ גאַנג אַ שוואַרצען דורך דער קיך, פאַר קרובים, גלאַט פאַר אַרעמע לייט, פאַר וועלכע מען האָט אַמאָל אַ האַרטען דרייער, גאַנץ אָפט אַן אָנווייזונג אין הימעל אַריין: דער, וואָס שפּייזט ווערים, וועט דיך אויך שפּייזען, מעגסט עסען ערד; אָדער אַמאָל אַ גוט וואָרט: גייע גלאַט צו אַל־די־שוואַרצע־יאָהר!

פאַרוואָס זאָל דאָס בית־הקברות קיין צוויי גענג נישט האָבען? אַרעמע לייט איילען זיך אַזוי אין זייער רוה אַריין, פאַרוואָס זאָל מען זיי פאַרהאַלטען, איבער שבת לאָזען?

מאַכט צוויי גענג!

איינעם אַן אויסגעפלאַסטערטען, אַ ברייטען פאַר רבנים, ראשי־קהל, בעלי־צדקה און גלאַטע גבירים און פאַר האַלב וואַרשוי (אַלס באַנגלייטער, מיין איך!), מיט אַ גרויסען, גרויסען טויער און דערנאָך מיט גאָלדענעם זאַמד אַן אויסגעשאָטען וועג גלייך צו די אויבען־אָן־שטעדט און פאַמיליען־קברים!

און אַ צווייטען וועג, אַ בלאָטיגען, אַ שמאָלען (אינגאַנצען פאַר אַן אלמנה צי אַן אַלמן, מיט עטליכע יתומים, צוויי־דריי שכנים!), מיט אַ קליינעם טויער, מען קאָן יוצא זיין מיט אַ לאָך אין צוים — פאַר אַרעמע לייט!

און ווילט איהר, די לויות זאָלען זיך נישט אויסמישען אויפ'ן בית הקברות, האָט איהר דאָך אויף יעדען ווינק אַ „קאָרדאָן" פון „העלע קנעפּ" — מאַכט אַ מחיצה! דיזעלבע, וואָס היטען אייך

שמת תורה צו הקפות און יום־כפור, צו כל־נדרי אין דער „דייטשער שול“. וועלען אייך היטען די קברים אויך!

---

און אצינד הערט א מעשה:

מה בין בני לבן חמי? — בשעת ווען דער אידישער גביר וואוועלבערג האָט פאַר אידישער ליטעראַטור כמעט גאַרנישט געזאָרגט, האָט, זכרונו לברכה, ר' זיינוועלע קלעפפיש אסך פאַר איהר געטאָן!

וכך הוה:

אמאָל איז געוועזן א רב אין א שטאָדט, אויב איך בין מיך נישט טועה — אין פלאָצק. איז דער רב א מחבר געווען און דערצו אַן אָרעמאַן, פאַרשטעהט זיך, א דאָפּעלטער — אלס רב און אלס מחבר, און האָט זיינע חדושי־תורה, אויב נישט מוסר־זאַכען, נישט געקאָנט דרוקען...

מילא, כל־זמן א מענש לעבט, לעבט ער מיט האָפנונג; פאַר דער פטירה אָבער האָט זיך דער רב געהייסען אויפשרייבען אויף דער מצבה א צוזאָג, אז ער וועט א מליץ־יושר זיין, דאָס הייסט, אז ער וועט זיך מיהען אין הימעל פאַר די, וואָס וועלען זיך פאַר איהם מיהען דאָ אויף דער ערד און וועלען אָפּדרוקען זיינע חבורים...

און דאָס האָט ר' זיינוועלע געטאָן; ער האָט געלט געזאַמעלט און געדרוקט!

ביי ר' זיינוועלע'ס אלמנה זענען אפילו פון דעם געלט געבליבען 60 רובעל, און זי זוכט צו געפינען נאָך מאַנוסקריפּטען (כתבי־יד, מיין איך, פון פלאָצקער רב'ס מאַנוסקריפּטען) און וויל זיי ברענגען לבית־הדפוס...

* *
*

ר' זיינוועלע, זעהט אויס, האָט שוין זיכער עולם־הבא!

דריי מאָל אין טאָג „אשרי“ האָט ער געזאָגט; פאַר מאכלות־אסורות און שחיטת־חוץ פיערציג יאָהר דורכאַנאַנד — גאַנץ וואָר־

שוי באהים; דוחק־הקץ, צוזאמען מיט די ציוניסטען, איז ער נישט נעווען, און דער פלאצקער רב, זיין מליץ־יושר, איז אויך עפעס ווערט; און דעריבער, אז איך מאך די אויגען צו, זעה איך בחוש, ווי ר' זיינוועלע'ס ווייסע נשמה פליהט אויף תפלין'דיגע כנפי־יונה גלייך אין הימעל אריין, אין גן־עדן אריין, צום כסא־הכבוד צו!

נאר וואס וועט זיין מיט וואוועלבערג'ס נשמה?

זיין צדקה האט אזויפיעל פעהלער געהאט!

און גלאט, ווער ווייסט צי מען קאן זיך קויפען עולם־הבא פאר געלט, און ווען אפילו פאר צדקה־געלט?

.1902

# דער זכות.

אין קראשינסקי'ס גארטען. צוויי יונגע לייט. ביידע רעדען אידיש. נאר איינער ליטוויש — דער צווייטער פויליש־אידיש. דער ערשטער פרעגט, דער צווייטער ענטפערט.

— נו, איהר זייט נאך אלץ נישט קיין ציוניסט?

— ניין.

— אנטי?

— חלילה, פארוואס אנטי? מורא האבען פאר דער „גאזעטא פאלסקא“?

— וואס דען?

— איך ווייס צו וועניג!

— דהיינו?

— אט... איך פלעג אמאל ערנסט דאווענען... און דאס דאווענען איז — ירושלים און ארץ־ישראל! ארץ־ישראל און ארץ־ישראל!

ווייס איך אבער נישט, צי האט מען ירושלים און ארץ־ישראל דעריבער נישט פארגעסען, ווייל מען דאווענט אזויפיעל; צי מען האט נאר דעריבער נישט אויפגעהערט צו דאווענען — ווייל מען קאן אן ירושלים און ארץ ישראל נישט פארגעסען?!

אין חדר פלעג איך לערנען: „ארץ זבת חלב ודבש“ — א לאנד — האט מיר דער מלמד געטייטשט — וואס פליסט מיט האָ־ניג און מיט מילך — האניג און מילך האט א קינד ליעב דאס לע־בען! ווייס איך? אפשר האב איך מיך דעריבער דערפרעהט, אז איך האב געהערט פון חבת ציון?

איך געדענק מיך גאנץ גוט אינגעלוויז... די שפעטערע צייי־טען באמיה איך מיך צו פארגעסען... קיין גרויסע האפנונגען אויף שפעטער האט מען אויך נישט... און, אז עס ווערט נישט גוט אויפ'ן הארץ, אנטלויפט די נשמה צו די קינדער־יאהרען, ווי א טויב אין

טויבענשלאג ארײַן... איך ווייס נישט, אויב אלע טוען אזוי, איך טו עס, און עס העלפט אמאל און פארטרייבט די מרה־שחורה... גע־דענק איך, ווי אלע מײַנע חברים פלעגען מיט שמחה וששון נאכ־לויפען דער פאלקאוואי מוזיק. בכלל דעם מיליטער. אין ווארשוי זעהט מען עס זעלטענער, איז עס מעהר אינטערעסאנט — קינדער לויפען... מען קאן זיך נישט זאט אנקוקען, ווי עס בליצט דורך די „שטיקעס" פון די ביקסען; זאט אנהערען די שטארקע, פעסטע מעשענע קולות, וואס געהען, ווי אײַננעמען א וועלט. איך איינער. געדענק איך, פלעג מיך נישט פרעהען. עס האט זיך מיר געדאכט, אז ווען עמיץ באפאלט מיך, מײַן טאטע־מאמע, מײַנע ברידער און שוועסטער, וועט דאס חיל נישט זעהן, נישט הערען, און ווייטער מארשירען, און ווייטער שפּילען, און ווייטער געהן אײַננעמען די וועלט... און דערבײַ פלעגען מיר זיך באוויײַזען טרערען אין די אויגען... פשוט פאר קנאה: וואו איז מײַן מיליטער, מײַן מוזיק? אז יענער האט...

איך פלעג, מיט פארמאכטע אויגען און א צורודערטער נשמה, אויסהערען מעשיות פון משיח'ס צייטען. דער „רבי" אין חדר פלעגט דערצעהלען, די באבע אין דער היים, צי אין בית־המדרש — על־טערע אײַנגלעך. ווי ליעב האב איך געהאט דעם „מלך המשיח"! מיט אלעם גוטען און טייערען האב איך איהם באקליידט און באַ־האנגען! בײַ א רײַכער מומען (זי איז שוין אויפ'ן עולם־האמת) האב איך אפגעריסען די פערעל פון האלז. ביים גענעראל, וואס האט געוואוינט קעגענאיבער — די ווייסע פעדערען פון איבער'ן קאס־קע... ביים כהן־גדול — דעם חושן ואפוד צוגענומען! איך ווייס? נאקעט און בארוועס וואלט איך א וועלט געלאזט! אבער נישט שטענדיג. טיילמאל האט מיך מעהר גענומען משיח בן יוסף, וואס דארף אומקומען, גע'הרג'עט ווערען... און איך האב אויפגעהוי־בען די אויגען צום הימעל: פארוואס? פאר ווען? און נאך וואס זאל אײַנפאלען די אײַזערנע בריק? און איך פלעג טראכטען: בײַ יציאת מצרים האט ער די מלאכים נישט געלאזט זינגען: מעשי ידי — זאגט ער — טובעים בים... און לעתיד לבא... אזוי אהן רחמנות? וואס זענען זיי ערגער פאר די מצרים?

— קינדער־געדאנקען!

— עהרליכער, ווי מענשען־געדאנקען, און אמת'ער אויך! דאס

זענען די גאלדענע פעדים, פון וועלכע עס שטיקט זיך ערשט אוים א נשמה פון א מענש, א פרישע ריינע נשמה...

נאך גערענק איך: אין דער מערת המכפלה, געקויפט ביי די בני חת, וואס האבען מיט גוטע ריידעלעך אויסגעשווינדעלט ארבע מאות שקל כסף... אין דער מערת המכפלה זיצט אברהם אבינו, אנ־געלעהנט מיט'ן קאפ אויף דער מוטער שרה'ס שוים... די הגדה דערצעהלט אזוי... און איך זעה בחוש, ווי די מוטער שרה, מיט א קעפעל ווי ביי א ציטער־נאדעל, זיצט און פיהרט מיט לאנגע, נאר דינע דורכזיכטיגע פינגער, צווישען אברהם אבינו'ס זילבערנע לאַ־קען... אזוי זיצען זיי און ביידע האבען פארמאכטע אויגען, און עפענען די אויגען וועלען זיי ערשט ביים שופר של משיח, ווען די טערקישע ווארטע וועט פארשטיינערט ווערען פאר שרעק...

און עס פלעגט מיך ציהען צו דער מערת המכפלה... צום זיי־דען, צו דער באבען...

נאר אויך נישט שטענדיג!

טיילמאל פלעגט מיך וואונדערען: פארוואס טראגט עס אברהם אבינו האר אהויץ בארד און פאות?

טיילמאל פלעג איך גאר זיין פון הגר'ס צד, און וועלען דער מו־טער שרה'ן אפטון א שפיצעל! און איך פאנטאזיר הויך צווישען די חברים: איך וועל מיך אויסלערנען טערקיש, אנטלויפען קיין ארץ־ישראל, שטעלען מיך דארט פאר א זעלנער, און אז עס וועט מיר אנקומען צו שטעהן אויף דער וואך פאר דער מערת המכפלה, וועל איך ביינאכט, אז קיינער וועט נישט זעהן, שטילערהייט אוועק־שטעלען דעם ביקס, ארייכנאפען זיך אין דער הייל, אויף די נעגעל צוגעהן און געבען דער מוטער שרה אין נעזעל אריין — — —

נאר ארויסזאגען: „א שנעל", האב איך די העזה נישט גע־האט.

— בעסער א שמעק טאבאק! — האט דאך עמיץ אונטער־געכאפט...

— קונדסים!

— גוטע צייטען געווען!... און וואס נאך האב איך געוואוסט פון ארץ ישראל?

צום כותל מערבי, האב איך געהערט, קומט מען צוזאמען מארבע פנות העולם וויינען, די וואנט איז גליטשיג פון טרערען...

און איך האָב געגלוסט צו דעם כותל מערבי... דאָרט אַ תשעה־באָב! צווישען אַן עולם מאַרבע פנות העולם וואַרפען בערעלעך!

טיילמאָל איז מיר בעסער געפעלען די אילומינאַציע אויף ר' שמעון בן יוחאי'ס קבר! ווייבער וואַרפען פון די אַקסעל אַראָפּ די טייערסטע פאַרשידענפאַרביגע טערקישע שאַלען, טונקען איין אין פעסער שמן־זית און צינדען אָן! — — אחוץ אַזוי הבדלות, ליכט און קאָלירטע פּאַפּירענע לאַמטערען! אַ!

נאָך ביי אונז אויפ'ן הויף — מיר האָבען דאָמאָלט אויף דער פראַנציִשקאַנער גאַס געוואוינט — האָט געוואוינט אויך אַ שוחט, אברהם מאַנים האָט ער געהייסען, אַ שם־דבר איז ער געווען דער אברהם מאַנים. ווען ער פלעגט מיך טרעפען, פלעגט ער מיך קניי־פען אין בעקעל; איך בין אַ שטיקעל עלוי געווען און ער — אַן אַלטער מתמיד! דעם נאָמען אברהם מאַנים, געדענק איך. נאָר פאַר־שטעלען קאָן איך מיר איהם שוין נישט. פאַרמאַך איך די אויגען, זעה איך נישט מעהר, ווי אַ ווייסע לאַנגע, זעהר לאַנגע באָרד; זי איז געווען די לענגסטע אויף דער פראַנציִשקאַנער גאַס, די לענגס־טע אין גרויסען מנין. טיילמאָל זעה איך נאָך אַ רויטען האַלז־און־נאַקען פון הינטען, מיט אַ שטיק באַוואַקסען הארץ פון פאָרענט — ער איינער פלעגט נאָך טראָגען אַן אָפּען העמד מיט נאָכגעלאָזטע בענדלעך... מעהר זעה איך שוין נישט... אָט דער אברהם מאַנים איז מיט דער צייט שוואַך געוואָרען אויף די אויגען, אוועקגעלעגט דעם חלף און געקליבען זיך קיין ארץ ישראל.

אין מנין איז געווען אַ רעש. לומדים האָבען געקלערט, צי מעג מען אויסמיידען משיח'ן, מען האָט אויפגעמישט הונדערטער גמרות און ספרים, אהין און אהער, — מען האָט זיך צושוויצט, צוטאָמ־פערט... נאָר אַזוינע וכוחים פלעגען זיין ווענען אַן על חטא ביום כפור שחל להיות בשבת, און פלעגען אַזוי לאַנג דויערען, ביז אַן אַלטער מנין־איד האָט זיך אויפגעשטעלט און פאַר'ן עולם עדות געזאָגט, ווי אַזוי מען האָט זיך נוהג געווען פאַריאָהרען! און אַזוי איז געבליבען דאָ אויך! דער מנהג איז, אַז ווער עס וויל פאַרשפּאָ־רען גלגול מחילות, פאָהרט קיין ארץ־ישראל...

צווישען אונז אינגלעך איז אויך געווען אַן אַנדער מין וכוח... מען האָט זיך אָנגעשמעקט מיט השכלה... איינער פון מיינע חברים האָט געלאַכט: „וואו מען מעג ווערען יעדנעראָל דאָרט איז ארץ־

ישראל" — יא! איהם פלעגט זיך שטענדיג חלומ'ען א רייט־פערד מיט עפּאָלעטען!

און אין דערהיים ביים וואַרעמעס האָט מען געקלערט: ווי אַזוי וועט אברהם מאַניס, דער אַלטער בטלן, מיט די האַלב בלינדע אויגען, טרעפען קיין ארץ ישראל? די מאַמע פרעגט: ווי אַרום פאָהרט מען קיין ארץ־ישראל... דער טאַטע זאָגט: מן הסתם איבער קאָנסטאַנטינאָפּאָל.. און וואו ליגט קאָנסטאַנטינאָפּאָל? ווייט, ווייט! און מען האָט געשפּונען א מאָדנע געאָגראַפיע איבער טאָל און בערג, נאָר די אַלטע מירל האָט זי איבערגעריסען. די אַלטע מירל איז געווען אונזער דינסט און האָט געזאָגט, אַריינברענגענדיג דאָס ציבעלע פלייש, אַז אויפ'ן הויף זאָגט מען אויף זיכער, אַז „ראַני" די אברהם־מאַניסיכע פאָהרט מיט... „ראַני" וועט טרעפען, זאָגט די מאַמע. אַלע זענען מודה, אַז „ראַני" וועט אויפ'ן פייער נישט פאַרברענט ווערען!

דעם נאָמען „ראַני" געדענק איך דורך אברהם־מאַניס'עס א גלייך־ווערטעל. אַז ער פלעגט פון שחיטה־הויז אהיים קומען שפּעט, פלעגט ער אַנקלאַפּען: קומי רוני בלילה!

און ליעב האָט זיך דאָס אַלטע פאָר־פאָלק געהאַט. נאָך ווי ליעב!

אברהם־מאַניס איז אונזער בעל־תקיעה געוועזן — —

און דאָס אַנטון פלעגען זיי, אפנים, האַלטען אויף איין בענקעל... און איינמאָל, ראש־השנה, איז אברהם מאַניס געקומען צו די תקיעות אין ראַני'ס א העמד במקום א קיטעל! און האָט נאָך געשמייכעלט: „ניש־קשה אזא טעות, ראַני איז א צדקת!" נאָר פאַרשטעלען ראַני'ן קאָן איך מיר אויך נישט; איך געדענק נאָר: א קליינע, א פרעהליכע, א דורכזיכטיג פּאַפּירען נעזעל מיט א קול פון א פויגעלע. נאָר „ראַני איז א לייט, מיט איהר וועט ער זיך שוין דורכשלאָגען!"

קענען וואָס דערצעהל איך עס?

יאָ... ראַני איז צוריקגעקומען פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל...

זי איז קראַנק געוואָרען פאַר בענקעניש, און פלוצים פּחד באַקומען פאַר'ן ים... אברהם מאַניס איז ווייטער געפאָהרען...

ראַני האָט איהם פאַרלאָזט!

אַז זי האָט צוריקוועגס דערזעהן די ווייקסעל, האָט זי געוויינט

פאר פרייד! אין גאס האט זי ממש געטאנצט — דערנאך איז זי געלאפען אויפ'ן בית־עולם ארויס און געפאטשט אין די הענטלעך: מיינע ליעבע קברים, מיינע טייערע קברים!... און עליה השלום, דער באבען מיינע, האט זי מיט גרויס נחת און מיט טרערען אין די אויגען דערצעהלט, אז, געלויבט איז זיין ליעבער נאמען, וואס זי האט זוכה געווען מיט איהרע אייגענע הענד אנצוריהרען די שיף, וואס איז אוועקגעשוואומען גלייך קיין ארץ־ישראל...

זי האט אנגעריהרט די וואנט פון שיף און די האנט געקושט, ווי ביי א מזוזה!

— ווייבערישע זאכען!

— ניין, דו ביסט צו טרוקען, דו פארשטעהסט עס נישט: א ווייבערישע צי א מענישע, נאר א האלבע נשמה דא, א האלבע דארטען...

— מען רעדט דאך אבער נישט פון אלטע אידען און אידע־נעס, וואס אנטלויפען פאר גלגול מחילות... נישט פון שטארבען, פון לעבען רעדט מען!

— איך וויים? דאס איז געווען גירסא דינקותא... חדר־זא־כען... און היינט, וואס וויים איך? וואס גיבען מיר די „בלעטער“? איך לעז, וואס עס לאזט זיך לעזען... איך אליין אויף פאלי־טיק פארשטעה מיך נישט... נאר אזוי, וואס הערט זיך דארט?

איינער זאגט: יק״א און ראטשילד הרג'נען די קאלאניעס מיט זייערע שווערע פליגעל, וואס זיי האבען איבער זיי פארשפרייט... דאס אפוטרופסות איז סם המות! עס וואלט שוין לאנג דארט פתום ורעמסס — טפו! ווי דאס גלות האט זיך איינגעגעסען, איך מיין „איש תחת גפנו“ געווען, און ווי ווייטער שטעהט... קומט א צווייטער און זאגט: ניין, דער חסרון איז, וואס מען וויל איבער נאכט מאכען פון א סוחר א פויער... אומגעלערענט מאכען... אן אגראנאם־שולע דארף מען. עפענט אן אגראנאם־שולע, וועט זיין ששון ושמחה... קומט דערנאך א דריטער, א כתוב השלישי און זאגט: וואס ווילט איהר? פויגעל־מילך? עס געהט על צד היותר טוב! א מחיה! און באותו הרגע, ווי איך לייען עס, קומט אריין אן ארע־מאן... ווער ביסט דו? א געוועזענער קאלאניסט אין ארץ־ישראל...

ער האט דעם „חלב ודבש“, אפנים, נישט פארדייעט!

זיי שווייגען אווילע, און דער ליטוויש־רעדנער זאגט:

— עס האָט זיך געמאכט א נייע חברה צו שטודירען, אויס־צופאָרשען ארץ־ישראל...

— בא! וואָלט געווען אן עסק... קלאָרע דבורים!...

דען נאָך אמאָל דאָסזעלבע: אויף פּאָליטיק פארשטעה איך מיך נישט... אדיע!

— אדיע!

.1902

# עטרת יתומים אין וואַרשוי.

## פּ ע ר ז אָ נ ע ן :

א ב ע ל ־ ב ת י ש ע ר מ ע נ ש — האַלב דייטש געקליידט. די אויגען דערמאָנען אָן קעלבערנס, דאָס בייכעל — אָן קאַרלסבאַד. זיצט ביי זויער־מילך מיט שווארץ ברויט. קוקט אויף ביידע, ווי אַ קינד אויף א רפואה און פאַרקרימט זיך ביי יעדען ביסען.

א ח ב ר ה ־ מ א ן — איינער פון די געפעהרליכע מענשען, וואָס צאַפּען געלט פון דער וואַנט — פאר יתומים, אלמנות, תלמוד־תורה׳ס, נשרפים, אַפּגעפּאַלענע משפחות וכדומה.

סצענע: ביי דער מליעטשאַרניע אין קראסינקים גאָרטען.

דער בעל־בתישער מענש — דערזעהענדיג, אז דער חברה־מאַן קומט צו, פאַרקרימט זיך, פּרואווט אויסדרעהען דאָס בענקעל.

דער חברה־מאַן האָט איהם אָבער שוין דערזעהן.

ב ע ל ־ ה ב י ת (צו זיך). וואו מען זייהט נישט!...

ח ב ר ה ־ מ א ן (צו זיך). ר׳דא, דער פויגעל. (הויך.) מאיען!

ב ע ל ־ ה ב י ת (זויער). מאיען! (רוקט אָפּ דאָס נישט דערעסענע, וויל קלינגען און באַצאָהלען).

ח ב ר ה ־ מ א ן (נעמט איהם איוליג דעם לעפעל פון האַנט ארויס, קלינגט, צום בעל־הבית). איך וויל אייך ווייזען א שעהנע זאך. איילט נישט! (צום אריינקומענדיגען מילך־מיידעל.) זויער־מילך און ברויט!

ב ע ל ־ ה ב י ת (צו זיך). אריינגעפאַלען!

חברה־מאַן. זעהט! (דערלאַנגט איהם אַ פעקעל פאָטאָ־גראַפיען).

בעל־הבית. פאָסט־קאַרטען־בילדער? הכנסה אויפ'ן נאַציאָנאַל־פאָנד? שוין געקויפט — עטליכע זעכציג שטיק... וואָס זאָג איך, עטליכע זעכציג — איבער הונדערט! אחוץ אַזוי מאַרקען!

חברה־מאַן (מיט אַ נישט־גלויביגען שמייכעל). זעהר פיין פון אייער זייט! (ערנסט.) דאָך קוקט, עס איז גאָר עפּעס אַנדערש. פאַר קוקען צאָהלט מען נישט!

בעל־הבית (נעמט אומגערן, באַקוקט, פאַראינטערעסירט זיך). דאָס פאָטאָגראַפירט די פּאָליציי?

חברה־מאַן. פאַרוואָס גראָד די פּאָליציי?

בעל־הבית. וואָס איז, איך קען נישט דעם עולם? פון פּאָטשיעיאָוו, פון די האַלען, וואו נאָר מען שטופּט זיך! אָט דעם בחור (ער ווייזט אויף אַ פאָטאָגראַפיע.) קען איך! אַ שעהנער פוינעל! מיר אליין ארויסגעשלעפּט אַ נאָז־טיכעל! אפילו געכאַפּט ביי דער האַנט, נאָר פונקט ביי דער לינקער, און מיט דער רעכטער האָט ער דערוויילע איבערגעגעבען דאָס טיכעל אַ צווייטען... אַן אויסלענדיש טיכעל געווען! פאַרפאַלען! געוואָרען פלוצים אַ גע־פייפעריי — האַ, האַ! גאָט געדאַנקט, כ'בין אַנטלאָפען — אַלע, זעה איך, אַזוינע בחורים (זיפצט.) — אַ חלול־השם, אַ חלול־השם!

חברה־מאַן. אודאי!

בעל־הבית. עפּעס האָט מען מיר געזאָגט, אַז עס איז פאַראַן אין וואַרשוי אַ הויקער, וואָס קלייבט צוזאַמען אַלע יתומים. רחמנא לצלן, און נעמט זיי אויף דער לערען... אַ פּאָר טעג לערענט ער די מלאכה, און דערנאָך מוז יעדערער יעדען טאָג עפּעס אַהיים ברענגען — אַניט, קריגט ער געשלאָגען! אויף די סטאַוועס, זאָגט מען, וואוינט ער... ווער עס ברענגט אָבער די פיינסטע גנבה, קריגט לעקער און בראַנפען! פאַר גאָלדוואַרג צאָהלט ער צו עטליכע גראָשען! (וואַרפט צוריק די פאָטאָגראַפיען.) אַלע אַזוינע פּנים'ער... דאָס וועט אַמאָל אונטערצינדען, מיט מעסער שטעכען, כ'וויים וואָס... פון רבי'נס אוניווערזיטעט!

חברה־מאַן. נאָר מוז איך אייך זאָגען, אַז „רבי" באַקומט אַ גרויסע קאָנקורענץ!

ב ע ל ־ ה ב י ת. מיין כפרה!

ח ב ר ה ־ מ א ן. עס איז נ י ש ט אייער כפרה! (דער־לאַנגט איהם אַ צווייט פּעקעל פּאַטאָגראַפּיען.)

ב ע ל ־ ה ב י ת. שוין דערוואקסענע גנבים און גזלנים?

ח ב ר ה ־ מ א ן. זעהט!

ב ע ל ־ ה ב י ת (באַקוקט). אויך אינגלעך — דאַכט זיך. די איינענע גאַר, יאַ?

ח ב ר ה ־ מ א ן. יאַ.

ב ע ל ־ ה ב י ת. נאָר עפּעס אנדערש געקליידט?

ח ב ר ה ־ מ א ן. כמעט אַרענטליך. טייל זאַכען אפילו אַלטע, נאָר איבערגעמאַכט!

ב ע ל ־ ה ב י ת. עפּעס זעהען זיי זאַטער אויס...

ח ב ר ה ־ מ א ן. זיי קריגען צו עסען און צו טרינקען!

ב ע ל ־ ה ב י ת. און אויף וואָס ש ט ו ד י ר ע ן זיי?

ח ב ר ה ־ מ א ן. אויף בעלי־מלאכות!

ב ע ל ־ ה ב י ת. איהר מאַכט חוזק?

ח ב ר ה ־ מ א ן. חס־ושלום! דעם „רבי'נס“ קאָנקורענט איז אַ חברה.

ח ב ר ה ־ מ א ן. יאַ — „עזרת יתומים“ הייסט זי.

ב ע ל ־ ה ב י ת. אַ! עפּעס געהערט!

ח ב ר ה ־ מ א ן. איך קאָן אייך געבען עטליכע ראַטען! די חברה האָט ביז היינט אַפּגעגעבען קינדער (נעמט אַרויס אַ צעטעל און לעזט.) איין און צוואַנציג צו קאַמאַשען־מאַכער, ניין צו שוס־טער, נײַנצעהן צו שניידער, עלף צו שאַכטעל־מאַכער, דריי און צוואַנציג צו טישלער, אכט צו איינבינדער, פינף צו גאָלדשמידען, ניין צו היטעלמאַכער, פינף צו האַנט־שוהמאַכער, צוויי צו מעכאַני־קער, ניין און צוואַנציג האָט די חברה אַריינגעגעבען אין פאַבריקען!

ב ע ל ־ ה ב י ת (אביסעל אומגעדולדיג). ובסך הכל?

ח ב ר ה ־ מ א ן (געלאַסען). לייכט צו באַרעכענען: הונ־דערט איין און פיערציג אינגלעך! דערווייל!...

ב ע ל ־ ה ב י ת (וויל אומצופרידען זיין): אַלץ אינגלעך און אינגלעך! ווייל ס'איז דאַ אַזויפיעל תלמוד־תורה'ס, שולען פאַר

בעל־מלאכות... נאר א חברה! מ י י ד ל ע ד יתומות, וואס זאלען טון?

ח ב ר ה ־ מ א ן. מען פארזארגט מיידלעך אויך. נאר ווייניג, עס פעהלט געלט!

ב ע ל ־ ה ב י ת. אזוי... (וויל קלינגען.)

ח ב ר ה ־ מ א ן (נעמט איהם ווייטער דעם לעפעל פון האנט ארויס). וואס איילט איהר? מען וועט מיר ברענגען, וועט איהר צאהלען...

ב ע ל ־ ה ב י ת (פארלעגען). איך אייל מיך!

ח ב ר ה ־ מ א ן. יא, ביי וואס האלט איך? אהא! פאר א צייט איז צו אונז געקומען א יונגע דאמע —

ב ע ל ־ ה ב י ת (פארטראכט). א יונגע דאמע — —

ח ב ר ה ־ מ א ן. א יונגע דאמע, פיין געקליידט, גאר פיין... פערפומירט, אז עס האט אין אלע שטובען געשמעקט...

ב ע ל ־ ה ב י ת. און וואס האט געוואלט די דאמע, א גרויסע נדבה געבען?

ח ב ר ה ־ מ א ן. פארקערט. זי האט מיטגעפיהרט א מיי־דעלע פון א יאהר צוועלף, „אדער — זאגט זי — נעמט זי דא ביי מיר צו, אניט וועט זי זיין ווי איך...“

ב ע ל ־ ה ב י ת. אהא! פון יענע לייט! א נאכט־פויגעל?

ח ב ר ה ־ מ א ן. א נאכט־פויגעל —

ב ע ל ־ ה ב י ת. און איהר האט צוגענומען דאס מיידעל?

ח ב ר ה ־ מ א ן. מען האט געמוזט, נאר עס פעהלט געלט! אינגאנצען טויזענט צוויי הונדערט און פופציג מיטגלידער —

ב ע ל ־ ה ב י ת. וואס צאהלען?

ח ב ר ה ־ מ א ן. פון דריי ביז צוועלף רובעל א יאהר! זעלטען איינער פיער און צוואנציג, גאר זעלטען זעקס און צוואנציג...

ב ע ל ־ ה ב י ת. שעהן געלט!

ח ב ר ה ־ מ א ן. אויף ציגארען גיט מען אוים מעהר!

ב ע ל ־ ה ב י ת. איך נישט, איך רויכער נישט...

ח ב ר ה ־ מ א ן. איז אודאי גוט...

ב ע ל ־ ה ב י ת. וואס איז די גוטסקייט? מוז מען פאה־רען קיין קיסינגען!

ח ב ר ה ־ מ א ן. אז מען קאן, פארוואס נישט!

בעל־הבית. מען מוז — א מענש איז געפעהרליך!

חברה־מאן (מיט א שמייכעל). מען זאגט, אז צדקה איז אויך א רפואה — פארשרייבט אייך!

בעל־הבית. לייכט צו זאגען — אזויפיעל ארעמע קרובים אויפ'ן קאפ.

חברה־מאן. גוט מען האט א קאפ! און א קעשענע דערצו. פארשרייבט אייך.

(דאס מילך־מיידעל ברענגט דעם חברה־מאן עסען).

(דער בעל־הבית פארהאלט זי און צאהלט. שטעלט זיך אויף).

בעל־הבית. אדיע! (ציהט אויס די האנט.)

חברה־מאן (ציהט זיינע צוריק). מען האט דאך גע־רעדט פון פארשרייבען?

בעל־הבית. מהיכא־תיתי... מהיכא־תיתי... נאר אצינד אייל איך מיך! איהר האט דאך אודאי א לאקאל, א קאנצעלאריע, כ'וועל קומען, אודאי קומען... אדיע! (רוקט זיך אפ אהן די האנט געבען.)

חברה־מאן. איהר ווייסט דאך נישט די אדרעסע.

בעל־הבית (פון ווייטען). געוואר ווערען, געוואר ווערען!

חברה־מאן (שרייט איהם נאך). קארמעליצקא זיבען און צוואנציג! קארמעליצקא זיבען און צוואנציג! (צו זיך.) דער כלב! (נעמט זיך צו עסען נאכ'ן דריטען לעפעל.) והוה דן את כל אדם לכף זכות — אפשר א קבצן!

.1902

# געגען האַקאַטאַ.

די סצענע שטעלט פאָר אַ באַנק אין זאַקסישען גאָרטען, וועלכע איהר ווילט.

ז י — מיט אַ פּנים פון אַ חצי־זכר'טע, זיצט אַביסעל פאַרטראַכט און אפשר ניִשט.

ע ר — אַ שפּיציגער יונגער מאַן; אַ שפּיציגער הוט, אַ שפּיציגע נאָז, צוויי פליהענדיגע קראוואט־שפּיצען, צוויי איבערגעבויגענע קאמאשען־שפּיצען וכדומה. מן־הסתם האָט ער שפּיציגע אויגען אויך. נאָר דער פון פאָרענט פאַרשפּיצטער ראַנד פון שפּיציגען הוט פאַרשטעלט זיי. ער געהט איבער דער אַליי, דערזעהט זי, פאַרקרומט זיך, וויל זיך מאַכען כלא־ידעה און פאַרבייגעהען — עס איז אָבער שוין צו שפּעט.

ז י (האָט איהם שוין באַמערקט, רופט איהם צו מיט אַ שמייכעל, וואָס וויל און דאַרף זיין זיס, און קומט אַרויס זויערליך). א... הער! (זי רופט איהם ביים נאָמען; עס קומט אָבער אָנגעבלאָזען אַ ווינטעל, רייסט איהר דעם נאָמען פון די דינע ליפּען אַראָפּ און שליידערט איהם אַרויף אויף אַ בוים — עס ווערט אַ שטיקעל געדודער צווישען די פייגעלעך — נאָר דאָס געהערט שוין ניִשט צו דער סצענע.)

ע ר (מיט אַ פיערטעל געניעץ). א... מאַדמואַזעל... (ער רופט זי אויך אָן ביים נאָמען; עס בלאָזט ווייטער אָן אַ ווינטעל, כאַפּט דעם נאָמען און פאַרוואַרפט איהם צווישען די בלומען... די לעזער, כאָטש זיי שפּילען ניִשט מיט, מעגען, פאַרלירענדיג ביידע נעמען, גאַנץ דרייסט — אָפּזיפצען.)

ז י. זעצט אייך...

ע ר. דאַנקע, (זעצט זיך.) אַ שעהן וועטער...

ז י (באַליידיגט, אַז מען הויבט אָן מיט איהר שמועסען פון וועטער). דומהייטען; האָט איהר שוין געלעזען...?

ע ר. וואס?

ז י. נו — דאס נייעסטע נייעס... גאנץ ווארשוי רוישט...

ע ר. געבו־רען געווארען אן אינדיק מיט צוויי, דריי קעפּ און אפשר גאר אהן א קאפּ? אפשר האט זיך באוויזען א דבוק אין פּראגא?

ז י. פון לי—טע—רא—טור רעד איך...

ע ר. פון א ליטעראַרישען אינדיק?

ז י. אַה, ווא! פון דר. רונדשטיינס...

ע ר. זי מיינען דעם דר. רונדשטיין, דעם געוועזענעם שטילען גרויס־רעדאקטאר פון קליין־שרייעדיגען ציוניסטיש־גאליציש־ווארשעווער „ווסכוד", וועלכער האט זיך איי־בערגעוויקעלט צום ריין ווארשעווער „איזראעליט", און אין אינוועגס געשטעלט זיך פאר אן אויסלענדיש־וואסער־טרעגער אין „פשעגלאנד־טיגאדניאווי"?...

ז י. געשריבען האט ער עס אין איזראעליט....

ע ר. און וואס האט ער געשריבען?

ז י. א באריהמט ארטיקעל! כמעט די גאנצע פּוילישע פּרעסע האט עס איבערגעדרוקט!...

ע ר. דאס מוז שוין זיין א מאכל! דאס וועט שוין קיין „קויקעל" נישט זיין. ניין! אונזער דר. האט שוין געמאכט א קאצען־שפּרונג... דאכט זיך — אזא „נעבעך", און אז מען דארף, שפּרינגט ער, — אויף וועמען איז ער ארויפגעשפּרונגען?

ז י. אַה, דער טאן אייערער! דער אייביגער גאלגען־הומאר...

ע ר. וועגען וואס שרייבט ער?

ז י. וועגען פּויזנער אידען...

ע ר. וואס וויל ער פון זיי? שטילע מענשען... מען שטופּט זיי, מאכען זיי שטילערהייט פּליטה קיין בערלין... די קהלות פאלען אפּ... נאר שטיל!

ז י. נישט וועגען דעם רעדט ער... פארקערט, ער ערלויבט זיי אפילו צו בלייבען אין פּויזען, און צו זיין, ווי זיי זיינען, דייי־טשען, עכטע דייטשען!

ע ר. ער, דער ציוני־סט — ערלויבט. אידען זאלען זיין דייי־טשען?

ז י. ער איז דען נאך ציוניסט?...

ע ר. קאָן זיין נישט — נאָך א ק ו י ק ע ל, צי א קאַצענ־שפרונג — א יונגער מאַן, פּאַרוואָס נישט?!... הכלל — זיי מעגען, זאָגט ער, זיין דייטשען...

ז י. נאָר קיין האַקאַטיסטען נישט!...

ע ר. נו, דומהייטען! וואַסער־געדראַשען! דער שוואַכער ט א ר ק י י נ מ א ל נישט האַלטען מיט'ן שטאַרקען געגען שוואַכען!... קינדער אין די וויגען, ווייסען עס!

ז י. ער זאָגט: זיי ז ע נ ע ן!

ע ר. האָט ער פאַקטען?

ז י. אויסטראַכטען וועט ער נישט...

ע ר. קאָן זיין, מוחל! אין א גרויסער פאַמיליע טרעפען זיך אידיאָטען אויך! נאָר צי האָט ער באַרעכענט, וואָס עס איז פאַראַן מעהר: פּוילישע אַריסטאָקראַטען־פּריצים, וואָס פאַרקויפען זייערע גיטער דער האַקאַטאַ, דייטשען צו באַזעצען, אָדער — אידישע האַקאַטיסטען?

ז י (אָפּגעפּאַלען ביי זיך). ניין... קיין פאַקטען, בפרט קיין ציפערען איז אין אַרטיקעל נישט דאָ!

ע ר. וואָס דען איז דאָ?

ז י. עס איז דאָ געגנוג! (מיט שטוינענדיגער ווארעמקייט.) א טאָן, א סטיל, א באַגייסטערונג...

ע ר (אין איהר טאָן). הייס־פּוילישער פּאַטריאָטיזם פאַר אנדערט־האַלבען קאָפּיקעס די שורה?

ז י (פאַרוואונדערט). מעהר נעמט ער נישט? (דערמאָנט זיך.) אַך — שלעכטער מענש! אַלץ אויסגעלאַכט, אַרונטערגע־ריסען...

ע ר. פאַרקערט — איך האַלט דעם אַרטיקעל פאַר זעהר נ י צ ל י ך...

ז י (מיט אַביסעל נצחון, דאָך אומרוהיג). אַ—האַ!

ע ר. נאַטירליך — נאָך אַזאַ אַרטיקעל איז לייכט צו ווערען פּראָפעסאָר אין לעמבערג, אין קראָקוי... ווילענדיג צי נ י ש ט ו ו י ל ע נ ד י ג, געהט א מענש אין גלייכען וועג צו דעם, וואָס ג ו ט איז...

ז י. פוי...

ע ר. שלעכט אַדרעסירט, מאַדמואַזעל... שיקט ווייטער!

ז י (טראכט א ווײלע: י א באלײדיגען זיך, נ י ש ט באַ־לײדיגען... ווארפט אויף איהם א בליק פון דער זײט; פלוצלונג לעב־האפט). אבער די צ ו ו י י ט ע העלפט!...

ע ר. דער ארטיקעל האט נאך א צווײטע העלפט?!

ז י. געוויס, און א זעהר ראדיקאלע, אבער גאר שטארק ראַ־דיקאל! ארויסגעטרעטען געגען קאפיטאליזם...

ע ר. מיט'ן פינגער אין שטיוועל — געשאקעלט?

ז י (אומגעדולדיג). געגען בורזשואזיע. (היציג.) ער זאגט, אז כל־זמן אידען וועלען דינען צום גאלדענעם קאלב, כל־זמן אידען וועלען זיך וואלגערען אין בעל־בתי'שען רינשטאק...

ע ר. וועלען זיי זײן אסימילאטארען...

ז י. אה, ווא! האקאטיסטען וועלען זיי זײן!

ע ר. קאפיטאליזם — האקאטא — סײדען צוזאמענגעבונ־דען מיט א ציצה!

ז י. אה, נאר חוזק געמאכט... די צווײטע העלפט איז זעהר שטארק! און ריהרענד אויך! ער פאררופט זיך אפילו אויף אידישע געבעטען...

ע ר. אויפ'ן סדור'ל זיך געשטעלט?! א! נאך א ש ט א ר־ק ע ר קויקעל!...

ז י. אידען, זאגט ער, בעטען אויף שלום; אויף שלום צוויי־שען מענשען און פעלקער... זיי בעטען, עס זאל אויפהערען קריג, פארשווינדען קנאה־שנאה... זיי — ט א ר ע ן נישט זײן קיין האקאטיסטען...

ע ר. ריכטיג, מאדמואזעל... קיין האקאטיסטען טארען זיי זיכער נישט זײן... נאר וועגען ארטיקעל אלײן, זעהט איהר, האב איך א טעות געהאט; עס איז גאר אינגאנצען א ו מ נ ו צ ל י ך! א ברכה לבטלה: אומזיסט, הייסט עס זיך אין טאטען אריין גע־שאלטען!

ז י: וואס ווייטער?

ע ר. זעהען זי — די פויזנער אידען, וואס זענען, און מעגען, לויט דר. רונדשטײן'ס ארטיקעל, זײן דײטשען, זאגאר עכטע דייט־טשען, לעזען דעם פוילישען „איזראעליט" נ י ש ט... פאר זיי איז עס פארלוירענע שטראף־רייד... און קיין פראפעסאר אין לעמבערג צי אין קראקוי וועט דר. רונדשטײן וועגען דער צווייטער העלפט

ארטיקעל נ י ש ט ווערען... דער פאטריאטיזם פון דער ערש־טער העלפט, זעהט איהר, איז ג ו ט, זעהר ג ו ט ! דאָס האָט מען ליעב... ביי אַ ארעמען פאָלק, ווי מיר אָדער די פאליאַקען זענען, איז פאטריאטיזם א גאנגבארע מטבע... אפילו געמאכטער — אלץ בעסער ווי גארנישט. אבער די צווייטע העלפט — אנטי־קאפיטאַ־ליזם, נייע אידעען מאכען אלץ צו שאנדען ! דאָס איז שוין סם... א טרפות פאר גאַליציען — ניין, ער וועט קיין פּראָפעסאָר נ י ש ט זיין... אויסער...

ז י (האַלב פאַראינטערעסירט, האַלב באַליידיגט). א ו י ס ע ר וו א ס ?

ע ר. אויסער, אז ער וועט די צווייטע העלפט אָפּרופען... א יונגער מאן — וועט ער מאַכען נ אָ ך א קויקעל... נ אָ ך א קאצענ־שפרונג... וועט ער א פ ש ר בלייבען אויף די פיס !...

ז י (במעט מיט אָפּשיי). זי, שלעכטער מענש... נאָר מיט גאַל, נאָר מיט גאַל געשפּיגען !

ע ר (מיט אַ האַלבען געגעץ). בא ! א גאַל האָט מען, שפּייען גאַנץ אָפּט—מוז מען ! אדיע !

ז י (קאַלט). אַדיע... (בלייבט זיצען).

ע ר (געהט ווייטער. געהענדיג, פייפט ער אַ גריכיש ליעדעל).

פענעלאָפּאַ, די עגונה,
ארבייט האָט זי פולע הענט...
שפּינען, שפּינט זי גאַנצע טעג —
און ביינאַכט ווערט אויפגעטרענט...
פענעלאָפּאַ, די עגונה...

(עס יאָגט אָן אַ ווינטעל, צוזאָגט דאָס פייפען איבער'ן גאַנצען זאַקסישען גאַרטען)

1902.

# פּאָלעמיק.

(דר. רונדשטיין אַלס ציוניסטען־קריטיקער)

1.

דער רעדאקטאר פון ווארשעווער „איזראעליט“ האָט איבער־נעהאקט זיין גאַנג אַרטיקלען איבער׳ן ציוניזם, וועגען דער מינסקער פאַרזאמלונג און האָט אַרויפגעלאָזט אויף דער בימה דעם דר. רונד־שטיין, דעם באַריהמטען ערפינדער פון אידישער „האקאטע“ אין פויזען, און נעגעבען איהם דאָס וואָרט, ער זאָל באַטראַכטען די אידישע פאָלקס־באַוועגונג פון סאָציאַל־עקאָנאָמישען שטאַנד־פונקט!

און דר. רונדשטיין, וואָס האָט נעשטעלט איין פוס אויף די פויזענער אידענס קעפּ, שטעלט אַצינד דעם צווייטען אויפ׳ן ציוניזם און בלייבט אַליין הענגען אין דער לופט, מלחמה צו האַלטען, ווי ער זאָגט, מיט די מליצה׳דיגע לופט־שלעסער פון איצטיגען ציוניזם!

לויט דר. רונדשטיינס מיינונג, מוז יעדע פּאַרטיי נעגרינדעט ווערען אויף אַן עקאָנאָמישען פּראָגראַם. אַלץ מוז געבויט ווערען אויף א ווירטשאַפטליכען יסוד, און דאָס, צו זיין באַדויערען, טוט דער ציוניזם נישט.

די עקאָנאָמישע פראגען ווערען אַוועקגעלעגט אַן א זייט, פון נעגענוואָרטיס־פּראָגראַם ווערט גאָרנישט, אָדער וועניג גע־רעדט און שלעכט גערעדט. דער לאָנדאָנער קאָנגרעס האָט אפילו אויפגעשטעלט „א מין פּראָגראַם פאַר די געגענוואַרט“, נאָר „דעם ווירטשאַפטליכען פּראָגראַם האָבען געמאַכט אינזשעניערען אָדער דאָקטוירים“. מען האָט זיך אפילו נישט קלאָר געמאַכט די

תנאים, ביי וועלכע דאָס אויספיהרען פון דעם כלומר'שטווירטשאַפטליכען פּראָגראם וואָלט מעגליך געווען.

מען האָט גערעדט פון חברות פאר לעבענסמיטעל און אויס־ארבייטען און דר. רונדשטיין אנטדעקט צו פינפצעהנטען מאָל אמעריקא, אז ווען דער ציוניזם זאָל אויף דעם אופן ארגאניזירען די אידישע ארבייטס־קראפט, וואָלט ער באלד פארלוירען אלע קליין־הענדלער און קרעמער, ביי וועלכע ער וואָלט צוגענומען די פרנסה... און מיינט, דאָס דערמיט שלאָגט ער נישט זיך און זיין פארלאַנגען, אז דער ציוניזם זאָל בויען אויף עקאָנאָמיע.

אין דער אסיפה אין מינסק איז יאָ געוועזען אן עקאָנאָמישער רעפעראט פון אן עקאָנאָמישען ספּעציאַליסט דר. גורעוויץ. נאָר דער פאקט שטעלט דעם דר. רונדשטיין נישט צופרידען. ערש־טענס, האָט די פארזאמלונג אויסגעהערט דעם רעפעראַט גאַנץ קאַלטבלוטיג, כמעט פארשלאָפען, בשעת „די קולטור־פראגע האָט ארויסגערופען מינוטען, מיט וועלכע דער ווינער פארלאַמענט וואָלט זיך נישט געשעמט". (?)

צווייטענס, רעכענט דר. רונדשטיין דעם רעפעראַט אליין פאר גאר נישט, אדער כמעט גארנישט.

דעם דר. גורעוויטש'עס מיינונג, אז „ביי אידען שניידען זיך די קלאַסען שארף נישט אָפּ, ווייל מען פאלט גליך ארונטער צום לומפּען־פּראָלעטאריאַט" איז נישט אמת. (און אז דר. רונדשטיין זאָגט, איז גענוג!) די פראגע: „מען דארף מאַטעריאליזירען דעם אידישען גייסט" איז נאָך קיין ווירטשאַפטליכעס פּראָגראם נישט, און „די פּראַקטישע פארשלאָגען, וואָס דר. גורעוויטש האָט געמאַכט, זענען חלומות", נישט צום אויספיהרען. די ארטעלען און שותפות־חברות זענען נאָך נישט דאָס לעצטע וואָרט פון דער וויסענשאַפט. קורץ און שארף!

פון וואַנען נעמט זיך עס? עס קומט, — מיינט דר. רונד־שטיין, — דערפון, וואָס „די ציוניסטישע ארכיטעקטען זארגען מעהר פאר די דאַך־שפּיצען, וואָס דינען מעהר צו אַן אילומינאַ־ציע פון מליצות, איידער פאר די פונדאַמענטען פון דעם גאַנצען געבוי".

און אזוי בויען טאָר מען נישט. „א געבוי אָהן פונדאַמענטען, צופאַלט זיך, ווי א קאַרטען־שטיבעל ביים ערשטען בלאָז".

און דער פונדאמענט מוז זיין א ווירטשאפטליכעם געגענ־ווארטס־פראגראם. ווייל „א סאציאלע פארטיי („סאציאלע“ איז שטילערהייט אריינגע'גנב'עט) וואס וויל אויספיהרען איהרע אי־רעאלען אין דער צוקונפט, מוז לעגען איהר זאמען אין דעם נייר־לאנד (?) פון דער געגענוואַרט“. „לופט־שלעסער און חלומות זע־נען שלעכטע פונדאמענטען פאר א געבוי, וואס זאל ארויפשיסען צום הימעל מיט מיסטישע (?) בלומען־בעכער!“

די משלים פון בויען און זייהען מישען זיך אפילו צופיעל אויס. כמעט אין יעדען זאץ ווערט געבויט און געזייהט, נאר נישט וועגען סטיליסטישע פעהלער געהט עס.

---

דר. רונדשטיין האט אריינגערוקט נאר א קליין ווארט „סאַ־ציאלע“ — א קליין שטיינדעלע, וואס דער לעזער קאן לייכט נישט באמערקען און שטרויכלען דעריבער, און פאלען דעם הויך־פילא־זאפישען קריטיקער אין שוים אריין...

דער ציוניזם וויל און מוז זיין א אידיש פאליטישע פאלקס־באוועגונג. דר. רונדשטיין מאכט פון איהם כלאחר יד א סאציאלע באוועגונג, וואס מוז ווירקליך געבויט ווערען אויף א געוויסען ווירטשאפטליכען פראגראם און מוז ווירקליך „אנגעהויבען ווערען אונטען, ביים פונדאמענט“.

„די נידעריגסטע פאכען פון לעבען מוז מען באלייכטען; די קרעפטען, וואס ארבייטען און שאפען, אנטפלעקען; קלאר ווערען וועגען געוועב פון אורזאכען (סבות), ווארים „די ווירקליכקייט לאכט פון חלומות און פאנטאזיעס און זי ווארפט ארוים די הארפע פון פאעטס האנט“.

די ציוניסטען אבער טוען עס נישט, זיי האבען קיין פעסטעם ווירטשאפטליכעם פראגראם נישט.

„זיי פארבלענדען נאר מיט אן אילומינאציע פון מליצות און באטויבען מיט הויך־קלינגענדיגע, נאר הוילע ווערטער, ווי: ארץ ישראל, קאלאניאל־באנק, קולטור... אדער באשעפטיגען זיך מיט „האלב־מיטעל“, מיט ווארעם וואסער פאר בלוטיגע וואונדען, מיט פלאסטער פאר הילצערנע פיס“...

אַזוי רעדט דר. רונדשטיין פון „יעצטיגען“, פון היינטיגען ציוניזם פון בעל־בתי׳שען מאָמענט. „ווען די באַוועגונג וויל ווייס זיין, ווי שניי, און אומשולדיג, ווי אַ טויב“, און קאַן קיין פרייעס, ערענסטעס וואָרט נישט ליידען!

און געמיינט האָט ער, אַז „אידען“, דאָס באַריהמטע מח־פאָלק, וועט אַנהויבען די אומאַנדערשונג פון זיין לעבען מיט דער גרויער, וואָכענדיגער, נאָר פונדאַמענטאַלער אַרבייט“ און וועט זיך „צו אַלעם ערשטען נעמען איבערצואַנדערשען די עקאָנאָמישע לאַגע“.

און, לויט דר. רונדשטיין, וואָלט עס זעהר לייכט געווען צו טון.

מען האָט נאָר געדאַרפט — זאָגט ער — אַננעמען איינעם (וועלכען עס איז?) פון די הערשענדע עקאָנאָמישע פּראָגראַמען אָדער באַשאַפען פאַר זיך אַ נייעם!

פון אַ קליין, שטילערהייט אריינגע׳גנב׳עט ווערטעל „סאָציאַלע“ באַוועגונג, איז אַרויס אַ גאַנצער שפּאָגעל נייער חוב! דער ציוניזם איז מחויב צו באַשטעטיגען, וואָס עס איז פאַר אַ ווירטשאַפטליכעס פּראָגראַם, אָדער צו שאַפען אַ נייעם! אַלע ציוניסטען, מזרחי, פּראָקציאָניסטען, חירות (אויב זי לעבט נאָך!) און די מיטעל־פּאַרטיי, אַלע זאָלען זיך די הענט געבען און אַננעמען!

און באמת באַקומען מיר אַ פונק־נייע מיסיע! עס איז נאָר געזאָגט, אַננעמען אַ „הערשענדען פּראָגראַם“! די הערשענדע ווירטשאַפטליכע פּראָגראַמען זענען קלאַסען־פּראָגראַמען... און דער ציוניזם, אַלס פאָלקס־פּאַרטיי, קאָן זיך מיט איין קלאַס נישט באַגניגען! ער וואָלט צוגאַנגען, ווי שניי אויף דער זון! אפשר איין פראַקציע וואָלט געבליבען! אויך נישט די גאַנצע! מוז מען טאַקע באַשאַפען אַ נייעם פּראָגראַם! און עס וועט זיין דאָס אַכטע וועלט־וואונדער, אַ ווירטשאַפטליכעס סיסטעם פאַר גרויס־ און קליין־הענדלער, קאַפּיטאַליסטען, בעלי־מלאכות, פאַבריק־אַרבייט (אַביסעל איז פאַרט פאַראַן) איבער אַלע קלאַסען און פאַר אַלע קלאַסען! — פאַר אַלע און מיט קיינעמס שאָדען!

און אויב מען וועט דאָס פּראָגראַם געפינען, וועט שוין די גאַנצע וועלט געניסען! מיר האָבען געהאַט אַ שווערע מיסיע צו פאַרשפּרייטען די אמונה און אחדות הבורא. דר. רונדשטיין זוכט אונז אַ צווייטע!

און אויב נישט, באשטעהט דר. רונדשטיין, אז דער ציוניזם זאל זיך באגנינגען מיט איין קלאס!... זאל ער נישט זיין קיין פאלקס־באוועגונג! לויט זיין רעצעפט דארפען די ציוניסטען ארויסטרעטען אלס סאציאל־פארטיי, און באגליקען מיט'ן ווירט־שאפטליכען פראגראם נאר „די גרויע דערשלאגענע מאסע, וואס ווערט פון היינטיגען, בעל־בתי'שען ציוניזם געטריבען צו דער פינסטערער רעאקציע!"

וועגען „רעאקציע" וועלען מיר נאך רעדען! אצינד שטעלען מיר נאר די פראגע:

ווי ווערט אויסזעהן דר. רונדשטיינס צוקונפט־ציוניזם פאר דער גרויער מאסע אהן ארץ ישראל, קאלאניאל־באנק און אידישע קול־טור... וואס ווערט אין איהם זיין **צ י ו נ י ס ט י ש**!

## 2.

מיר מוזען אבער דעם דר. רונדשטיין שטעלען נאך א פראגע: מיט וואס פאר א מיטעל רעכענט ער אויסצופיהרען דאס ווירט־שאפטליכע פראגראם, ווען עס זאל נעגעבען אדער אנגענומען ווערען?

ער לאכט אויס די ציוניסטען, וואס רעדען זיך איין, אז די ווירטשאפטליכע פראגען וועלען פארענטפערט ווערען ערשט אין אייגענעם לאנד, אין ארץ ישראל, און האבען — ווי ער זאגט — פאר'ן געגענווארטס־פראגראם נאר האלבע מיטלען. און דאך איז גאנץ לייכט איינצוזעהן, אז דאס פארענטפערען מיט אידישען ווילען, מיט אידישער קראפט, וואס עס איז פאר א ווירטשאפט־ליכע פראגע, באזונדער פאר אידען אליין, נישט ארבייטענדיג פאר אלע און גלייך מיט אלע, איז שוין מעהר, ווי לופט־שלעסער בויען. דאס איז איינפאך טפשות! דער ציוניסט האט א לאגישען אויס־וועג: כל־זמן מען איז נישט פריי, קאן מען זיך אינגאנצען נישט העלפען. מיט געבונדענע הענט קאן מען קוים דעם שטריק אויפ'ן האלז לויזער מאכען, ער זאל נישט ווערגען! קודם כל — באפרייען די הענט! דער אפטימיסט גיט נאך צו: דאס פאלק, וואס האט אמאל געהאט שבת, שמטה, יובל און אנדערע מענשליך איידעלע איינריכטונגען, וועט געוויס געהן אין דעם זעלבען וועג ווייטער

ביז צו די העכסטע מדרגות. אָדער: דאָס פאָלק, וואָס האָט אַזוי פיעל געליטען און געהונגערט, וועט וויסען, וואָס ליידען און הונגער איז! דערווייל מוז מען אבער טון, וואָס מען קאָן, און מוז מען זיך באַגניגען מיט האַלב־מיטעל, זאָל עס זיין א געגענוויכט פאר אַנטי־סעמיטיזם, פאר באשרענקונגען א. ז. וו. ז.. ווער עס וויל אבער דאָ, באַלד אויף אַן אָרט און שטעל, אינגאַנצען אומאַנדערשען די אי־דישע לאַגע, מוז עס טון א ו י ס ע ר ה א ל ב דעם ציוניזם.

דער ציוניזם, אלס פאָלקס־, נישט קלאַסען־באַוועגונג, אלס פאָ־ליטישע, נישט עקאָנאָמישע פארטיי, פאראייניגט און ארבייט פאר'ן גאַנצען פאָלק; קיינעם נישט אויסגעשלאָסען. די אידישע פאָלקס־פראַגע און די אַלגעמיינע ארבייטס־פראַגע שטעהען זיך נישט אָקע־גען און דעקען זיך נישט. איין פראַגע קאָן פארענטפערט ווערען אָהן דער צווייטער. נאָך מעהר — די ארבייטער פראַגע קאָן פאר־ענטפערט ווערען, די אידען קאָן נאָך דערפון ערגער ווערען, אויב צום רעכט אויף ארבייט — דאָס העכסטע ארבייטער־פארלאַנגען— וועט צוגעגעבען ווערען: אויסער אידען! וועט ערשט פון דער אי־דען־פראַגע ווערען א לעבענס־פראַגע! נישט קיין „נויט", נאָר א ברויט־פראַגע! און מערקווירדיג! — וואָס פאר אַלעמען און ביי אַלעמען איז קלאָר און פארשטענדיג, ווערט ביי אונז און בנוגע צו אונז פארקניפט, פארקריפעלט און אויסגעדרעהט נישט צו דער־קענען.

צי וואָלט דר. רונדשטיין געראָטען דער פוילישער פּאָליטישער פאָלקס־באַוועגונג אין פּאָזען, אָדער דער רוטעניאָשער אין גאַלי־ציען, זיי זאָלען זיך איבערניציוועז אויף א פארטיי מיט א ווידט־שאַפטליכען פּראָגראַם? אויף אַן אַלט אָדער אויף א ניי באַשא־פענעם?

צי וועט עמיץ פארלאַנגען פון די אירלענדער, וואָס באַרען זיך פאר'ן פּאָליטישען לעבען געגען ענגלאַנד, אָדער די ארמענער, וואָס האָבען דיזעלבע נאַציאָנאַל־פּאָליטישע חשבונות מיט טערקיי, — זיי זאָלען זיך איינמאָל פאר אַלע מאָל ערקלערען פאר אָדער ג ע ג ע ן מאַרקס?

צי ווייסט איהר נישט, דר. רונדשטיין, אַז די ציוניסטישע אָדער אידיש־נאַציאָנאַלע ארבייט וואָלט זיך שווין צ ו גליקליך גע־שעצט, זי זאָל ברענגען דאָס אידישע פאָלק צו דער מדרגה, עס זאָל

האבען זיין אייגענע, באזונדערע פראגע פון „מיין" און „דיין", פון „ארבייט" און „לוין": פאר זיך אליין, ביי זיך אין דער האנט! מען זאל קאנען צוגעהן און קלערען איבער איהר מיט'ן אייגענעם פרייען ווילען?

צי ווייסט ער נישט, אז נישט נאר גאנצע פראגראמען זענען אצינד נישט צום אויספיהרען פאר און דורך אידען באזונדער, נאר אז אפילו די קלענסטע תקונים, — איך וויל שוין נישט באנוצען דאס קלינגענדיגע ווארט „רעפארמען", — קליינע פארבעסערונגען, וואס ליגען הארט ביי דער גרענעץ פון צדקה, מצוות ומעשים טובים, בא! אז אפילו צדקה, מצוות און מעשים טובים אליין זענען ביי אונז נישט אין דער האנט?

און ווייסט דר. רונדשטיין פון אן א ו י ס פ י ה ר ל י כ ע ן געגענווארטס-פראגראם אויף א צ י נ ד, אויף שוין, — וואס שווייגט ער? פארוואס ווארט ער, די ציוניסטען זאלען עס אויפס־ניי ערפינדען?

3.

דאס לעבען איז א י י ן לעבען, און פארשידענע לעבענס־פראגען באריהרען נאר פארשידענע זייטען אדער פארשידענע פונקטען פון לעבען. ווי די פראגען, אזוי די פארטייען! די פאר־טייען באשעפטיגען זיך מיט פארשידענע פראגען, און באריהרען זיך, גלייך מיט זיי ארום און ארום אויף אלע גרענעצען. „באריה־רען" איז אבער נישט „דעקען". צוויי פראגען, וואס דעקען זיך, אדער וואס ווארטען אויף איין ענטפער, זענען נאר א י י ן פרא־גע, נישט צוויי! צוויי פארטייען, וואס זוכען דעמזעלבען צוועק און ווילען איהם דערגרייכען מיט דיזעלבע מיטעל, זענען נישט קיין צוויי, נאר א י י ן פארטיי! אזוי אויך דער ציוניזם. אלס אידישע באוועגונג, וואס באהאנדעלט די אידישע לעבענס-פראגע, באריהרט ער און איז, צו אלעם ערשטען, אפהענגיג פון דער אל־געמיינער לעבענס-פראגע (דער פונקט, וואס איז ליידער זעהר ווע־ניג באשפראכען!) און באריהרט נאך אויסער דעם אלערליי נעבען־און הילפס-פראגען, ווי קולטור, גלויבען, היגיענע, ווירטשאפט, קונסט א. ד. ג.

א ציוניסט קאָן זיך באַשעפטיגען מיט דער קאָרסעטען־פראַגע, צוליעב דעם געזונט פון אידישע פרויען... און דאָך איז דער ציוניזם קיין קולטור־פראַגע, קיין רעליגיאָן־זאַך, קיין ווירטשאַפטס־פראָגראַם, קיין קונסט, פונקט ווי ער איז קיין קאָרסעט־ און קיין אנטי־קאָרסעט־פראַגע... ווייל פראַגען, וואָס באריהרען זיך, צי זיי ווירקען געגענזייטיג אויף זיך מעהר אָדער וועניג, גלייך צי קאָפויר — דעקען זיך נישט! און דער ציוניזם, ווי ער זאָל נישט פיהלען די באריהרונג מיט דער ווירטשאַפטליכער פראַגע, קאָן נישט נעמען אויף זיך צו היילען די סאָציאַלע וואונדען. פארקערט — יעדער ענטפער אויף יעדער ווירטשאַפטליכער פראגע מוז צושלאָגען די ציוניסטישע פארטיי און ארויסוואַרפען פון דער פאָלקס־באַוועגונג די קלאַסען, וועלכע דער ענטפער וועט שעדיגען צוליעב אנדערע! קיין ראַדיקאַלער גאַנצער ענטפער קאָן עס שוין געוויס נישט זיין!

עס איז פארשטענדליך, אז דער פּאָליטישער ציוניזם, וואָס וויל און מוז זאַמלען די מיטלען אויף אויספיהרען זיין לעצטען צוועק ביים גאַנצען פאָלק און מוז זיך דעריבער אָרגאַניזירען אי־בעראַל, בשעת דאָס אויספיהרען אליין מוז ליגען אין די הענט פון איינצעלנע מענשען און אויף א געוויסען פּלאַץ, — אַז זייענדיג אין אַזאַ לאַגע, מוז דער פּאָליטישער ציוניזם געבען יעדען קעמערל פון צושפּרייטען אָרגאַניזם, יעדען רעדעל אין דער צואוואַרפענער מאַשין עפּעס צו טון, און זעהט, ווי „רעדער" און „רעדלעך" פארנעמען זיך מיט נאָהנט־ליגענדיגע הילפס־פראַגען, ווי אידישע קולטור, אידישע קונסט, אָרגאַניזאַציאָן פון אידישע ארבייטער, וכדומה... אניט וואָלטען די „קעמערלעך" פארשטאַרט און אָפּגעשטאַרבען, די רעדלעך זיך צולאָפען, און דער „קאָפּ" אין ווין וואָלט קיין הענט און פיס און וועמען צו באפעהלען נישט געהאַט! אויך איז זעלבסטפארשטענדליך, אַז וואָס ווייטער די הילפס־פראַגען ליגען פון מיטעל־פונקט (פון באַזעלער פּראָגראַם), וואָס וועניגער די פראַגען, פאר וועלכע די פאַרטיי־מענער אגיטירען אין ציוניסטישע גרויסע פאַרזאַמלונגען, באריהרען דעם איינענטליכען ציוניזם, וועט אַלץ וועניגער איינהייט זיין צווישען די פאַרזאַמעלטע, און וואָס שארפער עס וועט זיין דער אונטערשיד, אַלץ פּלאַ־

כער און מיטעלמעסיגער וועט ארויס די החלטה... נאר דערמיט מוז מען זיך באגנינגען! עס קאן אנדערש נישט זיין!

דאס האבען מיר געזעהען אויף אלע קאנגרעסען בנוגע צו קול־טור, און דאסזעלבע זעהען מיר אויך איצט בנוגע צום ווירטשאפט־ליכען פראגראם. ווי געלעהרט עס איז נישט געווען דר. גורעוויטש'עס פארטראג אויף דער מינסקער אסיפה, זענען אלע זיינע פראקטישע עצות נישט מעהר געווען, ווי בעלי־בתי'שע האלב־מיטלען...

נאר פון דאנען איז נאך נישט געדרונגען, ווי דר. רונדשטיין וויל, אז דער ציוניזם מוז זיך בויען אויף א פעסטען ווירט־שאפטליכען סיסטעם; פארקערט, געדרונגען איז, אז דער ציוניזם, וואס וויל און מוז זיין א פאלקס־באוועגונג, טאר נישט בויען אויף א ווירטשאפטליכען סיסטעם, וואס קאן העלפען נאר איין קלאס מיט'ן שאדען (ווען אפילו מיט'ן עהרליכסטען) פון אנדערע!

---

די ציוניסטישע פארטיי, אלס אידישע פאלקס־פארטיי, מוז זיך שטעלען איבער די אידישע קלאסען, ווי שארף זיי זא־לען זיך נישט אפשניידען איינע פון דער צווייטער און ווי פאר־שידען און ווידערשפענסטיג עס זאלען נישט זיין זייערע אינטע־רעסען! דער ציוניזם האט נישט דאס רעכט צו פארווערען זיינע מיטגלידער צו ווירקען אויסערהאלב דעם ציוניזם. אויף איי־גענער פערזענליך פאראנטווארטליכקייט לויט זייער אייגענעם גע־וויסען און איבערצייגונגען; אבער אין ציוניזם אליין קאן נאר אנ־גענומען ווערען א געוויסער אומשולדיגער קערן פון וואס עס איז פאר א ווירטשאפטליכען פראגראם, און נאר מיט'ן צוועק, דער אידישער ארבייטער זאל נישט פאלען נידעריגער פאר'ן ארגאניזירטען נישט־אידישען!

שטעלען זיך, ווי דר. רונדשטיין וויל, אויף א סאציאלען פוס, הייסט פון ציוניזם מאכען א גאנץ אנדער פארטיי; נישט קיין אי־דיש־פאליטישע, נישט קיין נאציאנאלע, נאר א פארטיי מיט גאר אנדערע צוועקען!

דר. רונדשטיין פארלאנגט אבער נאך מעהר. עס איז איהם וועניג צו פארלאנגען, דער ציוניזם זאל זיך גרינדען אויף א סא־ציאל־ווירטשאפטליכען קלאסען־פראגראם, ער וויל נאך דעם איינ־

ציג נאטירליכען פּארטיי־פונדאמענט — דעם נאציאָנאליזם אוועק־שאפען.

„בשעת דער נייער מענש — זאגט דר. רונדשטיין — שטרעבט זיך צו באפרייען פון נאציאָנאלען אבערגלויבען און באמיהט זיך אראפּצוּוואַרפען פון זיך דעם שאָוויניזם (די פאלשע נאציאָנאלע גאוה), ווילען די אידען (ציוניסטען?) גרינדען אן אייגענע אָרגאַ־ניזאציע אויף דעם אפּגעלעבטען נאציאָנאליזם! דאָס אידישע פאָלק, וואָס וויל דאָס פּעהיגסטע זיין צו די אלגעמיין מענשליכע אידעאלען, פארבלאנדזשעט, צו דר. רונדשטיינס באדויערען, אויף די פאלשע וועגען פון א ועקינצעלט אונטערגעהאלטענעם נאציאָ־נאל־געפיהל, וואָס איז געגען פּראָגרעס און גאַנץ אפּט שעדליך (פּארגלייך „ניזוואָ פּאָלסקאַ", „גאָזעטאַ פּאָלסקאַ" וכדומה).

מיר האָפען, אז דר. רונדשטיין מיינט עס אין אלגעמיינעם, אז ער מעסט אלע נאציאָנאליזמען מיט איין מאָס... אנדערע טוען נאך אנדערש! פרעמדע נאציאָנאל־שפּראַכען, פרעמדע מדות, אנ־דערע פעלקער־זעלען, אלערליי היסטאָרישע טיפּען זענען כשר, אפילו הייליג, און פארדינען, אפילו פון אונזער זייט, אויף מסירת נפש, און נאָר אונזער אייגענער נאציאָנאליזם איז אלס אידעע — געגען פּראָגרעס, אלס פּאָליטיק — געפעהרליך! נאָר אידי־שע אייגענאַרט, אידישע קונסט, אידישע שפּראַך, גע־וואוינהייטען און מנהגים זענען „אלטע לאָפּען אויפ'ן מיסט ארויס־צוּוואַרפען"... און דעם דר. רונדשטיין מוזען מיר ענטפערען, אז די אלגעמיינע מענשהייט אין געשטאַלט פון א וועלט־סטאַדע פון איינצעל־פּערזאָנען איז שוין אין שוסטער־גאָס באַקאַנט אלס קאָמי־וואָיאזשער אידעאל! די מענשהייט, אלס העכסטער אָרגאַ־ניזם, מוז באשטעהן פון פרייע און זאַטע פעלקער, ווי פעלקער — פון פאמיליען, און די לעצטע — פון איינצעל־פּערזאָנען. אז דער „פּראָגרעס" פאַרלאַנגט נישט די פארניכטונג פון פעלקער, אזוי ווי ער פאַרלאַנגט נישט די פארניכטונג פון איינצעלנע אָרגאַניזמען, אום אויפצולעבען און צו באפרייען די איינצעלנע „קעמערלעך" אין לייב! דער פאָרטשריט געהט נישט אזוי פלאך! ער פאַרלאַנגט נישט נאָר א ברייט, נאָר אויך א הויך און טיף לעבען, און צו דעם צוועק מוזען זיך פארבינדען וואָס אמאָל העכערע אָרגאַ־ניזמען!

און פון נאציאנאליזם ביז שאוויניזם איז ווייט! מען טאר זיי אונטער דער האנט נישט אויסמישען, נישט פארבייטען, ווי מען טאר עס נישט טון בנוגע צו גוטע און שלעכטע, קלוגע און נארישע מענשען! עס וועט קיינער נישט זאגען: פארניכטעט א מענש, ווייל ער קאן ווערען שלעכט! מען זאגט: זוכט מיטעל, ער זאל גוט זיין!

בפרט אידישער נאציאנאליזם, וואס האט קוים קראפט זיך צו שיצען, און קאן קיין בייזע חלומות נישט האבען!

---

מיר זענען ארויסגעטראטען געגען דר. רונדרשטיין נישט אלס גואל־הדם פון ציוניזם; דערצו האט דער ציוניזם נאהענטערע קרובים, נאך ווייניגער צו פארטיידיגען דאס בעל־בתי׳שקייט אין דער ציוניסטישער פארטיי... מעהר איז אונז געגאנגען וועגען נאציאנאליזם, און נאך מעהר — וועגען אמת, וואס דר. רונדשטיין פארטונקעלט און פארשמירט מיט מכלומר׳שט געלעהרטע פראזען און קלינגענדיגע ווערטער מכלומר׳שט אין דער מלחמה געגען פראזען און קלינגענדיגע ווערטער!

.1902

## וועגען אידישער חוצפה.

עס איז פשוט משוגע צו ווערען!

ווארים באמת — וואס טוט מען?

געלט אויף בעלער, ווערט וואס אמאל וועניגער! נייע שאנ־סאנעטקעס, מען זאל קאנען האבען אן אווענט יצר־הרע פאר א רובעל, קומען נישט. נייע קלאאונען — דער צירק זאל אינטערע־סאנטער ווערען, באווייזען זיך נישט, און פאר דער פאליטיק געהט זיך אן די גרינע גאל...

וואס איז היינט פאליטיק? גארנישט!

אין פאריז געהט א סדרה — אסומפציאניסטען; ווייסט דער טייוועל וואס פאר א שווארצע חברה דאס איז!

דער „פשעגלאנד־טיגאדניאווי", וועלכען די „ראלא" האלט פאר א אידיש בלאט, זאגט, אז די אסומפציאניסטען זענען א באַ־האלטענע חברה פון גלחים־אינטריגאנטען, וואס ווילען איבערקע־רען די גאנצע פראנצויזישע רעפובליקאנישע שיסעל, און אונזער „קוריער ווארשאווסקי", לעווינטאל'ס, דעם געוועזענעם אפוטרופוס פון אידישען שפיטאלס בלאט, זאגט להיפוך: די אסומפציאניסטען זענען ווייסע שטילע טויבען, וואס האלטען זיך אין דער הויך אויף די שפיצען פון קלויסטער און מען הערט נישט זייער פארע...

און געה, וויים!

פון אפריקא הערט זיך נישט מעהר, נאר ויסעו ויחנו. אהין געדוקט, אהער גערוקט, צוויי בורען געפאלען, פיער ענגלענדער געפאנגען. — עס ווערט נמאס ומאוס!

ענגלאנד האט זיך פארקייכט אינמיטען איינשלינגען דעם בור; נישט ארויסצוווארפען, נישט אראפצושלינגען!

וואלטען כאטש די בורען אונטערגעלעגט יאהאניסבורג, אין דער לופט זי אויפצורייסען! וואלט כאטש געפאלען א הייסער דימאנטענער רעגען...

פון כינא קומען אזוינע שקרים, אזוינע גוזמאות:

אז, ווען נישט, וואס אויף דער קראקעווער פארשטאדט איז פאראן אן אפען געוועלב מיט א שילד מיט כינעזישע אותיות— ווען נישט, וואס דארט שטעהט א בפירוש'ער לעבעדיגער כינעזער, מיט אן אמת כינעזיישען צאפ, אויף וועלכען די ווייבער קוקען מיט וואסער אין מויל און אויגען פאר קנאה, ווען נישט, וואס ער שטעהט א גאנצען טאג און פארקויפט, ווי ער אליין זאגט, ריינעם כינעזי־שען טיי מיט א צולאג, וואלטען מענשען געזאגט: „איוב לא היה ולא נברא!‟ — עס איז קיין מלחמה נישט פאראן, קיין כינא נישט דא! עס איז א חלום, אן אויסגעטראכטע מעשה; ווי די דריי פראנצויזישע ברידער „גלייכהייט, פרייהייט, ברידערשאפט‟, מיט וועלכע מען האט א לאנגע צייט צו נארען געמאכט דעם עולם.

הכלל — פוסט, תהו ובהו!

וואס רעז טוט מען? פון וואס שרייבט מען אין צייטונגען!

האט מען זיך טאקע אזוי לאנג געבראכען דעם קאפ, ביז מען האט באקומען פון וואס צו רעדען, מיט וואס די צייט צו פאר־ברענגען; אבי נישט פון זיך אליין צו קלערען, אבי פטור צו ווע־רען פון נאציאנאליזם, ציוניזם און אלערליי געטא־געשפענסטער, וואס שרעקען די ווארשעווער לייט בייטאג און ווערגען זיי ביי־נאכט... א נייע עסק האט מען געפונען: די — א י ד י ש ע ח ו צ פ ה!

עס איז אפילו נישט קיין נייע זאך! נאר אפילו ווארט, דער גרעסטער שניידער פון פאריז, וואס שאקעלט מיט גאנץ ווארשוי, ווי מיט א לולב, איז אויך נישט מחויב, אפילו נישט איין מאל אין יאהר, אויסצוקלערען א נייע מאדע; ער נעמט אן אלטע, און פרישט זי אויף, און די אלטע מאדע ווערט ניי, צוריק שעהן, און ווערט צוריק א מאגנעט, וואס ציהט אוים ביי די ווייבער דאס הארץ און ביי די מענער דאס ביסעל מטבעות...

די פראגע וועגען אידישער חוצפה איז זעהר אלט; אזוי אלט, ווי די אידיש־פוילישע, אדער די פויליש־אידישע אסימילאציע, מיט איהר אלטען פראגראם, וואס האט זיך אויסגעדריקט אין איין ווארט: „שא! שא!‟ שמיל זאל זיין! דיין קול זאל מען נישט הערען! דיינע תנועות זאל מען נישט זעהן! קיין פאה, קיין פאלע, קיין אידיש ווארט! בפרט אין א „צוקערניע‟.

אזוי האָט עס געהייסען!

טראָגען א לולב מיט אן אתרוג אין גאס — פוי, אידישע חוצפה! יענער מיט די אנגעצונדענע ליכטלעך און בעזעמלעך,— מעג! אן איבערגעשפּאַלטען פוטערען מיצעל, צוזאַמענגעבונדען מיט בענדלעך, איז א מחיה; א „פּריוועסאַווקע" — זאָל גאָט היטען! א העזה זיך צו ווייזען דערמיט אין גאס! ווער שמועסט רעדען א וואָרט אידיש אין גאַס, אין טראַמוויי, אין וואַגאָן פון אייזענבאהן, — דאָס איז שוין שפּיץ־די־שפּיץ חוצפה!

אַ צייט לאַנג האָט א אידיש־פּוילישער, אדער א פּויליש־אידישער משכיל גאַנצע טעג און נעכט געשפּיגען מיט „חוצפה"...

אַלץ ווערט אבער נמאס און די חוצפה איז אויך נמאס געווארען! מען האָט אַן איהר פאַרגעסען... אצינד, אין דער שלעכטער צייט, האָט מען זיך אַן איהר דערמאַנט, מען האָט אַרויסגערוקט פון אַלטען אויוועז א צובראָכען ערדערען טעפּעל מיט'ן פאַרגליווערטען, פאַרשימעלטען חוצפה־מאכל, מען האָט איהם אויפגעפרישט, דערוואַרעמט, צוגעזאַלצען, צוגעפעפערט... און, נאַט אייך, אינגלעך און מיידלעך און עסט! פאַרשטופּט אייך די מיילער און רעדט נישט פון געטאַ, ציוניזם, נאציאָנאַליזם, קייט נישט און שלינגט נישט די האַרטע זאכען, פון וועלכע אַ פּויליש־אידישער, אדער אידיש־פּוילישער מאַגען פאַרדאַרבט זיך אויף אייביג, אַז קאַרלסבאד וועט איהם נישט העלפען.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און צוריק די אַלטע שאלה: צי איז פאַראַן אידישע חוצפה צי ניין?

איינער זאָגט: יאַ, אַן אנדערער: ניין, א דריטער מיינט: אמאָל איז געווען און היינט איז נישט דאַ!

און אַלע צדדים ברענגען ראיות, פאַררופען זיך אויף פאַקטען. נאַט אייך עטליכע:

עס איז פאַראַן אין ווארשוי א „צדקה גדולה". נישט קיין אידישע, נישט קיין קריסטליכע, נאָר בכלל א צדקה גדולה, הייסען הייסט זי: „וואַרשאַווסקע טאָוואַרזשיסטווא דאָבראָטשיננאָשטשי" פאַרשרייבען דער צדקה־גדולה הייזער, קאַפּיטאַלען, מעג יעדער. אפילו דער גרעסטער חוצפה'ניק — א איד! דער „סטרוזש" פון הויז, וואס געהט פון צייט צו צייט ארום פון טיר צו טיר מיט א

רשימה אויף נדבות פאר דער צדקה גדולה, מאכט אויך נישט קיין חלוק, ווען ביי װעמען פסח געפאלט! ווער עס גיט, דעם פאר־שרייבט ער, ביי דעם נעמט ער.

הכלל—די חברה נעמט ביי אלע; גיבען, זאגט מען, גיט זי נישט אלע... און עס איז קיין װאונדער נישט! מיר האבען ערש־טענס, אונזער „קהל־שטוב", מיר האבען אונזערע בעלער און קאנ־צערטען אויף צדקה, אונזערע „שניי־קוילען" אפילו פאר אידישע ארעמע לייט! אויף דעם גרינדען מיר א נייע א י ד י ש ע „צדקה גדולה", וואס די רעגירונג האט שוין ערלויבט...

און צ ו ו י י ט ע נ ס, ווייזט אויס די „ראלא", די „ניזװא פאלסקא" און דערגלייכען עהרליכע בלעטער, אז צדקה קומט פון לויטער ליעבשאפט, און — אויף ליעבשאפט האבען די קריסטען א מאנאפאל; על־כן, איז די צדקה גדולה, וואס איז געבויט אויף ליעבשאפט צו ארעמע לייט, א ק ר י ס ט ל י כ ע חברה... איי וואס? אידען גיבען אויך אמאל געלט? אויף וואס גיבען זיי נישט?

הכלל — עס איז פאראן א צדקה גדולה, וואס נעמט ביי א ל ע, גיט נ י ש ט אלע — א פאקט!

דער עיקר איז, אז וואו עס איז פאראן א חברה, מוזען זיין גבאים, און וואו עס זענען פאראן גבאים, מוז זיין א קלפי... איז דער עיקר שאלה נישט, ו ו א ס די חברה טוט, — צי בויט זי הייזער, צי טיילט זי פאר ארעמע לייט, וכדומה, נאר — ו ו ע ר דארף ארויס פון קלפי?

כל־זמן אידען האבען זיך צונויפגענומען ביי דער קלפי און געמאכט יד־אחת מיט די ליבעראלען, וואס האבען, פ א ר דער קלפי און נ א ך דער קלפי (דאס הייסט: כמעט א גאנץ גע־הענדיג יאהר, ווייל חברות און קלפי'ס איז דא אסך!) צו די איד־לער געשמייכעלט און צוגעוואונקען, איז גוט געוועזען, האבען די ליבעראלען געהאט די חברה אין דער האנט!... דאס יאהר אבער זענען ווייניג אידען געקומען צו דער קלפי, זענען ארויס כמעט סאמע ווייסע מיוחסים און שווארצע ארטאדאקסען...

ווערט א מחלוקת:

זאגען טייל, אז עס איז א העזה געוועזען פון אידען, נישט צו קומען קאפ אויף קאפ צו דער קלפי און איבערלאזען די ליבע־

ראַלען אַהן הילף, און אנדערע זאָגען: פאַר א שמייכעל, וואָס איז שוין פארגליווערט געוואָרען אויפ'ן אַלטען ליבעראַלען פּנים, האָ־בען שוין אידען די חוצפּה נישט געהאַט צו קומען צו דער קלפּי...
זיי ווייסען שוין, אז די האַלב גע'פגר'טע קאַץ וועט שוין פאַר זייערטוועגען מיט'ן עק נישט ריהרען...

נומער צוויי:

עס איז פאַראַן אין וואַרשוי א חברה, וואָס גיט בעלי־בתים קרעדיט אויף הייזער...

אידישע בעלי־בתים איז פאַראַן אין וואַרשוי א דריטעל; די־רעקטאָרען האָט די חברה דריי. האָבען זיך די נאַלעווקעס מיט'ן גרזשיבאָוו געוואונדערט, פאַרוואָס זענען אַלע דריי דירעקטאָרען נישט קיין אידען... און, אז איינער פון די דריי דירעקטאָרען איז נפטר געוואָרען, האָבען זיי זיך מישב געווען, פּרואווען אָפּצו־געבען שטימען פאַר א איד...

נעראַטען איז זיי נישט... נישט אַלע אידישע בעלי־בתים האָ־בען געוואָלט א איד; אַסך האָבען מורא געהאַט פאַר א „אידישען טשינאָווניק"...

זאָגען טייל: אז די אידען האָבען די העזה נישט געהאַט צו מאַכען יד־אחת, אויסצוקלייבען א אידישען דירעקטאָר; און אַנ־דערע זאָגען, אז עס איז א חוצפּה געוועזען, אזוינס גאָר צו וועלען!...

נומער דריי:

עס זענען פאַראַן אין וואַרשוי אידישע סקולפּטאָרען, אַסך אידישע סקולפּטאָרען, האָבען זיי זיך צוזאַמענגענומען מיט עטליכע קריסטליכע חברים, געמאַכט אן אסיפה, און מען האָט אָפּגעקלערט: היות די סקולפּטאָרען האָבען עד היום נאָך קיין צעך נישט, זאָל מען מאַכען א צעך.

מען האָט אָנגעגעבען וואו מען דאַרף, א בקשה; עס איז גע־קומען אן ערלויבניש, און דער מאַגיסטראַט האָט פאַרבעטען די סקולפּטאָרען אויף א זיצונג, מען זאָל עפענען דעם צעך.

דאַכט זיך, אַליץ אין דער בעסטער אָרדנונג; דער באַאַמטער פון מאַגיסטראַט עפענט די פאַרזאַמלונג, לעגט פאַר, מען זאָל אויס־קלייבען עלטסטע, א קאַסירער, א סעקרעטאַר... שפּרינגען ארויס די עטליכע קריסטליכע סקולפּטאָרען און זענען מודיע דעם באַאַמ־

טען פון מאגיסטראט, אז זיי קאָנען מיט אידען צוזאמען, בשום אופן, קיין צער נישט מאכען, אז די אידען קענען נישט די ארבייט. זיי זענען פושער, מאכען און פארקויפען טאָנדעט און אזוי ווייטער, ווי אין „ראָלא" שטעהט, ווי אין „ניוואַ פּאָלסקא" שטעהט, און — ווי אַלע גוטע, פרומע קריסטען זאָגען...

און — די קריסטען האָבען פאַרלאָזט דעם זאַל...

א ו נ ז ע ר ע אידישע סקולפּטאָרען האָבען נישט געוואָלט גרינדען דעם צעך אהן די קריסטליכע חברים, האָבען זיי די אסיפה אָפּגעלעגט... אָנגעהויבען איבעררעדען, טענ'ען, געבען צו פאַר־שטעהן; באשר בכן — עס איז נישט גלייך, נישט מענשליך! אי־דען — א נוצליך פאָלק, אידישע סקולפּטאָרען — נוצליכע בעלי־מלאכות; אז אנטיסעמיטיזם איז א פּאַסקודנער בלבול, וכדומה... און דערמיט איז דערווייל אוועק א צייט...

און דיזעלבע צייט, וואָס די אידישע סקולפּטאָרען האָבען באַ־נוצט צו פאַרשוואַרצען ביי די קריסטליכע חברים דעם אנטיסעמי־טיזם, האָבען די קריסטליכע סקולפּטאָר־ען באַנוצט אביסעל קלי־גער: זיי האָבען זיך באמיהט און איינגעגעבען א בקשה, און באַ־קומען אַן ערלויבניש אויף א קריסטליכען צעך, און דערמיט אליין איז אָפּגעפאַלען די ערשטע א ל ג ע מ י י נ ע ערלויבניש...

דאמאָלט ערשט הויבען אַן אונזערע אידישע סקולפּטאָרען צו קלערען וועגען א באזונדערען אידישען צעך! זאָגען טייל, עס איז א וואונדער, וואָס זיי האָבען די העזה נישט געהאַט צו בלייבען אויף דער ערשטער אסיפה, און צו גרינדען דעם צעך אהן די קריסט־ליכע חברים...

אנדערע אבער זאָגען, אז עס איז א אידישע חוצפה, היינטיגע צייטען צו גרינדען אין פּ ו י ל י ש ע ן וואַרשוי א א י ד י ־ ש ע ן צעך...

וואָס דען? וואַרטען דאַרף מען!... דער אנטיסעמיטיזם וועט דאָך אמאָל אונטערגעהן... ער וועט מוזען אונטערגעהן!

און אַז דער אנטיסעמיטיזם וועט אונטערגעהן, וועט מען אריינ־נעמען אידישע בעלי־מלאכות אין די קריסטליכע צעכען! אי וואָס? די קריסטליכע צעכען האָבען קריסטליכע הייליגע פענער; יעדער צעך האָט זיין קריסטליך־הייליגען פּאַטראָן, זיינע קריסטליכע ימים־טובים. — וועט זיך דאָך דער אידישער גאָט נישט בייזערען, אויב

די אידען וועלען דאָס אלץ מיטמאכען! הלמאי, עס האָט נאָך קיי־נעם קיין דונער נישט געטראָפען ביי א יאָלקע! און אז נישט, וועלען די אידען נ י ש ט האלטען די ימים־טובים פון צעך, נ י ש ט טראָגען די פאָן. מאי כולי האי? ווייניג באגעהן מיר זיך אָהן פער־נער, אָהן ימים־טובים?!

און, אז דער אַנטיסעמיטיזם וועט אונטערגעהן — וועט מען נישט האָבען קיין צרות מיט דער נייער סעקציע פון בעלי־מלאכות, וואָס וויל זיין ריין פון אידען, וואָס פאלט חלשות פאר א ריח פון א קנאָבעל אָדער א ציבעלע...

און אז דער אַנטיסעמיטיזם וועט בטל ווערען, וועט מען אָנ־נעמען אידישע דאָקטוירים צו דער „פּאַנאַטאָוויע ראַטונקאָווע" („גיכע מעדיצינישע הילף"), וועט כאָטש זיין איין פוהר פאָר כשר'ע זופּ ביי דער „געזעלשאַפט געגען בעטלער", און אויף א סימן פון כשר וועט מען נישט טרומייטערען, נאָר בלאָזען שופר...

זאָל נאָר דער אַנטיסעמיטיזם בטל ווערען! זיפצט דער עולם...

---

און, האָט מען אָנגעהויבען רעדען פון אידישער חוצפה, וועט זי שוין אזוי געשווינד פון צונג נישט אראָפּ!... דאָס האָבען שוין אין זיך אלע אידישע פראַגען, אז זיי ציהען זיך, ווי א סמאָלע, נישט אָפּצורייסען! און עס איז א פשוט'ע זאַך: דאָרט וואו מען טוט, ווערט אמאָל אָפּגעטאָן, אבער וואו מען רעדט און מען קאָן נישט מעהר נאָר רעדען, — איז טאַקע פון די „ניין מאָס רייד" נישט פּטור צו ווערען! דערמאָנט מען זיך, אז ערשט נישט לאַנג האָט איינער פון אונזערע אידיש־פּוילישע אָדער פּויליש־אידישע שריי־בער, א געוויסער „אהר נומער 2", געשטעלט אין א בראָשורע די פראַגע: פאַרוואָס האָבען מיר נישט ליעב די אידען? און האָט געענטפערט: דורך דער א י ד י ש ע ר ח ו צ פ ה!...

אין דער געזעלשאַפט דערצעהלט דערווייל עמיץ א מעשה:

ער האָט געקויפט א בילעט אויף דער אייזענבאַהן און איז אריין אין וואַגאָן, וואו ער האָט זיך אויסגעקליבען אן אָרט, אני־דערגעלעגט דאָס פּעקעל, און איז צוגעגאַנגען צום פענסטער נאָך אמאָל זיך געזעגנען מיט באַקאַנטע.

אז דער צוג האט געריהרט, איז ער צוריקגעגאנגען און גע־וואלט זיך זעצען. נאר דער פלאץ איז שוין געווען פארנומען און דאס פעקעל זיינס האט זיך געוואלגערט אויף דער ערד.

— מיין הער, — מאכט ער, נאטירליך אויף פויליש, צו א קריסט. וואס האט איהם דעם ארט פארנומען, אבער...

הערט א קלארע תשובה: פאשאל וואן!...

ווערט ער שוין אביסעל אין כעס, זאגט ער נאך אמאל, ווי הייסט? עס איז זיין ארט, זיין פעקעל געלעגען...

ענטפערט יענער, שוין מיט א ווארט מעהר:

— פאשאל וואן, זשידזשיע!

זאגט ער: ווי הייסט? באצאהלט האב איך גלייך מיט דיר; האב איך דאס זעלבע רעכט, ווי דו... וכדומה...

הויבט יענער אויף א האנט...

רוקט ער זיך אפ פאר דער יד, און ווארט אויפ'ן קאנדוקטאר.

אין איינוועגס קוקט ער זיך אום און זעהט, אז אין וואגאן איז דא אסך אידען און גאנץ ווייניג קריסטען.

„פאר'ן ערנסטען פאל"... טראכט ער...

דער קאנדוקטאר קומט דערווייל אריין; הערט איהם אויס. און פרעגט דעם עולם, ווי אזוי איז עס געוועזען? צי עס איז אמת, וואס דער איד זאגט?

דער קריסט, וואס האט דעם ארט פארנומען, שווייגט און שמייכעלט פיינ־יונגעריש.

די אידלעך אין וואגאן שווייגען אויך. נאר די עטליכע קריס־טען רופען זיך אן, דאכט זיך, שלא ממין הטענה:

עס איז מיט די אידען — זאגען זיי — נישט מעגליך צו פאהרען צוזאמען אין איין וואגאן: שטענדיג אומרוהען, שטענדיג האבען זיי טענות, טשעפען זיך אן, ווי א סמאלע... מען דארף פאר זיי האבען עקסטרא וואגאנען, ווי פאר פיה...

דער קאנדוקטאר, וואס איז גארנישט געוואר געווארען, געהט נאטירליך ארוים מיט גארנישט...

די קריסטען רעדען ווייטער, ווי אוממעגליך עס איז צו פאה־רען מיט אידען צוזאמען; די אידען שווייגען, איינער פון זיי האט דאך נישט אויסגעהאלטען! עס איז געוועזען א איד, לויט דער נאז, נאר א קריסט, לויט די וואנסען!

— אמת אידישע חוצפה! — האָט ער אויסגערופען אויף אַן עכט אידיש־פּויליש לשון, — א לאַדע וואָס, מאַכט מען א געשריי!

און אַן אַנדערער האָט דערצעהלט אַן אַנדער מעשה:

— איך געה, —, זאָגט ער, — אין גאַס, טרעף איך א באַ־קאַנטען פון פּראָווינץ, אַמאָל ביי מיר געוועזען! איך האָב'ן גע־קענט אַלס סוחר, אַלס גרויסען סוחר; גרויסען קרעדיט געהאַט!... ביי מיר טאַקע געקויפט... געהאַנדעלט — נישט קשה... געדונגען זיך, נאָר געצאַהלט צו דער צייט.

פּלוצים האָט ער אויפגעהערט צו קויפען... רעכען איך, ער איז איבערגעגאַנגען צום קאָנקורענט... וויל איך איהם שרייבען... היות... עס פּאַסט נישט... איך וועל איהם העכערען דעם קרעדיט... קלע־נערען די פּרייזען... וכדומה... האָב איך אָבער פאַרגעסען... פאַר־נומען, ווי איהר ווייסט...

אַז איך טרעף איהם אָבער אין א גאַס, דערמאָן איך מיך, א זכרון, ברוך השם, האָב איך! געה איך צו, שלום עליכם!... ווי אַזוי רעדט מען מיט א איד פון פּראָווינץ?

שלום עליכם... געשעפט איז געשעפט!...

איך זעה, ער איז אַפּגעריסען! ביי מיר איז ער געוועזען אין בעל־בת'ישע קליידער; רעכען איך, אַז דאָס איז ער צו מיר געקו־מען אין גאַנצע קליידער, אָבער אין גאַס, — א פּראָווינץ אידעל,— טראָגט ער זיך, ווי אין דער היים!... פּראָווינץ־גבירים, ווייסט מען שוין, געהען אַפּגעריסען, נעכטיגען אין אָרעמע גאַסט־הייזער, עסען אין די ביליגע קיכען... אַזאַ טבע האָבען זיי.

הכלל — „שלום עליכם!“ — „עליכם שלום!“...

קלער איך מיר אַזוי: אהיים פיהרען, איז א בושה פאַר'ן לאַקיי; פאַרבעט איך איהם אויף שוואַרצע קאַווע... מן־הסתם אויף די נאַלעווקעס, צו קאַנאַריק'ען...

פאָהרען מיט איהם אויף א דראָשקע, פּאַסט נישט; געהען מיר צופוס, כאַטש, איהר ווייסט, אַז די פיס ציטערען מיר... נאָר— איבערגעקומען!

מיר זיצען שוין ביי דער קאַווע... זאָגט ער מיר, ער איז הונ־געריג!

היים איך עפּעס דערלאַנגען... זעה איך, — ער פרעסט!

טראכט איך — א פּראָווינץ אידעל, פרעמד געלט, שלינגט ער!... נאָר, — ער וועט שוין באַצאָהלען דערפאר!

איך שפּרינג שיער נישט אויס דער הויט, נאָר אויסהאלטען מוז מען... ענדליך, איך אָטעם אָפּ! ער האָט, מיט גאָטס הילף אָפּ־גענעסען, אָפּגעווישט זיך די וואָנסען מיט דער פּאָלע...

פרעג איך איהם: וואס הערט זיך? און וויל צושלאָגען צום געשעפט.

זיפצט ער!

פרעג איך: „וואָס זיפצט איהר?"

ענטפערט ער, אז ער האָט שוין דריי יאָהר באנקראָטירט, זיצט אָהן פּרנסה... וואלגערט זיך ארום אין ווארשוי, זוכט א שטעל...

א עצה פון א קבצן!... ענטפערט ער מיר „שלום עליכם!", געהט ער מיט מיר אויף שווארצע קאווע! איהר הערט א חוצפה! ער פרעגט מיך נאָך, וואו איך וואוין! ער וויל נאָך צו מיר קומען!...

און נאָך און נאָך אזוינע מעשיות דערצעהלט מען וועגען **אידישער חוצפה!**

.1901

# דער פאַקט און די פרעסע.

געשעהן איז דער פאַקט אין ווארשוי, אויף דער קראַקויער פאַרשטאַדט, אין א אידישען באנק־געשעפט.

די געשיכטע איז געווען אן איינפאכע, נאָר ווי פארשידענ־ארטיג און פארשידענפארביג האָט זי זיך אָפּגעשלאָגען אין דער פרעסע.

געשעהן איז די סצענע אין א שעהנעם העלען פארמיטאָג, אין באנק־געשעפט זיצט פליגעלמאַן, קלערט הוריות און ווארט אויף א קונה. אין צווייטען צימער זיצט דער בוכהאַלטער זומער־שפּרענ־קעלע און קלערט, מיט דער פּעדער אונטער'ן אויער, ווי אזוי צו פארשרייבען עפּעס א שפּעקולאַציע אויף א ווערט־פּאַפּיר. אין דרויסען, ביים שוי־פענסטער, וואו עס ליגען אויסגעלעגט אלערליי גאָלדענע, זילבערנע מטבעות, באנק־צעטלער, בילעטען און ווערט־פּאַפּירען פון גאנץ אייראָפּא, האָט זיך אָפּגעשטעלט וואַשלאַפּסקי. ער באטראַכט דאָס פארשידענע געלט און נעמט זיך רעכט און עפענט די טיר פון געשעפט. ער גריסט שטאָלץ, ווי א „שלאַכ־טשיץ", פליגעלמאַן בויגט זיך דאָפּעלט אונטערטעניג אלס איד און אלס סוחר. וואַשלאַפּסקי פארלאַנגט א ווערט־פּאַפּיר פון א גע־וויסען פּרייז, זומערשפּרענקעלע דערהערט אין צווייטען צימער די באַשטעלונג און באוויזט זיך אויף דער שוועל, טאָמער וועט זיין פאַר איהם א שליחות אין א צווייט געשעפט אריין; אין דער אייגענער קאַסע, ווייסט ער, ליגט נישט פיעל מעהר, ווי אין שוי־פענסטער און גאנץ אָפּט מוז מען אריינברענגען פון ערגעץ אַנ־דערש. וואַשלאַפּסקי באמערקט נישט דאָס זומערשפּרענקעלע. סוחרים געהען שטיל, בוכהאַלטער — נאָך שטילער. דאָס פּאַפּיר פאַר דעם פּרייז, וואָס וואַשלאַפּסקי האָט פארלאַנגט, איז גראָד געווען. פליגעלמאַן דערלאַנגט עס און וואַשלאַפּסקי בעט, מען זאָל איהם אויסשטעלען א רעכנונג. פליגעלמאַן בויגט זיך איבער'ן

טיש און וויל שרייבן, נאר אין דער זעלבער סעקונדע כאפט וואש־לאפסקי ארויס פון בוזעם־טאש א פיסטאלעט. אינסטינקטיוו לאזט זיך פליגעלמאן אראפ אונטער'ן טיש, וואשלאפסקי שיסט דער־ווייל און טרעפט, אויפ'ן ארט פון דער ברוסט, צו וועלכער ער האט געצילט. פיעל העכער, נישט ווייט פון געלענק פון דער האנט, אויפ'ן ארט, וואו עס ליגט די שעלקע. די קויל האט זיך אריינגע־טריבען, פארוויקעלט אין דער שעלקע, נישט זעהר טיף אין לייב. אין דער זעלבער סעקונדע לויפט אונטער זומערשפרענקעלע, כאפט אן פארטומעלט וואשלאפסקי'ן ביי דער לינקער האנט און שטאַ־מעלט: וואס טוט איהר? (נאטירליך אויף פויליש) און וואש־לאפסקי ענטפערט איהם, שוויינענדיג, מיט א קויל אין שטערן אריין... וואשלאפסקי אנטלויפט מיט'ן ווערט־פאפיר, זומערשפרענ־קעלע רוקט זיך צו צום שוי־פענסטער מיט'ן בלוטיגען קאפ, און בלייבט שטעקען אין פענסטער — און פליגעלמאן, וואס האט דאס אליץ אונטער'ן טיש נישט געזעהן, כאפט זיך פלוצלונג אויף, שפרינגט אריבער איבער'ן טיש, און לויפט פון געשעפט ארויס, נאכיאגען וואשלאפסקי'ן. וואשלאפסקי לויפט איבער דער גאס, פליגעלמאן נאך; וואשלאפסקי שפרינגט אריין אין א דראשקע, פליגעלמאן נאך; וואשלאפסקי שפרינגט ארויס, לויפט ווייטער, שטרויכעלט איבער א שטיין און פאלט, פליגעלמאן לויפט צו, ווי אויך פאלי־ציי, וואס האט זיך דערווייל נעפונען, און ליגענדיג אויף דער ערד, דערלאנגט זיך וואשלאפסקי די דריטע קויל אין מויל אריין...

עס איז אנגעקומען די „געשווינדע רעטונג" און האט אוועק־געפיהרט אזוי וואשלאפסקי'ן, ווי זומערשפרענקעלע אין א שפי־טאל אריין. דעם בילעט אויף א פאר טויזענט האט פליגעלמאן אפ־גענומען און האט נאר געהאט א היזק אין שוי־פענסטער, וואו פארשידענע ווערט־פאפירען זענען איבערגעוואשען געווארען אין בלוט פון זומערשפרענקעלע'ן.

פליגעלמאנ'ען האט מען לייכט און ביי איהם אין דערהיים אפערירט. דאס שטיקעל שעלקע מיט'ן קיילעכעל האט די פאמיליע באהאלטען לזכרון. שבת האט פליגעלמאן „הגומל" געבענשט, און דאס ווייב אין דער הויף, אויפ'ן ווייבערשען באלקאן, האט זיך צואוויינט אויף א קול, וואס מען האט שוין לאנג אין דער דייטשער שול נישט געהאט. דערנאך האט זי באקומען מיגרען — —

די רעשט וועט איהר געוואר ווערען פון דער פרעסע.

מיר מוזען נאָך צוגעבען, אז אין שפיטאָל, ווען מען האט איהם אויסגעטאָן, איז פון וואַשלאַפסקי'ן אראָפּגעפאלען א פּארוק מיט א פאלשער באָרד !

דער „גאסען־לויפער" איז געווען דער ערשטער, וואס האט דעריבער געשריבען, נישט אומזיסט איז ער „גאסען־לויפער" ; ער כאפּט, זאגט מען, גייעס, ווי פליגען.

„וואַשלאַפסקי — האט ער מודיע געווען, — איז קיין געבוירענער מערדער נישט, ער שטאמט פון אַן אלט־שטעדטישער עהרליכער פאַמיליע און האט באקומען אַן אָרענטליכע ערציהונג. נאָכ'ן ענדיגען פון פיער קלאסען, האט מען איהם אריינגעגעבען אין א געשעפט, פון וואנען ער איז איבערגעגאַנגען צו דער באַהן־ביוראָ, וואו ער האט זיך לעצטענס פאַרדינט ביז הונדערט רובעל א מאָנאט. געהייראט האט ער די טאָכטער פון זיין פאָרגעזעצטען, וועלכען ער איז געפעלען מיט זיין כאראַקטער, ווי אַזוי מיט זיין עהרליכער און געטרייער ארבייט. געלעבט מיט'ן ווייב האט ער די גאַנצע צייט פון דריי פיערטעל יאָהר זעהר גליקליך. זי איז איינע פון די שענסטע דאַמען אין וואַרשוי. א בלאַנדינע, מיט העל־שעהנע האָר און הימעל־בלויע אויגען, אַביסעל מאָגערליך, א דורכזיכ־טיגע הויט, פון די אויגען אבער פאלען אויף דער הויט א לייטזעליג קינדישער, גליקליך ליכטיגער שמייכעל. עס זענען געווען אלע שאַנסען, וואַשלאַפסקי זאָל גליקליך זיין, נאָר די וועגען פון דער השגחה פרטית זענען וואונדערליך און טיף, אין וואַשלאַפסקי'ס נשמה איז א שרעקליכע קרענק, וואס ער, ווי אלע אזוינע קראַנקע, האט זיך באמיהט צו באַ־האַלטען פאר דער פאַמיליע, בפרט פאר די חברים. צו פאַרטומלען זיך און צו באַטויבען האט ער אָנגעהויבען טרינקען, צום הייס־געליעבטען ווייב האט ער אָנגעהויבען רעדען מיט אראָפּגעלאָזטע אויגען און גאַנץ אָפט נאָך מיט ביטערקייט אין דער שטימע. אין ביורא פלעגט ער זיצען שטונ־דען לאנג פאַרטראַכט, בייסענדיג די פעדער אָדער פּוצענדיג זיך, מכלומר'שט, די נעגעל. אָפט פלעגט ער פאַרפאַלען ווערען און באַווייזען זיך אין א צייט אַרום פאַרשטימט, צושטערט מיט ברוינע בלוי ארומגערענדערטע אויגען. דעם לעצטען טאָג איז ער גאָר אין ביורא נישט אריינגעקומען. עטליכע קאָלעגען האָבען זיך מיט איהם געטראָפען אין גאס און האָבען איהם באַ־גריסט, נאָר ער האט זיי נישט געענטפערט... ווער עס איז אַזוי לייכט־

זיניג געווען און אזא פאַרשטערטען מענש געבאָרגט פון דער האנט אָרויס און אַנגעלאָדענעם פיסטאָלעט, איז נאָך נישט באַקאנט...

די „אייזערנע שער" האט איבערגעדרוקט פון „גאַסען־לווי־פער" דעם באריכט מיט די באַמערקונגען און נאָך צוגעגעבען:

לויט מען דערציעהלט, האָט הער וו. (די „אייזערנע שער" שרייבט דעם נאָמען נישט אַרויס) נישט גלייך געשאָסען צו פליגעלמאנ'ען. ווען ער צילט צו איהם, וואָלט ער געטראָפען. ווי ער איז באריהמט צווישען זיינע קאָלעגען אלס דער בעסטער שיסער. פאַר־יאָהרען, אין א סילוועס־טער אָוונט, האָט ער נאָך א שאַרף אָוועגטברוים, מיט לחיים'ס אָהן א צאָהל, געשאָסען צעהן מאָל און ניין מאָל געטראָפען אין אָם פיק. גע־שאָסען האָט ער פאַרווירט אויף אלע זייטען, דער פיסטאָלעט האָט אַכט קוילען געהאט. איינע האָט געלעכערט משה־מאָנטיפיאָרע'ס פאָרטרעט, וואָס הענגט אויף אלע אידישע ווענט, און פונקט אין דעם אַלטענס נאָז אַריין; צוויי קוילען האָבען געלעכערט צוויי שויבען אין פענסטער אין צווייטען צימער אריין, איינע האָט באקומען פליגעלמאן, איינע זומערשפּרענקעלע, איינע ער אליין, און די רעשט צוויי קוילען האָט ערשט אויסגעשאָסען דער פעלדשער אין שפּיטאָל. אז וו. איז צו זיך געקומען און האָט באַ־מערקט, וואָס ער האָט אין שגעון געטאָן, איז ער אנטלאָפען און אין טעות מיטגעכאפּט א באנק־בילעט, אין וועלכען ער האָט איינגעהילט דעם פּיס־טאָלעט; אַז מען האָט איהם געכאפּט, האָט ער פריהער אָפּגעגעבען דעם בילעט און דערנאָך זיך געשאָסען. זאָך־פאַרשטענדיגע זאָגען, אַז דאָס געשעהענע אומגליק וואָלט נישט אַזוי גרויס געווען, ווען נישט, וואָס ביידע אידעלעך פליגעלמאן און זומערשפּרענקעלע, זענען אזוינע פּחדנים! צו קראַנק לאכען איז, אז אזוי ווי מען האָט ארויסגענומען דעם פּיס־טאָלעט, זענען ביידע ווי שטום געוואָרען און נישט געשריען „געוואַלט!" — וואָס א איד טוט ביי דער קלענסטער קלייניגקייט. נאָר פליגעלמאן איז ארונטער אונטער'ן טיש און זיין הינטיש־געטריער בוכהאַלטער איז געלאָפען ראַטעווען דאָס געלט אין שוי־פענסטער, (דאָס ערשטע איז ביי אונזערע אידעלעך—געלט!) און איז שוין דאָרט געבליבען!"

אלס צולאַג:

„פליגעלמאן, אלס רייכער מאַן, האָט זיך קורירט אין דער היים ביי זיך. דער געוויסער ד"ר... האָט איהם באַלד ארויסגענומען די קוילען, געוויס איז פליגעלמאן פאַרזיכערט פאר אן אומגליקליכען צופאל און וועט

נאָך פון עסק עפּעס פּאַרדינען. וו. געבעך, און זומערשפּרענקעלע ליגען אין שפּיטאָל און די דאָקטוירים זוכען אין זיי אַרום די קוילען און קאָנען זיי נישט געפינען".

דער „טעלער־לעקער" דערצעהלט נאָך די מעשה און לויבט די באַמערקונגען פון „גאַסען־לויפער" מיט דער „אייזערנער שער" און האָט זיין איינגען שטיקעל מוסר אויך.

„מערדעריי — זאָגט ער — ליגט נישט אין דער סלאַווישער נאַטור. מיר זענען פון דער נאַטור צו ווייך, צו גוטמוטיג און אונזערע נשמות זענען צו ליוטזעליג בלוט צו פאַרגיסען, בפרט וועגען געלט. דאָס שמעקט מיט סעמיטיזם, מיט אַזיען! און דעריבער, אויב וואַשלאַפּסקי איז נישט קראַנק אויף די געהירען, ווי די ציטונגען שרייבען, און דער שפּיטאָל־דאָקטאָר, ווי מיר האָבען געהערט, לייקענט אָפּ, און אויב, ווי וואַשלאַפּסקי'ס קרובים פאַרזיכערען, עס שטעקט אין זיין בלוט קיין איינציגער פרעמדער טראָפּען, האָט די געשיכטע פאַר אונז גאָר אַן אַנדערע געשטאַלט. מיר זענען זיכער, אז פליגעלמאַן האָט וואַשלאַפּסקי'ן באַליידיגט. אונזערע געשעפטס־לייט באַהאַנדלען אַלע גראָב, קוקען פון אויבען אַראָפּ אויף'ן קונד, בפרט פליגעלמאַן מיט זיין אידישער אַראַגאַנץ (חוצפּה). מיר האָפען, אז קיינער וועט אונז נישט פאַלש פאַרשטעהען און נישט רעכענען אונז פאַר אנטיסעמיטען, נאָר פאַקט בלייבט פאַקט, אראַגאַנט זענען זיי די אידען. זיי זענען מענשען און האָבען מעלות און חסרונות, ווי אַלע מענשען, נאָר חוצפּה האָבען זיי מעהר פאַר אַלע פעלקער. די שפּאַניער מעגען זיך ביי זיי לערנען חוצפּה. אפילו דער וואַרשעווער „איזראַעליט" לייקענט עס נישט אָפּ. וואַשלאַפּסקי איז מן־הסתם א שלאַכטשיץ און קאָן קיין פלעק אנדערש, ווי מיט בלוט נישט וואַשען. די אידיאָטישע פראַגע זומערשפּרענקעלע'ס: „וואָס טוסט דו, פּריץ?" האָט איהם נאָך מעהר צוריצט, בפרט נאָך וועז זומערשפּרענקעלע האָט איהם אָנגעכאַפּט, ווי מען זאָגט, פאַר'ן לאַץ — און ער האָט נאָך אַמאָל געשאָסען! דעם צווייטען שאָס קאָן מען שוין אויף זיין חשבון נישט שטעלען! פאַר גרימצאָרן האָט ער שוין נישט געוואוסט, וואָס צו טון!

דאָס אַלץ איז ביי אונז זיכער, דאָס אַלץ וועט שפּעטער באַשטעטיגען דאָס געריכט. די פראַגע איז נאָר, צי האָט ריכטיג געטאָן פליגעלמאַן, וואָס האָט אויסגעריסען פון וואַשלאַפּסקי'ן נאָכ'ן שיסען זיך פון דער

האלב־פאַרשטאַרטער האנט דעם בילעט... ווער ווייסט, ווען וואַשלאַפּסקי איז באליידיגט געוואָרען: פ אַ ר אָדער נאָכ'ן באַצאָהלען פאַר'ן בי־לעט? און אפשר איז וואַשלאַפּסקי געקומען אין געשעפט אַריין פ אַ ר־ק ו י פ ע ן, נישט קויפען קיין בילעט?

פליגעלמאן, הגם אַ איד, קאָן זיין אַן עהרליכער מאַן; עהרליכקייט ווענדט זיך נישט אין דער רעליגיאָן, נאָר אינ'ם כאַראַקטער פון מענש, נאָר ערשטענס, ביי אַזאַ צופאַל! אפשר פיהלט ער זיך גערעכטיג צוצו־נעמען דעם בילעט פאַר די קאָסטען פון דער אָפּעראַציע, וואָס ער האָט זיך געמאכט פאַר'ן פאַפּירענעם געלט, וואָס איז פאַרבלוטיגט געוואָרען אין פענסטער, און אפשר פאַר די עטליכע חדשים, וואָס ער וועט צאָהלען זו־מערשפּרענקעל'ן אומזיסט געהאלט? אין דעם פאַל וואָלטען מיר דעם געעהרטען פליגעלמאן אויפ'ן וואָרט נישט געגלויבט, בפרט היינטיגע ציימען, ווען דער אידישער האַס געגען קריסטען האָט זיך אַזוי געשטאַרקט א דאַנק הערצל'ען עט קאָמפּאַניע, וואָס פאַרשפּרייטען דעם ציוניזם... סיי ווי סיי, די פּאָליציי האָט נישט געדאַרפט דערצו דערלאָזען".

די „היימישע גרין" גיט איבער וואָרט ביי וואָרט דעם „טעלער־לעקערס" ספקות וועגען בילעט און באַמערקט דערצו:

„סיי ווי סיי איז א וואונדערליכע זאַך, ווי די אידישע ממשלה וואקסט אין אונזער וואַרשוי פון טאָג צו טאָג. דער עהרליכער „טעלער־לעקער" פיהלט אויף זיכער, אז דעם בילעט האָט פליגעלמאן גע'גזל'ט כמעט פון א טויטער האנט, און האָט די העזה נישט אַרויסצוזאָגען עס בפירוש און קאָקעטירט מיט אידען און זייער רעליגיאָן אפילו. נישט אין דער רעליגיאָן און נישט אין בלוט, זאָגט ער, שטעקט עהרליכקייט, נאָר אין כאַראַקטער. אבער, הונט־טייוועל־מענש, פון וואנען נעמט זיך כאַראַקטער, אז נישט פון דער הייליגער רעליגיאָן און אויך נישט פון עלטערען בירושה? נאָר דער „טעלער־לעקער" האָט עטליכע הונדערט אי־דישע אבאָנענטען און זיי האָט ער מורא צו פאַרלירען: דער איד איז טרפה, אָבער זיין גראָשען איז כשר. און אפשר שטעקט אסך אמת דער־רינען, ווייל עס איז דאָך באמת אונזער גראָשען... וואָרים וועמעס גראָ־שען האָט א איד?

אָבער מיר אלס פריי און עהרליך בלאַט, זאָגען אַרויס בפירוש: פליגעלמאן האָט דעריבער איבערגעלאָזט זיין בוכהאלטער באגאָסען אין בלוט, ווייל ער האָט געפיהלט, אז מען קאָן כאפּען א בילעט! וואָס? פרעגט

איחר — פליגעלמאַן, דער הויפּט־עהרליכער מאַן פליגעלמאַן וועגען געלד? אוי, נאַרען, נאַרען, קריסטליכע נאַרען! צי ווייסט איחר נישט, אז דאָס גאָלדענע קאלב פאר א גאָט האָט געמאכט אהרן, אהרן הכהן, אחרן, דער כהן גדול, און אז פון דאמאָלט אָן האָט דאָס גאָלדענע קאלב צו שאַפען איבער זייערע אלע נשמות. אז עס ברענט, ראַטעוועט א איד נישט דאָס ווייב, נישט די קינדער, אפילו נישט זיין הייליגע גמרא, נאָר דעם בייטעל מיט געלט!

און אפשר וועט אונזער „טעלער־לעקער" זיך בארוהיגען, ווען פליגעלמאַן זאָל שווערען אין קיטעל און טלית, אז דער בילעט איז זיין? מוזען מיר איהם דערמאָנען, אז אין זיבענצעהנטען און גאָר אין אכצעהנטען יאָהרהונדערט, האָט דער ביסקופּ אין סאַנדאָמירזש פאַרברענט אַכטצעהן אידען מיט אמאָל פאר א פאַלשער שבועה!

ווייסט איהר, וועמען מיר וואָלטען געגלויבט? מאַקע דעם אָרעמען זומערשפּרענקעלע און אָהן א שבועה! נאָר ווען? ווען ער לייקענט אָפּ דעם טעות און נעמט אָן אונזער הייליגע קאַטוילישע רעליגיאָן. און זייט די קויל האָט איהם געריהרט די געהירען, וויל ער עס; בענקט ער צום אמת, חלש'ט ער צום אמת! די באַרמהאַרציגע שוועסטער אַנטאָנינאַ כאַפּט ער אלע מאָל אָן ביי דער האנט און קושט זי מיט ברענענדיגע ליפּען און מיט'ן גאנצען האַרץ. „ביי אונז — זאָגט ער — זענען אַזוינע פיינע, עהרליכע און באַרמהאַרציגע מלאכים נישט פאַראַן!" „ביי אייך — זאָגט ער — איז בעסער, אליץ בעסער!" און ער וואָלט שוין אפשר לאנג די זכיה געהאט אויסגעלייזט צו ווערען פון בלייערנער אידישקייט, און די נשמה זיינע וואָלט זיך אויפגעהויבען אויף הייליגע פליגעל צו גאָטס ליעבשאפט און לייטזעליגקייט, ווען נישט דער אידישער פאַנאַטיזם, וואָס טרעט איהם נישט אָפּ א רגע! אָדער פליגעלמאַן קומט, אָדער א מוטער, אָדער א שוועסטער, מען לאָזט איהם מיט דער הייליגער שוועסטער קיין רגע נישט אליין...

ווען וועט שוין אויפהערען די אידישע ממשלה אין שטאָדט און זייער ווירטשאפט אין אונזערע שפּיטעלער?

נאָר פון אן אנדערען שטאַנדפּונקט פּרעדיגט די אלטע „פּלע־דער־מויז":

— „ווייטער א רויב נאָך א מערדעריי, נאָך א קאַטוילישע נשמה האָט זיך פאַרפלעקט אין בלוט און אין הימעל וויינען די מלאכים פאר

זיין ליעבען־נאָמענס שטול: ווען וועט זיין א סוף?

און וועגען וואָס איז עס געגאַנגען? וועגען געלט!

וועגען געלט האָט א קריסט, וואָס דאַרף ליעב האָבען און אַלע מוחל זיין, געשאָסען יענעם און זיך... און דער זעלבסטמערדער ליגט אין שפּיטאל אין די הענט מיט די שאַרפע נעגעל פון אשמדאי, און די קויל האָט זיך איהם פאַרשטעקט אין די געהירען, ווי א זינד אין א נשמה, און ער קאָן אפילו אויף קיין רגע צו זיך נישט קומען, א קרעכץ טון, אין געדאַנק ווענינגסטענס תשובה טון... און דער יצר־הרע לאכט, און דער יצר־טוב שטעהט אָפּגערוקט פון ווייטען און פאַרשטעלט זיך די אויגען... און דער טייוועל פון גיהנום שטעהט גרייט אויסצורייסען די זינדיגע נשמה פון זינדיגען גוף און צו שלעפּען זי אין גיהנום אריין אויף אייביגען צער, אויף אייביגע יסורים, אויפ׳ן אייביגען פייער!

און מען וועט איהם אפילו נישט קריסטליך באגראָבען, און מען וועט נישט באַשפּריצען מיט הייליגען שפּרינג־וואַסער זיין קבר, ווי א חיה וועט מען איהם אריינוואַרפען אין א זאַק ביי דעם צוים...

און ווער איז שולדיג?

מיינט נישט, אז זיינע חברים, צו וועלכע ער האָט זיין נדן אין קאָרטען פאַרשפּילט, צו די „עופות טמאים", צוליעב וועלכע ער האָט זיין פרום און כשר ווייב פאַרלאָזט, אָדער מאַטע־מאַמע, וואָס האָבען איהם אַרביינען און שפּאַרען נישט געלערענט, און אפילו נישט ער אליין מיט זיין אויסברענגעריי. שולדיג איז דאַרווין! שולדיג זענען זיינע איבערזעצער! שולדיג זענען די אלע, וואָס האָבען געלערענט, אַז א מענש קומט אַרויס פון אַן אַף, און האָט נאָר אַזויפיעל נשמה, וויפיעל עס האָט א חזיר צי אן אנדער אומריין טיר. שולדיג זענען די, וואָס האָבען אויסגעלערט דעם הימעל פון גן־עדן, פון מלאכים און אפילו פון גאָט, און געהייסען אפילו דעם רעגען, ער זאָל פאַלען נישט פון הימעל, נאָר פון וואָלקען! שולדיג זענען די, וואָס האָבען אָפּגעריסען דעם געוויסען, די עהרליכקייט, דעם מוסר אינגאַנצען פון דער רעליגיאָן, און געהייסען זיי זוכען ביי זיך אין הארץ, אין מענשליכען האַרץ, וואו דער טייוועל שטעקט. שולדיג זענען די, וואָס האָבען געזאָגט, אז דער מענש איז נישט באַשאַפען געוואָרען אויף הכנעה, אויף אונטערטעניגקייט, אויף צער און יסורים, אבי גליקליך צו זיין אויף יענער וועלט, נאָר האָבען איהם געהייסען זוכען זיין גליק דאָ, דאָ אויף דער וועלט, אין רינשטאָק פון אַלע תאוות, פון קאָרטען־שפּילען און פרעכע ווייבער! שולדיג זענען די,

וואָס האָבען געלערענט, אז אלע מענשען זענען גלייך, אז אלע ליפּען דאַר־פען טרינקען פון בעכער מיט וויין, אז אלע הענט מעגען גראַבלען אין שיסעל מיט קרעפּלעך — —

זיי זענען שולדיג און אויף זייער נשמה פּאלט דאָס בלוט, וואָס ווערט פאַרגאָסען, די זינדיגע שאָטען, וואָס פאַרשטעלען די היוליגע זון פון דער אמת'ער רעליגיאָן...

דאָ, אויף דער וועלט, אויב וואשלאַפּסקי וועט געזונט ווערען, וועט דער פּראָקוראָר רעדען וועגען איהם; אויף יענער וועלט וועט דער קטיגור רעדען פון דאַרווין, העקעל, באקל און אנדערע חיגט, וואָס האָבען אויס־געביסען די קריסטליכע נשמות"...

און די „טויבע גלאָק" ציטירט די אלטע „פלעדער־מויז" אין צייטונג־שטימען און באמערקט מיט גרעסערע אותיות פון איהר זייט:

„גאָלדענע און בריליאנטענע ווערטער! נאָר וויל פליגעלמאַן איז אַרויס פון געפאהר, זומערשפּרענקעלע איז נישט געפאַלען טויט אויפ'ן אָרט, זאָגט אונז אונזער קריסטליך האַרץ, אז דער באַרמהאַרציגער גאָט וועט זיין פאַר וואַשלאַפּסקי'ן פול מיט חסד, און דער טויט וואַשלאַפּסקי'ס (לאַנג לעבען וועט ער שוין נישט) וועט מכפּר זיין אויף זיינע זינד.

אייביג ליידען וועלען נאָר די, וואָס האָבען די וועלט מיט זייער פאַלשער פילאָזאָפיע פאַר'סמ'ט, און אין מדבר אַריין פאַרטריבען".

פּעד און שוועבעל גיסט דערפאַר דער „סעמיטען־פרעסער":

„מיר זענען — זאָגט ער — נישט אָפּהענגיג פון קיינעם. אויף אונזער געוויסען ליגט נישט קיין איינציגער אידישער פּעניג, מיר ווילען און דאַרפען, גאָט זיי דאנק, קיינעם נישט שמייכלען און קאָנען אַרויס־זאָגען דעם גאנצען אמת. מיר ווייסען נישט און ווילען נישט וויסען, ווער וואַשלאַפּסקי איז, ווי ווייט ער איז געווען פון היוליגען ריינעם גלויבען, ווי אַזוי ער האָט געלעבט אין דער פאַמיליע און וויפיעל חובות ער האָט געהאט אויף זיך. וואַשלאַפּסקי איז שטערבליך קראַנק, און מיר ווינשען איהם „א גוטען שליטסוועג" און גלויבען נישט, אַז גאָט זאָל פון זיינעט וועגען נסים טוּן און איהם געזונט מאַכען, כדי דאָס געריכט זאָל האָבען ארבייט און כדי דער סקאַנדאַל, אז א „כקי" האָט געשאָסען א איד און אפשר נאָך צוגעכאַפּט ביי איהם א פּאָר רובעל, זאָל נאָך אַמאָל דורכלויפען די וועלט! דאָס פאַרלאַנגט אודאי דער וואַרשעווער „איזראַ־

עלים", וואָס וויל דערוועקען רחמנות אויף זיין סטאַדע... און אויב דער בילעט איז וואַשלאַפּסקי'ס, איז ער פאַרפאַלען, א איד וועט אויף זיין קריסטליכער אלמנה מיט'ן קריסטליכען יתום, וואָס דאַרף געבוירען ווע־רען און באקומען בירושה א פיינעם נאָמען, ווי א קין־צייכען אויפ'ן שטערן, קיין רחמנות נישט האָבען! אָבער נישט אין דעם געהט עס. די זאַך איז וויכטיגער, ווי אַ פאַרלאָזטע אלמנה מיט א יתום אָדער יתומה... און עס איז נישט דער ערשטער און נישט דער לעצטער קריסטליכער גראָשען אין אידישע הענט! וויכטיגער איז דאָס, וואָס די אידישע באנ־קירען פיהרען איבער כמעט אלע אונזערע מענער, אלע אונזערע טעכטער און ווייבער! דער אידישער באנקיר פיהרט זיי אראָפּ פון עהרליכען פרו־מען וועג, באַרויבט זיי פון אלע מדות ומעלות טובות, וואָס זיי האָבען מיט דער מוטערס מילך אויסגעזויגט, פון עלטערען אין בלוט באקומען, און דאָס טוט דער אידישער באַנקיר נישט מיט זיין ליכוועט, נישט מיט זיין שווינדעל, דאָס געהט באזונדער! טוט טוט ער עס מיט זיין שווי־פענסטער, וואו ער לעגט אויס דעם יצר־הרע אין געשטאַלט פון זילבער, גאָלד, באַנקאָ־צעטעל און אלערליי ווערט־פּאַפּירען. אַזאַ שווי־פענסטער אין אַן אָרעמער, פאַרהונגערטער, אויסגעמאַטערטער קריסטליכער שטאָדט, איז ערגער, ווי א געצענדינער־מזבח אין גאָטס הייליגען הויז! און וואו עפענט ער זיין שווי־פענסטער? אין די אומרוהיגסטע גאַסען, וואו עס ווי־מעלט פון ארביימער, וואָס געהען אין פאַבריק אריין און קומען צוריק: פון פרויען, וואָס שפּאַצירען, אָדער קומען צוריק פון געבעט: פון אינג־לעך און מיידלעך, וואָס אײלען זיך אין שולע אָדער צוריק־צו־וועגס... דאָס אלץ פאַרהאַלט זיך ביים אידישען באנקירס שווי־פענסטער און בלייבט שטעהן און ווערט בלאַס פאר תאוה, און די אויגען פלאַמען אויף, און די ערגסטע געדאַנקען, וואָס זענען יאָהרען לאַנג געשלאָפען, וועקען זיך אויף צום געוועלטיגען, צום הערשען, צום פאַרפיהרען... דער פרומער אַרבייטער געהט אין פאַבריק אריין אַרבייטען, און דאָס שווי־פענסטער רוימט איהם איין: מאך שבת! און ער געהט און רעדט אָן זיינע חברים צו אַלעם בייז! אַן אָרעם מיידעל מיט א צוריסענעם שאַלעכעל איבער'ן קאָפּ געהט אין אפּטייק אריין פאר אַן אַלטער קראַנקער שכנה נאָך א רע־צעפּט, און דאָס שווי־פענסטער שטעלט זי אָפּ, און רוימט איהר איין: געה צוריק, ווערג די קראַנקע און נעם אַרויס דיין ירושה פון אונטער'ן קי־שען. א ווייבעל געהט דורך, אך! וויפיעל בריליאַנטען וואָלט זי פאַר דעם געלט געקויפט! און אין די אויגען פלאַמט איהר אויף די זינד!

זי ווייסט שוין, ווער עס וועט איהר אַזאַ געלט געבען, דער מאַן מיט די קינדער וואַרטען אויף מיטאָג און זי מאכט אן אומוועג, פאַרשפעטיגט זיך און קומט אהיים מיט א פאַרברענטער נשמה צום פאַרברענטען מי־טאָג... און אונזערע מיידלעך מיט מוזיק־טעשלעך אונטער'ן אָרעם, דער־הערען דאָ אן אנדער מוזיק, א גיהנום־מוזיק... און אונזערע באַמטע לערנען זיך דאָ צו האַסען זייער אַרבייט פאַר ווינציג געלט און אויסצו־שטעלען די הענט אויף מעהר...

דאָס איז דער גיהנום, וואָס יודאַ האָט אונז געעפענט אין אַ קריסט־ליכער שטאָדט און געניוט נאָך אונזערע קריסטליכע באַנקירען זיי זאָלען איהם נאָכטון! מאנכע קריסטליכע שוי־פענסטער געהען נאָך איבער די אידישע! מען קאָן דאָך נישט איבערלאָזען דעם גאנצען געלט־האנדעל אין אידישע הענט, די זאָלען אונז אויסלערען און אַוועקשיקען אונזער גאָלד און זילבער צו זייער נייעם משיח, צום דר. הערצל אין זיין קאָלאָניאל־באַנק אריין!".

אם שארפסטען אפשר איז ארויסגעטרעטען די „צוואנג־יאַקע":

— „ווען וועט מען שוין אראָפּטרייבען די אידישע הענדלער פון קריסטליכען מאַרק? זאָלען זיי צוריק אין געטאָ אריין און דאָרט איינס דאָס אַנדערע ווערגען!

אַוועק מיט די אידישע קהל'שע שוי־פענסטער! וואָרים, מיינט נישט, אַז דאָס איז פליגעלמאַן צי קוגעלמאַן! מאָרגען וועט איהר זיי טרעפען בעטלען אונטער א מויער. קהל'ס קאָמיסיאָנערען זענען זיי, פון אַליאַנס־איזראעליט, פון אידישען פאָנד, פון קאָלאָניאַל־באנק! נישט אומזיסט איז אין די לעצטע צייטען אַזאַ מאַנגעל אין געלט! דר. הערצל האָט צוריק־געצויגען דעם קרעדיט און זאַמעלט 25 מיליאָן דאָלאר אָפּצוקויפען ארץ ישראל ביים סולטאַן! און ארץ ישראל איז נאָר אַן אויסרייד. מיינען מיינט מען דעם הייליגען קבר, וואָס מען וויל שענדען, אָדער באַלעגען מיט אַ אידישען שטיער, ווי זיי האָבען פאַרצייטענס געמאַכט מיט די קלויסטער אין מאלאַ ראָסיע!

דער טאָג איז נישט ווייט! דאָס פיהלען מיר, דאָס פיהלען אַנדערע, דאָס פיהלען אלע עהרליכע, נישט פאַרשטעלטע קריסטען! און נישט ווייט איז דער טאָג, ווען דאָס אלץ וועט אנטפּלעקט ווערען, און דאמאָלט — וועה צום קהל'שען הויז (גרזשיבאָווסקא זעקס און צוואַנציג), וועה צו אַלע ציוניסטען, צו די נאַטאַנזאָנס, צו די גראָסגליקס!

מיר רעדען, חס־ושלום, נישט אָן צו געוואַלט, נאָר די פאַרביטערטע הערצער פּלאַצען און צו קיין גוטס קאָן נישט קומען". —

אין א פּאָר טאָג ארום האָט געשריבען דער „גאַסען־לויפער":

„וואַשלאַפּסקי לעבט נישט מעהר!

דער באַרמהאַרציגער גאָט האָט איהם אויסגעלייזט פון ווילדען שגעון!

דער שגעון איז שוין אצינד זיכער, ווי דער טאָג. דער בעסטער באווייז — די קירכע האָט ערלויבט אויף א קאַטוילישע קבורה!...

מיר האָבען ריכטיג געטראָפען!

זומערשפּרענקעל'ס קויל איז נאָך נישט געפונען געוואָרען!" —

.1903

# נוטע פריינד.

זאל איך היטען זיין ליעבער נאמען פאר גוטע פריינד! באקאנטע, זעהט איהר, זענען נאך קיין אומגליק נישט. גריסט איהר איבעריגע צעהן מענשען א טאג, קאן עס נאר שאטען אייער קאפעלוש; אייער נשמה מעג דערפון וויסען אזוי וועניג, ווי וועניג זי ווייסט פון די ברוסט־ און זעמעל־קיילעכלעך, וואס איהר קנעט און קאלערט, פארטראכטערהייט, איבער'ן טיש.

פריינד אפילו קאנען אויך אמאל נוצליך זיין!

א מענש, וואס האט „התבודדות" מיט „חשבון הנפש", קראצט זיך גאנץ אפט מיט די נעגעל אזוי טיף און שארף אין דער נשמה, אז ער מוז זיך אמאל פארבענקען צום באלזאם פון א פריינדס גע־טרייער האנט, און דער פריינד טוט עס גערן, — „אפגעגעבענע זאכען", טראכט ער. און ווירקליך, ווען איין מענש זאל דעם צוויי־טען נישט העלפען, וואלט נאך קיינעם קיין האן נישט געקרעהט.

אבער „גוטע פריינד". — —

איך מיין אזוינע, וואס זענען נישט מחויב אנצוקלינגען און זענען יוצא מיט א לייכטען אנקלאפען, ווי רחמנא לצלן, דער מלאך־המות... וואס דארפען, מיט'ן מלאך־המות צוגלייך, אפילו נישט פרעגען, צי זיי שטערען נישט... וואס זענען קלאר אין יעדען ווינ־קעלע פון דיין שטוב, ווי א איד אין „אשרי" און — פון דיין נשמה, ווי דיין אייגען בייז געוויסען! ד א ס, זעהט איהר, איז שוין אן אומגליק! א קללה, פון וועלכער די „תוכחה" ווייסט נישט, און קיין גוטער איד זאל נישט וויסען!

און אזוי ווי איך בין געבענשטש מיט אלעם גוטען, בין איך געבענשט מיט גוטע פריינד אויך!

און איינעם, — א גוטען פריינד, הייסט עס, — האב איך, קומט ער צו מיר א פאר מאל אין דער וואך, פרעגען אויף קליין־

געלט! פינף קאָפּיקעס איז שוין אַן הלואה; איבער פינף און צוואַנציג געהט שוין זיין השגה נישט, אָדער געטרויט ער מיין פריינדשאַפט נישט. איינמאָל, אַז ער האָט ביי מיר אַ נייעם, גע־שליפענעם שפּיגעל געזעהן, מיט אַ גאָלדענעם ראָם אין קריינדלעך, האָט ער געקוקט און געקוקט, און אַ ישוב געהאַט, און מיט אַמאָל אַ זאָג אַרויס געטאָן: ד ר י י ס י ג קאָפּ! און דאָס ערגסטע איז — ער גיט אָפּ! און דער עהרליכער מאַן, דער עהרליכער נו־טער פריינד, שלעפּט מיך אַ פּאָר מאָל אין דער וואָך אַראָפּ אין דער בלאָטע, וואו די קליינע ווערעמלעך לעבען און חלום׳ען פון קאָפּיקעס, פון בייגעל פאר קאָפּיקעס, העכסטענס — פון אַ מי־טאָג פאר 5 קאָפּיקעס אין דער ביליגער קיך! איך וויל אַ וועלט איבערבויען, און ער רעדט פון קאָפּיקעס...

אַ צווייטען האָב איך, קומט ער נאָר משבת לשבת, דערפאַר אָבער — נישט מיט לעדיגע הענט, אַ פּעקעל ברענגט ער. אַ גאַנצע וואָך געהט ער אַרום אין גאַסען, קאַפעען, אין הייזער און גערטנער און קלייבט אויף דאָס גאַנצע לשון־הרע, וואָס מען רעדט אויף מיר, און ברענגט עס מיר לכבוד שבת...

און דאָס פּעקעל בינדט ער אויף מיט פּאַרציטערטע הענט, מיט אַ האַרץ־רייסענדיגען רחמנות־פּנים און ברוינע־בלויע ליפּען. ער עפענט דאָס פּעקעל, און די לשון־הרע־ווערעמלעך צוקריכען זיך אין אַלע ווינקעלעך, איבער דער גאַנצער שטוב, ביז אויפ׳ן וואַנט־שענקעל אַרויף, וואו מיינע מאַנוסקריפּטען ליגען, — מיין ירושה, וואָס איך וועל איבערלאָזען דער וועלט, און — עס ווערט אַ שטיל, נאָר אומאויפהערליך פּאַפּיר־פרעסעריי... און ער שטעהט, פאַרלעגט די הענט איבער׳ן ברוסט־ברעטעל, און זיפצט: אַ שלעכ־טע וועלט! און ווערט דערנאָך בייז, שפייט אויס: פוי! נאַטיר־ליך — וואו ער שטעהט און געהט!

אַ גרויסע נפקא־מינה...

און גאַנץ אָפט פיהל איך מ י ך אַ ל י י ן באַשפּיגען...

און אַ דריטען האָב איך, וויל ער מיך גאָר איינגאַנצען אומ־ברענגען. עס איז נישט מיין צייט, זאָגט ער. און מיט אַ זיכער־הייט פון גרעסטען נביא אָדער פון גרעסטען נאַר וויל ער מיר אויסווייזען, אַז איך האָב געדאַרפט געבוירען ווערען: אָדער אַסך פריהער, אָדער גאָר אַסך שפּעטער. איך האָב געזאָלט, אין אברהם

אבינו'ס צייטען, פּאשען שאָף אין דעם מדבר, אָדער ערשט העט, העט לעתיד לבא, — און ארומשוועבען מיט די דאמאָלטדיגע נאָקעטע נשמות אין די העכסטע לופט־ספערען, אויף לופט־באַלאָנען. און לעקען זאַלץ אָדער קאנדעל־צוקער פאר וויסט־בלוי און טיף־הויכער זעליגקייט. אַ ניט, מוז איך ארומגעהן מיט א צושפּאַלטענער נשמה אַ־לאַ בערדיטשעווסקי...

און נאָך, און נאָך...

נאָר איינעם האָב איך, באַשטעהט ער פאר צעהן!

אַן ערנסט־בייז־שווייגענדיגער גוטער פריינד. ער קומט, זעצט זיך קעגענאיבער, און שווייגט.

די ברעמען אראָפּגעלאָזט, די אויגען זאָלען די וועלט נישט פאַר־ברענען; די ליפּען פארביסען, אַ ניט, גאָט ווייסט, וואָס פאר אַ ברענענדיגע דערנער עס וואָלטען פון דאָרט ארויס. און הענט מיט פויסטען; קאַלטערהייט, איז ער גרייט חרוב צו מאכען ש"י עולמות מיט אמאָל!... און אזוי זיצט ער און שווייגט. אונטער זיין שטערן — זעה איך בחוש — וועבט און שפּינט זיך אויס אַן „אבוויניטעלני אקט" קעגען גאָט און וועלט; ער וועט איהם אמאָל ארויסדונגערען... עס איז אבער נאָך צו פריה; זיין צייט וועט ערשט קומען... דערווייל שווייגט ער, אָדער וואַרפט אַ פאָר ווערטער...

און ער זיצט מיר קעגען־איבער און שווייגט. און עס ווערט מיר אומהיימליך פאר'ן שווייגען, עס פאַלט אויף מיר אַן אומעט, אַ מרה־שחורה. איך פיהל, ווי עס דאמפט פון איהם ארויס אַ שאָטען און איך זאַפּ איהם איין מיט די אויגען... און וואָס מעהר שאָטען איך זאַפּ פון איהם איין, טונקעלער, שוואַרצער ווערט אין מיר, ארום מיר — אלץ ווערט גרוי, שוואַרץ און אין איינגוועגס—פויל און ווערמיג.

איך ווער אמאָל בייז:

— וואָס ווילסט דו פון מיר?

— פון דיר? — ענטפערט ער קוים — גאַרנישט! נאָר פיער און צוואַנציג גראָשען אַ טאָפּ קאַרטאָפעל!

— — — — — — — — — — — — — — — — —

גאָט איז מיין עדות, איך עס קיין קאַרטאָפעל נישט. אַ שוואַכער מענש, דאָקטוירים האָבען פארווערט. איך זעה זיי כמעט פאר

די אויגען נישט. וואס געהען מיך אן קארטאפעל. ווען, ווענינגס־טענס — וויינטרויבען!

אבער וואס העלפט עס! ער שווייגט, עס דאמפט פון איהם גרויליך־פויל, און איך זאפ עס און שלינג עס איין!

און איך פיהל, אז איך מוז מיך ווערען קעגען שאטען, קעגען דער מרה־שחורה, קעגען די פוילע ווערעמלעך, וואס הויבען מיך אן, שארכענדיג, ארומצוקריכען אין קאפ...

איך מוז איהם א ל י י ן צורודערען, מיט עפעס העכערס פאראינטערעסירען... מיט העכערס און בעסערס, ווי קארטאפעל, ווי וויינטרויבען אפילו... איך זוך אין די געדאנקען, אין זכרון דאס שענסטע, דאס בעסטע און וויל עס איהם אויסשיטען פאר די וואסעריג־באהאלטענע אויגען מיט די גרויע ווערעמלעך אויף'ן ארט פון אויגען־אפעל, און זאגען: נא, זעה! שעהן איז דאך די וועלט! כ א ט ש קארטאפעל זענען טייער! איך וויל איהם צוטראגען די פיינסטע בלומען צו דער נאז, — נא, שמעק! פאראן צדיקים אין סדום... האניג אויך... קעפ, וואס קלערען; הערצער, וואס קלאפען; הענט, וואס ארבייטען... נאטירליך — לטובת הכלל...

און איך זאג איהם: טאקע טייער קארטאפעל. אבער אונזער ווארשעווער „איזראעליט" האט זיך איבערגעבעטען מיט'ן ווארט „זשיד", און האט עס גע'כשר'ט על פי „לינדע" און אנדערע היסטארישע קוועלען! עס פעהלט אפילו קיין עגמת נפש נישט: ענגלאנד האט חרטה באקומען און צוריקגענומען „אוגאנדא"; די פראקציע מיט דער סעצעסיע וועלען מוזען זוכען נייע שטיינער נעגען דער ארגאניזאציע; דער „חוצפה" האט זיך צובריקערט און ארפגעווארפען דעם ערשטען „באַרייטער"... א רחמנות! דער „גאניעץ", אויף וועלכען מיר האבען מויערען געשטעלט, האט זיך צונויפגעשמעקט מיט דער „ראלע" און געטוישט זיך מיט פראספעקטען... אויפ'ן „יריד פון בעל־מלאכות" האט מען קיין איך נישט ארייננעלאזט און „שא"! די „פאראידישטע" פוילישע פרעסע האט נישט פראטעסטירט, — דאס אלץ איז אמת, אבער פעלדמאן, דער פון גאליציען, א ו נ ז ע ר פעלדמאן, — האט קונה־שם געווען מיט זיין „שאטען" (ציען), וואס מען האט פארגעשטעלט אין טעאטער. עס איז אסך געראטענער פונ'ם „צדיק", וואס מען האט זומער־צייט אין די גערטלעך געשפילט. דארט האט געשלאגען א

נורנע העלקייט פון צדיק'ס קאַפּאָטע, דאָ איז אַלץ באַדעקט און ארומגעהילט מיט א היינט־מאָדישען שאָטען...

נישט אמת, וואָס טשעכאָוו'ס שאָטען האָט דערצעהלט אין „הזמן", אז פעלדמאַנ'ס שאָטען האָט קיין אידישען טעם נישט. און, למשל, אז עס האָט נ י ש ט קיין אידישען טעם? אבער פילאָזאָפיע האָט עס? אנגעפילט מיט פילאָזאָפיע!

פּאַקטען — זאָגט פעלדמאַן — געהען נישט לאבוד, — ווע־רען נישט פארלוירען, הייסט עס. מען פארגעסט זיי אמאָל, אדער מען מאַכט זיך פאַרגעסענדיג, — קומט אבער די רעכטע מינוט, שווימען זיי אַרויס. פון מעשים־טובים שטראַלט אַן אייביגער נחת, פינקעלט ארויס א קרוין איבער'ן קאָפּ... און פון מעשים־רעים — זאָל גאָט שומר ומציל זיין! פון זיי דאַמפט ארויס א שאָטען, וואָס געהט דיר נאָך טריט ביי טריט, טריט ביי טריט, ביז ער עפענט א מויל און שלינגט דיך איין!... ווי א שלאַנג... לעבעדיגערהייט!... דו פאַרמאַכסט זיך אמאָל בחדרי חדרים מיט א נייע שפּילעכעל, מיט א נייער האָפנונג, מיט א ניי גליק, און זאָגסט: איך בין עס ווערט! מיין נשמה איז העל, ווי א זילבערנע טויב; ריין, ווי א פּריש געפאַלענער שניי און ליעבליך מילד, ווי א לבנה־שטראַל... מאַכט זיך א גוטער פריינד, וואָס האָט א זכרון מיט א נאָז, דער־שמעקט ער און דערמאָנט דיך. קומט ער און עפענט די טיר, און לאָזט אריין דעם שאָטען, און עס ווערט דיר אַלץ גרוי און פינס־טער און ווערעמיג פאַר די אויגען! און מען קאָן זיך אויך אָהן דעם גוטען פריינד באַגעהן... דו האָסט גאָר דעם שאָטען אין דיר אליין! פון דער געטאָנענער זאַך בלייבט דיר אַן אָפּזאַץ אויף דער נשמה. און דאָרטען ליגט ער, דער שאָטען, איינגעהויקערט, איינגעקנוילט, ווי אַן אָפּגעגאַנגענער באַנד־וואָרעם... און דאָרט זיצט ער און וואַרט, און לויערט, און לאַקערט... און ווען דו גלייכסט דיך אויס, הויבסט דיך אויף פון מיסט, אויף וועלכען דו ביסט געפאַלען פון קראַנקען בעט, אויף וועלכען דו ביסט געלעגען גרייט צום גוסס'ן, און שטעלסט דיך אויף דער וועלט א געשריי צו טון: להר"ם! נישט געשטויגען, נישט געפלויגען, איך האָב נישט געזינדיגט! ניין, קיי־נער ווייסט נישט, קיינער וועט נישט וויסען! און דער וועקסעל, וואָס איך האָב אויף גליק און לעבען, איז נאָך נישט איינגעצאָהלט, און דו עפענסט דאָס מויל און ווילסט פריי איינאָטעמען, איינ־

זינגען, איינזאפּען דאָס פרייע גליקליכע לעבען, — דאַמאָלט הויבט ער זיך פּלוצלונג אויף, ציהט זיך אויס, הויבט אָן וואַקסען... און ער וואַקסט און צוואַוואַקסט זיך און פאַרשפּרייט זיך אין אַלע דיינע אברים, אין אַלע ריצען און שפּאַלטען פון דיין נשמה... און ער וואַקסט אַלץ מעהר און מעהר, און גרעסער... און וואַקסט דיר פון מויל, אויערען און אויגען אַרויס... און קריכט אַרויס, און לעגט זיך דיר איבער'ן פּנים, און עס ווערט פאַרשוואַרצט; איבער דיין שטוב, און זי ווערט גרוי און וויסט, איבער דער וועלט, און זי ווערט דיר גרין און געל... און דאָס לעבען איז שוין קיין לעבען נישט, דאָס גליק — קיין גליק נישט... גאַרנישט... כאַטש וואַרף זיך אין דער ווייקסעל אַריין... א והא ראיה: א מיידעל!

א מיידעל, נעבעך, האָט צווישען די שווייצער בערג אַן אומגליק געהאַט, א ליעבע, הייסט עס... זי האָט זיך דאַרט פאַרגעסען אביסעל, צו ווייט פאַרקראַכען! נאָר קיינער ווייסט נישט. מיט דער צייט האָט זי עס אליין פאַרגעסען... דער שותף פון דער עבירה האָט זיך שוין לאַנג אָראָפּגעקאָלערט פון א גלעטשער, און עס איז פון איהם קיין שריד ופליט געבליבען... און זי וויל נאָך אַמאָל אויפבליהען. קומט די צייט, שרייט זי: להד"ם! וויל אַנהויבען אויפ'ס ניי! נאָר פעלדמאַן, אונזער גאַליצישער פעלדמאַן, לאָזט נישט. דער שאָטען זיינער לאָזט נישט... מיר און טויער זענען פאַרמאַכט; קומט א גוטער פריינד, וואָס האָט א נאָז און דערשמעקט, א זכרון און געדענקט און לאָזט אַריין דעם שאָטען, און ער צוואַוואַקסט זיך, דער שאָטען, און שלינגט איין דאָס מיידעל מיט'ן להד"ם! פּיף־פּאַף — זי שיסט זיך אין קאָפּ אַריין — —

פאַרשטעהסט?

— נישט כדאי — ענטפערט ער — אַז צוועלף קאָפּיקעס א טאָפּ קאַרטאָפעל!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דאָס בלוט איז מיר אַנטרונען געוואָרען! וואָלט ער כאָטש עפּעס אַנדערש אויסגעטראַכט! אַן אידעע־פיקס, רחמנא לצלן!

איך גיב מיך אבער אַזוי געשווינד נישט אונטער! מיט א קאַרטאָפעל לאָז איך מיך נאָך נישט דערשיסען! דיר געפעלט נישט פעלדמאַן, נאַדיר מעטערלינק! מעטערלינק מיט זיין טרופּע... מיט זיין איינגען ווייב, וואָס שפּילט אין דער טרופּע... זעהר שעהן און

זעהר פריש איז זי שוין נישט, אָבער עפעקטפול. דער עיקר, דער שוואַנען־ווייסער האלז. זי טראָגט זיך טאַקע דעקאָלטירט... זי זאָל א שמאַטשארקע שפּילען, א שמאַטשארקע אין א ווינטער־טאָג, וואָלט זי געגאַנגען אויפגעריסען. דער עיקר איז דער שוואַנען־האלז. דערנאָך ערשט דאָס שפּיציגע נעזעל, די שפּיציגע גאָמבע... דערנאָך ערשט דאָס פראַנצויזישע שפּילען...

עס איז אפילו צו געשווינד און צו עכט פראַנ־צויזיש... נישט אונזער היימיש ווארשעווער באָנע־ און דאַמע־לשון... און די זאכען זענען אביסעל צו טיף, צו הויך און, פאַר אונזער גראָב־היינטיגען בעל־הבית, אביסעל צו נעבעלדיג, און נישט צום גלויבען: בלינדע זעהען מעהר, ווי א קלוגער בעל־הבית מיט אָפענע אויגען; טויבע הערען מעהר, ווי ער מיט אָפענע אויערען אויפ'ן „מיסטישען קאָנצערט" אין פילהאַרמאָניא. נאָר עס מאַכט נישט אויס! מעטערלינק, זיין אייגענע טרופּע, זיין אייגען ווייב, איהר שפּיציג־נעזעל מיט'ן ווייסען שוואַנען־האלז. און — פאַרט פראַנצויזיש. און היינט דער לייכטער מאַנטעל, וואָס לופטערט זיך אין מאַנא־וואַנא איבער'ן נאַקעטען לייב... סודי־סודות! און ווי וואָלט געווען, ווען עס רייסט זיך ווינטער־צייט אויף א פענסטער אין זומער־טעאַטער און עס בלאָזט אריין א משוגע'ן ווינטעל? הא?

און אונזער בעל־הבית לויפט...

פון היימישע מענשען פאַרלאַנגט ער מוסר און צניעות און פאַרקנעפּעלטע קליידער ביז אונטער דער גאָמבע... היינט וויל ער נאָך. עס זאָל אַלץ זיין קלאָר און פּליטקע, ווי א גענזען־טייכעל, וואָס שעמט זיך נישט מיט'ן זאַמד און נישט מיט די ווערעמלעך צווישען זאַמד... פעלדמאַן, נעבעך, כאָטש פיין פּויליש, האָט מורא יוצא צו זיין מיט'ן שאָטען אליין און שטעלט צו א גוטען פריינד, א פּשוט'ען בשר ודם, וואָס עפענט איהם די טיר, און וואָלט זיך, אייגענטליך, אָהן דעם שאָטען באַגאַנגען... אז ער ווייסט, זאָגט ער אליין אויס! ווייסט ער נישט, — טראַכט ער אויס! אבער מעטערלינק! פון איהם פאַרלאַנגען: וואָס? נישט אינטערעסאַנט?

— אפשר, ווען נישט פיער און צוואַנציג גראָשען א טאָפּ קאַר־טאָפעל!

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

טראַכט איך מיר: אַזוי האָסט פיינט טעאַטער, נאַ דיר ליטעראַטור! און איך דערצעהל איהם גדולות, עס וואַקסט ביי אונז, ווי אויף הייוועז; ווי גורקען אין אַ דונער־צייט, ווי גערשטען ביי דער לבנה. דער „איזראַעליט" איז אפילו אומרוהיג געוואָרען... אַ קאָנקורענץ געגען פוילישׁ... נאָר ווער הערט איהם? ! דער „הצופה" וויל איבעריאָגען די „הצפירה" און האָט זיך איינגעשפּאַנט מיט'ן „השלוח" ביי איין דישעל, אפילו אַ חשש פון „כלאים", נאָר פאָהרען וועט זיך... „הצפירה" וועט יעדען פרייטאָג געבען ליטעראַטור: הויך און ווייך, ווי אַ באָבעס — אפשר, נאָר נישט אַזוי פעט! — און דערצו כריין און זענפט פון אַלערליי קריטיק... אפשר וועט עמיץ שרייבען „לידידת"... דער „המליץ" וועט אויך אודאי אַרויסשפּרינגען פון דער הויט, דער „הזמן" אויך... און די „הצפירה" מיט'ן „הצופה" וועלען, זיי להכעיס, נאָך אפשר צוזאָגען שאַטען מיט קאַנדעל־צוקער... און אפשר, — אויפ'ן אַמעריקאַנער אופן — ענטשקעס מיט שטיוועל... און „הילף" מיט הילף פון יענער זייט... און יום־טוב בלעטער, און „לוח אחיאסף" דיק, ווי „טויזענט און איין נאַכט"... און דער לוח איז פון סאַמעראַדנע יונגוואַרג... און די דין־רוויטליכע פינגער צופּען, נישט נאָר די סטרונעס פון דער האַרפּע און זינגען מיט גרויס בענקעניש צו ליכט, לופט און אַלעם גוטען... נאָר אויך אין פּובליציסטיק... נאַ, זעה! מיש איבער די קדושים אויפ'ן פּרעמדען לשון, און ביים ווייטער — סאַמע שווייצער־קעז! באַרוכאַוו בראַקט איין אחד־העם'ן מיט „בערדיטשעווסקי'ן", ווי צוויי שוואָמען אין איין באָרשט, און עס קומט אַרויס, אַז די ליטעראַטור אונזערע וואַקסט יאָ און וואַקסט נישט. דר. טאָן רעדט וועגען דיסציפּלין אין פּאַרטיי און באַווייזט, על פּי קאַנט ושאָפּענהויער, אַז פּאַרטייען באַשטעהען נאָר פון שטיקלעך נשמות, ווייל די רעשט פּאַרטוען מיר ערגעץ אַנדערש... דר. ניימאַרק הייסט דעם דר. הערצל, יק"אַ און אחד־העם, זיי זאָלען זיך דערלאַנגען די הענט און ער וועט זיי אַרומבינדען מיט אַ כשר'ע ציצה, אבי שלום! ווייל באמת „אלו ואלו דברי אלהים חיים". דאָס אומגליק איז נאָר „שפעת קלגסים", — וואָס איינער פאַרשטעהט דעם צווייטען נישט... און נאָך חכמים —

נאָר ער האָקט מיך איבער:

— און וואָס זאָגען די חכמים וועגען יקרות אין קאַרטאָפעל?

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

און דאָס איז אמת!

קאַרטאָפעל האָבען מעהר אַנהענגער, ווי פילאָזאָפיע, שלינגען זיך בעסער, ווי די פיינסטע פּובליציסטיק, אָבער — וואָס קער זיך דאָס אָן מיט חכמים? זיי רעדען אפילו נישט פון וויכטיגערע זאַכען. למשל: וואָס וועט טון די וועלט אָהן קייזער ווילהעלם׳ס פיין־קלינגענדיגער שטימע? פון וואַנעט נעמען זיך דער יאַפּאַנישער פּלאַט מיט דער יאַפּאַנישער העזה צוזאַמען? זיי לאָזען אפילו קיין וואָרט נישט פאַלען וועגען פּראַצעס פון ענגלאַנד קאָנטראַ טיבעט. אפילו נישט וועגען דעם, פאַרוואָס האָט די באַראָנעסין זוטנער נישט באַקומען נאָבעלס נאַגראַדע פאַר פרידענשטיפטעריי? צי דעריבער, ווייל זי געהערט אויך צום אידישען אַפוועהר, וואָס איז נישט מרבה־שלום? און אפילו נישט וועגען דעם ניי־לייכטענדיגען מעטאַל... דער שאָטען „אוגאַנדאַ“, וואָס איז אַרויס פון דר. הערצל׳ס אויגען, האָט דאָס אַלץ פאַרדעקט, פאַר׳חשכ׳ט און דערנאָך מן הסתם איינגעשלונגען...

אָבער, הכלל?

זאָל איך מיך דעריבער, מיין גוטער פריינד, אונטערגעבען?

איז היי־יאָהר — זאָג איך איהם — נישט קיין גערעטעניש אויף קאַרטאָפעל, געראָטען דערפאַר מצוות און מעשים טובים? ממש פון טאָג צו טאָג! דאָס שפּיטאָל — געענדיגט? עס פעהלען אַלץ נאָך וואַרעמע שטיוועל און קליידער פאַר שווינדזיכטיגע, וואָס דאַרפען זיצען אויף באַלקאָנען צי ביי אָפענע פענסטער. — נאָר ערשטענס, א זון אָהן פלעקען, בפרט א שפּיטאָל אָהן פעהלער — איז נישט פאַראַן. צווייטענס — איז אפשר באַלקאָן און אָפענע פענסטער — לאו דוקא! מיר האָבען איבערגעלעבט פּיאַווקעס און באַנקעס, מיר וועלען דאָס אפשר אויך איבערלעבען. אָבער נ אָ ר אויפהערען צו גלויבען די דאָקטוירים, וואָס פיהרען ויכוחים, רופען צו דין־תורה׳ס פאַר קאָלעגען, און אויב די קאָלעגען האַלטען איינעם נישט סאַטיספאַקציאָנס־פעהיג, לויפט ער, ווי דער ערשטער פּוילישער מאַגנאַטעל — מסר׳ן... „אחיעזר“ און „עזרת יתומים“ לעבען, ווי אמת׳ע שוועסטער און ברידער. דאָס הייסט: זיי קריגען זיך כמעט טאָג־טעגליך, אָבער צו א מעסער כאַפּען און אָפּקוילען קומט עס נישט! און עס וועט מיט גאָטס הילף נישט קומען! היינט האַלט

דר. פאזנאנסקי אין דער „דייטשער שול“ איין מאל אין צוויי וואָכען רעדען ווענען אידישער געשיכטע; און נעכטינע אסימילאטארען וואס זענען נאך אינגאנצען פון עולם הדמיון נישט ארויס, קומען הערען, און — אזוי גלויבט, ווענינסטענס, דער דר. פאזאנסקי, — עס קאן זיי זיין צו רפואה... און היינט די נייע צדקה־חברה פאר חדר־אינגלעך! און דער קאנצערט, וואס וועט מיט גאטס הילף זיין פאר די בילינע קיכען, און נאך, און נאך...

און איך וויל קיין אפטימיסט נישט זיין, איך זאג נישט, אז די בעל־בת'ישע נשמה האט זיך, מיר־נישט־דיר־נישט, פלוצלונג צו־גליהט, ווי אין גאטס וויינגארטען, וואס ווייסט פון קיין ווינטער נישט... פון דער העלער הויט ארויס צופלאקערט! איך ווייס, אז א בעל־בית צו זיין, איז לייכט. אז מען איז, איז מען! לעבט מען שוין בשלום מיט גאט און לייט, און מען האמפערט זיך נישט מיט דריי פיערטעל עשרת הדברות... אבער א י י ד ע ר מען ווערט, איידער מען קומט פון „גארנישט מיט גארנישט“ צום זמר פון „מנוחה־ונחלה“! דאמאלט איז אן אומרוהיגע צייט, פון וועלכער עס בלייבט אן אפזאץ אויף דער נשמה...

און אין דעם אפזאץ ליגט באהאלטען דער שאטען! איינגעהויקערט, איינגעקנוילט און איינגעשרומפען, ליגט ער און ווארט, און לאקערט. און זעהט ער, אז דער בעל־הבית וויל פריי אפעטעמען און נעהט ביים רויטען שטורקאץ אין זאקסישען גארטען אויף דער גליטש, קריכט ער ארויס... וויל ער זיך, דער בעל־הבית, איבער־שליטלען איבער'ן פריש־געפאלענעם שניי, מיט א „פרעהליכקייט“, וואס האט עפעס איבערגעלאזט צווישען די שווייצער־בערג, אדער עפעס געבראכט פון דארט, צי פון ערגעץ אנדערש, — שפרינגט ער, דער שאטען, ארויס, און לעגט זיך איבער'ן פריש־געפאלענעם שניי, ווי א שווארץ טוד אויף ווייסע תכריכים... און — „צדקה תציל ממות“! דער בעל־הבית האט אמאל אין חדר געלערענט צי עמיץ זאגט איהם אונטער... און כדי די שמחה ביי טאג און דער שלאף ביינאכט זאלען נישט געשטערט ווערען, דער מאדאם מע־טערלינק'ס שוואנען־האלז זאל נישט פארנעבעלט ווערען און — די וועלט זאל בלייבען וועלט, מוז מען אדער פיף־פאף אדער עפעס טון, גוטס טון... ווארים דער שכר פון מצוות איז אויף ד ע ר וועלט. פרעהליך ווערט, דער שאטען פארשווינדט! כאטש

אויף א ווײלע! און אויף דער ווײלע ווערט אלץ דורכזיכטיג און קלאָר, ווי א געגזען־טייכעל; מען זעהט דעם זאַמד אַרוים, די ליעבע ווערעמלעך אַרוים! און זומער שײנט די זון, אין קאַרלסבאַד אין מארינבאַד, צווישען די שווייצער־בערג... ווינטער גלאַנצט דער שנײ און ביבער־קעלנער שליטלען זיך, אָדער גליטשען זיך אויפ'ן אייז, וואו חוה'ס טאַכטער גליטשט זיך אַמאָל אויס, פאַלט, און עס ווערט א פרעהליך געלעכטער... כאָטש א נײער שאַטען ווערט באַשאַפען...

און איז נאָך נישט אינגאַנצען קלאָר, איז דער שאַטען נישט אינגאַנצען פאַרשוואונדען, האָט די לעבעדיגע זון נאָך פלעקען, געהט מען צו צום ראַנד פון אַפּגרונט, און מען לעגט די פלאַכע האַנט איבער די אויגען, און מען קוקט אַראָפּ: צי קומט ער נישט פון דאָרט, דער שאַטען? עס שווינדעלט אביסעל, נאָר מען קוקט... און „יגעתי ומצאתי" — אז מען קוקט, דערזעהט מען! פון דאָרטען קומט ער! אומריין איז דאָרט! נישט געוואַשענע פּאָדלאָגעס, קוים נענעל־וואַסער, נישט געקעמטע קינדער... און מען לויפט, און מען דערצעהלט עס אין דער היגיענישער חברה און — ממש תוך כדי דבור, ווערט — שופטים ושוטרים! לאָזט מען אַראָפּ אין תהום אַריין א טוץ „אַפּיעקונעס" — אַפּטרופּסים, וואָס זאָלען קוקען אויף ריינקייט, רעדען וועגען וואַשען, רייבען, קראַצען... וועגען גרינעם זייף, און העמדער, נישט דוקא משבת לשבת... און אין דער נעסט פון דער געזעלשאַפטליכער מרה־שחורה וועט אַנהויבען בלאַנקען און בליצען און שיינען...

און ער האקט מיר איבער און פרעגט:

— אַבוואָל פיער און צוואַנציג גראָשען א טאָפּ קאַרטאָפּעל!

און רעדט מיט איהם!

אז אידעע־פיקס, רחמנא לצלן!

.1906

# אַן אָפּענער בריף.

(וועגען מילה־סקאַנדאַל).

מיט א פּאָר יאָהר צוריק וואָלט דער מילה־סקאַנדאַל אַזויפיעל שלעכט בלוט נישט אַנגעמאכט. ביי דער טיר זענען געשטאַנען ערנסטערע און וויכטיגערע פראַגען און האָבען געוואַרט אויף באַשייד... און דער „עולם“ איז געוועזן פיעל ראַדיקאלער, פריידענקישער...

דאָס געשריי פון א פאָטער: איך וויל נישט, מען זאָל מיין טויט קינד באַשניידען, קענען מיין איבערצייגונג... און דער פּראָטעסט פון א קינסטלער, וואָס איז פאַרציטערט געוואָרען, הערענדיג פון באַשניידען א טויט קינד — ביידע וואָלטען זיך גע־הערט, ווי געפּלאַצטע פיש־פּאַכירען צווישען א געפּלאַצעריי פון באָמבען, ווען עס דאַכט זיך, אז אָט־אָט ווערט חרוב די א ל ט ע וועלט און מען טראָגט שוין ליים און ציגעל א נ י י ע צו בויען. — אין אַזאַ צייט וואָלט נישט נאָר די פראַגע פון באַשניידען א טויט קינד, און צי וועלען זיך די ביז אהער באַגראָבענע מתים נישט פיהלען באַליידיגט, נאָר אפילו אין מעריטאָ — דעם עצם־ענין אָפּ־אָדער נישט אָפּשאַפען מילה—געמאכט זעהר א קליינעם איינדרוק...

נאָר די רויטע פּאָהן איז פון דער האַנט אַרויסגעפאַלען, די שוואַרצסטע רעאַקציע האָט געזיגט אויף דער גאַנצער ליניע, פולע תפיסות, פולע קאַטאָרגעס, אין „ווייטען מזרח“ בלייבען זיך טויזענטער סקעלעטען — און דער גרויער מענש, דער מיטעל־מענש, די אונטערדריקענדע מאַיאָריטעט, וואָס שמעקט נאָר צום פּעהנ־דעל, פון וואַנעט דער ווינט בלאָזט — אָט דער גרויסער, גרויסער עולם האָט זיך א וואָרף געטאָן — ר ע כ ט ס...

און—א יום־טוב איז אויף דער רעכטער גאַס... אין דער לינ־קער, אויב מען קרעכצט נישט און מען וויינט נישט, — איז שטיל, בית־הקברות׳דיג שטיל...

און אין דער שטילקייט, האָט זיך דעם טויטען־קינדס פּאַטערס געשריי דערהערט, און דער קינסטלער־פּראָטעסט האָט אין אלע מידע הערצער אָפּגעהילכט. עס איז א פראַגע געוואָרען: און די רעכטע זייט, דערהערענד א גערופעריי פון לינקס, איז באלד ארויס מיט דער פויסט. דער גרויער מענש האָט זיך, נישט קלערענדיג, געשטעלט אויף דער זייט פון דער פויסט... און די געלע פּרעסע, וואָס באַדינט דעם גרויען מענש, האָט געעפענט דאָס מויל — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און אָנגעהויבען האָט זיך די טראַגי־קאָמעדיע.

וואָרים זאָגט, וואָס איהר ווילט, זייט אָן אָנהענגער אָדער א געגנער פון מילה, — טראַגי־קאָמיש איז א פּאַטער, וואָס גיט אי־בער זיין קינד, און, דאַכט זיך, אָן איינציג קינד — דער ערד צום פוילען, און דראָהט מיט פּאָליציי, אויב מען וועט דאָס קינד נישט אריינלעגען אין דער ערד אריין גאַנצערהייט, אויב עס וועט איהם פעהלען א פּיצעל הויט פון צעהן חדשים׳דיגען קינד...

און טראַגי־קאָמיש איז דער ראַבינאַט, וואָס זאָגט: מיר מוזען זיך מוסר נפש זיין פאר מילה פון א טויט קינד, אויסער, אויסער — אויב די פּאָליציי וועט הייסען באַגראָבען אַזוי, ווי עס איז...

טראַגי־קאָמיש איז די גרויסע גרויע מאַסע, וואָס זעהט אין נישט־מל־זיין פון א טויט קינד א געפאַהר פאר׳ן אידישען פאָלק; בפרט דער אסימילאַטאָר, וואָס האָט מורא, ער זאָל זיין צווייטע העלפט נישט פארלירען: נישט בלייבען פּאָלאַק אָהן „מאָיזעשאָ־ווענאָ וויזנאַניאַ“, אויב ער וועט נישט שטיצען דעם ראַבינאַט...

טראַגי־קאָמיש איז דער אידישער, היימיש געבאַקענער אינטע־ליגענט, וואָס ווייזט ראַדיקאַלע פויסטען דער גאַנצער וועלט, מאַכט באַמבעס פאר׳ן פּאַפּסט מיט אלע קלויסטער, שטריק פאר אלע שדים און מלכים, נאָר אז עס קומט צו איהם אליין, ווערט ער פארציטערט...

און טראַגי־קאָמיש איז א פאָלק, ביי וועלכען די פראַגע פון

מל זיין א טויט קינד, ווערט א לעבענס־פראגע און עס קען קומען צו א חורבן פון א קהלה...

עס איז מעגליך, אז אין א געוויסער צאהל פון יאהרען ארום, וועט גרזשיבאווסקא נומער 6 און 28 זיין א חורבה, עס וועט נישט בלייבען א שטיין אויף א שטיין, קליינע שדימ'לעך וועלען זיך דארט שפילען אין זאמד, און צובלאזען עס אויף שבעה ימים, אויף אלע „עק־וועלטען", און תשעה באב, וועט זיצען דארט א אידענע; שווארץ, אין שווארצען געקליידט, אויף א בערגעל זאמד מיט א צאינה וראינה אין דער האנט וועט זי זיצען, און וועט ברומען, וויינענדיג ברומען:

איבער ראד און וואגען איז חרוב געווארען ביתר, איבער א הון מיט א האן — טור מלכא, איבער קמצא בר קמצא — ירושלים, און איבער א גאר נישט, א כמעט גארנישט פון א קליין קינד, פון א קליין טויט קינד — די גרעסטע אידישע קהלה אין אייראפא...

און אויף אן אנדער ארט וועט שטעהן א פאלאץ... א הויכען קוימען וועט ער האבען, ווי די גרעסטע פאבריק. דורך די פענסטער וועלען זיך ארויסרייסען פייערדיגע פלאמען, ווי פון א קאלד־אויוועו, איבער'ן קוימען וועט זיך רינגלען א געדיכט פעטער רויך פון מענשען־פלייש, ביינער, מארך און בלוט, ווי איבער א מזבח — א קרעמאטאריום וואו מ'וועט די מתים פארברענען...

און פאר'ן קרעמאטאריום וועלען דענקמעלער שטעהן. דער פאטער פון טויטען קינד און נאך עטליכע פריידענקער...

---

די מילה־פראגע איז ביי אונז נאך נישט צייטיג...

פאראן נאך זעהר פיעל, פיעל פאנאטישע און אפילו ווילד פאנאטישע אידען. זייער גאט, איז נישט דער גאט פון ישעיה, ירמיה און יחזקאל, און זייער תורה איז נישט די, וואס דארף ארויסגעהן פון ציון! און באלייכטען די וועלט...

קיין ראסע און קיין פאלק איז נישט באפרייט פון אטאוויזם; מיר — א פאלק אהן זעלבסטשטענדיגער קולטור — געוויס נישט...

און א קרבנות־גאט רעגירט נאך, אזויינער, וואס שמעקט נאך פעטען רויך... נאטירליך נישט מולך; גאנצע קינדער נעמט ער

נישט. לייטזעליג איז ער, און באַרמהאַרציג... ער איז יוצא מיט „אבי וואס..."

ותקח צפורה צור... אויסגעפּרואווט!

און מאַכט זיך א ברית ראש השנה, איז דער בעל תוקע מוציא אויך... ער רינט נאָך מיט מקוה־וואַסער און כאַפּט דעם שופר אין בלוטיגען מויל אריין — תקיעה... — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און פרומע אידען זענען פאַראַן — אַן אונטערדריקענדע מאַיאָריטעט, און ביים פרומען איד איז אַלץ הייליג. דער קלענסטער דין אין חיי־אָדם, דער קלענסטער, נאַרישסטער מנהג... דער גאַנצער גלות־שטריק, וואס וויקעלט זיך, פון דורות איבער דורות, ארום זיין האַלז, און דריקט איהם, און ווערגט איהם, נישט אָפּצואָטעמען... איז הייליג! און מען מוז מודה זיין, ווי טראַגיש עס זאָל זיין, אָדער ווי ווילד עס זאָל נישט קלינגען, אַז דאָס פּאָר מינדערען פון אָטעם, דאָס איינשלעפּערען פון אידישען לעבענס־פּולס ביז מינימום, האָט זעהר פיעל געהאָלפען צום אויס־און איבערהאַלטען די קויל־שוואַרצע און די רויט־בלוטיגע צייטען פון אינקוויזיציעס, עקסאַצען און דערגלייכען יאָמערליכער נוים, וואס קיין פאָלק האָט נישט איבערגעלעבט...

און וואס עלטער, איז דעריבער הייליגער דער קניפּ... און מילה איז אזוי אַלט! מ צ י צ ה איז שוין אַלט! דאָס איז א גאַנצע וועלט־אַנשויאונג, א רעליגיאָנס סיסטעם, און נישט אזוי לייכט לאָזט זיך א מענש איינוואַרפען זיין בית המקדש און ארויסטרייבען פון דער חורבה זיין גאָט. דאָס צוזאַמענברעכען פון א וועלט־אַנשויאונג איז די גרעסטע טראַגעדיע. און אַממעהרסטען בלוט איז פאַרגאָסען געוואָרען צוליעב רעליגיאָנס סיסטעמען, מיט וועלכע מענשען און פעלקער ווערען צונויפגעבונדען, צוזאַמענגעוואַקסען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און — אויב עס זענען פאַראַן „אויך"־און „בויך"־אידען, פאַרוואָס זאָלען קיין סימבאָל־און צייכען־אידען נישט זיין?

מילה איז א סימבאָל; א צייכען, אז מען געהער צום אידישען פאָלק. אזוי באַגרייפען עס 99 פּראָצענט פון אידישען פאָלק.

אמת, מילה איז עלטער פאַר אידען... נאָר ווער געדענקט די

אַלטע גרויען צייטען? עס באַשניידען זיך נישט נאָר אידען אַליין; קנאַפּע 200 מיליאָן נישט אידען באַשניידען זיך... דאַס מערהסט אידען לעבען אָבער צווישען נישט באַשניטענע קריסטען!

און דער סימבאָל איד איז גייסטיג אַן אָרעמער, זעהר אָרעמער איד. ער פאַרמאָגט שוין קיין אידישען אינהאַלט נישט. דער תוך פון זיין אידישער נשמה איז אויסגעוועפּט; דאַס ליכטיגע פינ־טעלע איד איז באַגראָבען אין פרעמדען אַש, און צופלאַקערט זיך זעלטען אַמאָל ביי אַ פּאָגראָם, אָדער אַזוי — אין אַ יאָהרצייט... אויף קבר אבות...

קיין שבת, קיין יום־טוב, קיין תשעה באב; קיין אידישע פרייד און לייד. און דאָך לעבט נאָך דער פאָלק־ און ראַסען־אינסטינקט. און פאַר אָפּרייסען זיך פון שטאַם, פאַר גאָר אינגאַנצען אַרויס פון געטאָ. ציטערט מען... און דער סימבאָל איז אַזאַ באַהאַלטענער. און קאָמפּראָמיטירט נישט... און, צום באַרוהיגען דאָס פריי־הייטליכע דענקער־געוויסען: האָט ער אַ דאָקטאָר־שפּרוך: פּראָפי־לאַקטיק... און הערט ער עפּעס קעגען סימבאָל, דאַכט זיך איהם, אַז מען רייסט איהם אָפּ דאָס לעצטע העמד פון לייב, און מען שעלט איהם, אַ נאַקעטען און אַ בלויזען אין מיט׳ן מאַרק אַריין... און ער דערפיהלט זיך נאָך — עלענדער, אָהן טאַטע־מאַמע, אָהן קרובים, און גוטע פריינד...

און נאָך איין מאָמענט איז פאַראַן אינם מילה־סקאַנדאַל... דאָס אַרויסטרעטען קעגען מילה אויף אידיש, אויף מאַמע־לשון... דאָס רעדען עפּענטליך, פאַר׳ן גאַנצען עולם! די פּוילישע בּראָ־שורע: „אַוועק מיט׳ן באַרבעריי“, די אַרטיקלען קעגען מילה אין פּוילישען „איזראַעליט“. נאָך מעהר אפּיקורסישע אַרטיקלען אין „השלוח“, אין אַמאָליגען „השחר“, ווער שמועסט אין אַמאָליגען „החלוץ“, זענען שאַרפער, פיעל שטאַרקער, פיעל איבערצייגענדער געווען, אָבער — געהאַלטען אין אַ שפּראַך, וואָס איז נישט צו־גענגליך פאַרן ג ר ו י ס ע ן ע ו ל ם. און דעם גרויסען עולם, מיינט אונזער בעל הבית און זיין משרת דער בעל־בתישער אינטע־ליגענט, טאָר מען די אויגען נישט עפענען...

שאַדט נישט, זאָל מאָרגען איינגעפיהרט ווערען אַלגעמיינע וואַהל־רעכט, וועניגסטענס צו אַ שטאָדט־דומע, אָדער ווען נאָר צו אַ קהל־שטוב, וואָלט דער זעלבער בעל־הבית, דער אייביגער פאַר־

וועניג און זיין אינטעליגענט געשטעלט זיך פאר'ן נייעם פרנסה־געבער און כבודים־טיילער אויף די הינטערשטע לאַפּקעלעך, און אין די הינטישע אייגעלעך וואָלט זיך אַנגעצונדען אזא מין זיי־בערגעבענהייט, אזא מין געטריישאַפט און אזוי פיעל חנופה...

דערוויילע אָבער איז עס צוקונפטס־מוזיק...

דערוויילע האָט מען צופיעל שטיקער עולם הזה, וואָס מען דאַרף פאר'ן עולם באַהאַלטען: נישט ווייזען, עס זאָל איהם קיין וואַסער אין מויל אריין, ער זאָל קיין שלעכט אויג נישט געבען, קיין האַנט נישט אויסשטרעקען... און — אזוינע אידעען אויך!

בפרט דאָס ארויסטרעטען קעגען אזא רעליגיעזען גרונט־געזעץ!

מאַסען אָהן רעליגיאָן, ווי שרעקליך!

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

נישט דאָ, אין אַ אָפענעם בריף, איז דער אָרט צו באַטראַכטען די פראַגע פון סאָציאָלאָגישען שטאַנדפּונקט: פון וואַנען שטאַמט מילה — אין אַלגעמיין, קודם מתן תורה, און נישט נאָר ביי אי־דען אליין. די פראַגע איז נאָר: וואָס פאר אַ כאַראַקטער האָט מילה ביי אונז.

ערקלערען מילה מיט פּראָפילאַקטיק איז ראַציאָנאַליזם. מיט סימבאָליסטיק — דערצו דאַרף מען אַ פאַרגעבעלטען קאָפּ. און גאַנץ אויסטערלישע אויגען מוז מען האָבען, מען זאָל זעהען אין דער אָפּעראַציע אליין פּאָעזיע אדער שעהנקייט.

רעכט האָט דער פשוט'ער איד: מילה איז אַ קרבן.

נביאים זענען אויפגעשטאַנען קעגען קרבנות. אָבער נביאים, אזוינע וואָס גאָט האָט זיי געגעבען די ווערטער אין מויל אריין, אַנריהרענדיג די ליפּען מיט אַ פייערדיגע קויל. מענשען, וואָס האָבען געטריבען די אַלט־צייטיגע שוואַרצע וואָלקען מיט שטראַ־לען פון שפעטסטען מאָרגען, וואָס האָט זיך שוין געוויטעלט אויף זייערע הויכע בערג, ווען די טעלער זענען נאָך איינגעהילט גע־ווען אין שאָטען. און מענשען זעלבסט־פאַרגעסענע, וואָס האָבען געגעבען צום פאָלק אין נאָמען פון הויכע אידעאַלען, אין נאָמען פון איינציגען גאָט...

דאצו טויג דער מאדערנער קינסטלער נישט... דער, וואס קען פון זיך אליין נישט ארויס און נישט אריבער, וואס וויל זיך גליטשען איבער לעבען, ווי א לאכענדיגער ליכט־שטראל איבער א וואסער שפיגעל; דער, ווען ער שטעלט זיך קעגען אלטע, ריזיג־אלטע רעליגיעזע מאמענטען, ווערט שטענדיג אויסזעהן ווי א דאן־קיכאט, וואס רייסט זיך מיט פליגעל פון ווינט־מיהלען; אדער, ווי א אינגעל, וואס כאפט זיך מיט א רייט־בייטשעל צו דער לבנה...

די עכט־פרומע, די ערנסט פרומע האבען געהאט דאס רעכט זיך צו פיהלען באליידיגט און געקרענקט...

אבער פון דער אנדערער זייט, איז מילה א קרבן, מוז עס זיין א גערנוויליג קרבן: נויטען צו קרבנות קאן מען נישט, טאר מען נישט...

נאך געפערליכער איז אפצושטעלען דאס גאנצע אידישקייט אויף איין מצוה, — זאגען אז אהן דער מצוה, אדער אהן דעם סימבאל, ווערט דאס אידישקייט בטל ומבוטל ווערען, הייסט, נישט מעהר און נישט וועניגער, ווי באליידיגען דאס העכסטע און דאס הייליגסטע, הייסט זאגען: אידישקייט האט קיין תוך, קיין אינהאלט נישט, קיין נשמה נישט, —

ווילט איהר אזוי זאגען?

---

„איך וואלט מיין האנט קענען מילה נישט אייפנעהויבטי" — זאגט נאמבערג, און ער האט פאר זיך רעכט. בפרט ה י י נ ט, ווען דאס אידישע לעבען שוועבט צווישען אזוי פיעל געפאהרען. ווען טויזענטער אנדערע לעבענספראגען געפינען פאר זיך קיין צייט, קיין קאפ און קיין האנט...

נאך מעהר. כל זמן די גרויסע אידישע מאיאריטעט האלט מילה פאר אן אויסשליסליכען צייכען פון געהערען צום אידישען פאלק, דארף, לויט מיין אינערליכע איבערצייגונג, יעדער פרייי־דענקענדיגער איד, אלס איד זיך אונטערגעבען, אום נישט אפגעריסען צו ווערען פון שטאם... דאגעגען אלס פריי־דענקער האט ער דאס רעכט, און אין גינסטיגערע צייטען די פליכט, קענען אזא

איבערצייגונג מיט דער קראַפט פון איבערצייגטען וואָרט — צו שטרייטען.

און דעריבער—האָט עמיץ גערעדט, טאָר מען איהם נישט צונעמען דאָס וואָרט. און וויל מען אַ קינסטלעריש מויל מיט שמר ציגע שמאַטעס פאַרשטופּען, מוזען מיר רופען:

ש מ ו צ י ג ע  ל י י ט, ה י  ה ע נ ט  ב י י  ז י ך!

.1908

# אויף א מיטינג.

נ י י ן א זייגער פארנאַכט האָב איך ערהאַלטען אַן איינ־לאַדונג אויף אַן „ערלויבטען“ מיטינג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבען זייגער ז י ב ע ן, דאָס הייסט מיט צוויי שטונדען פריהער. איך באַטראַכט דעם פּאָסט־סטעמפּעל: ער איז נאָך פון אייערנעכטען. איך פרעג ביי'ם בריפּענטרעגער באַשייד, שמייכעלט ער: „פאַר־דעכטיגע“ בריף הייסט מען אָפּגעבען וואָס שפּעטער, וועגינסטענס מיט א טאָג שפּעטער.

— יאָ געהן, נישט געהן?

איך קוק אַרויס דורכ'ן פענסטער: די גאַס איז שטיל. איך בויג אַרויס דעם קאָפּ דורכ'ן לופטשיק: מען הערט נישט מעהר, ווי דאָס זעלטענע קלינגען פון שליטען־גלעקלעך — מען שיסט נישט אין די גאַסען. אין דערהיים זיצען ווערט שוין איבערדריסיג, מען פיהלט זיך אָפּגעריסען פון לעבען, פאַרשיקט, פון אַלעמען פאַר־געסען, פון גאָט און וועלט צוזאַמען.

איך געה.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער שניי סקריפּעט עפּעס נישט היימליך אונטער די פיס. איבער'ן קאָפּ א קאַלטער, אַנגעצעטער טונקעל־שטאַלערנער הימעל מיט א האַלבער מאַט־זילבערנער לבנה, — אָפּגעביסען אַדער אָפּגע־שאָסען די צווייטע העלפט! און זי וואַנדערט ווייטער — א קאַ־ליקע. ערגעץ וואו, ווי פאַר שרעק צוזאַמענגעשטויסענע הויפענ־לעך שטערן. די נאַסען — לער, די לאַדען — צו.

ביי א ווינקעל שטעהען צוויי גרוי איינגעהילטע סאָלדאַטען. עס איז זיי קאַלט און לאַנגווייליג. זיי טופּען מיט די פיס, גע־נעצען און איינער, הער איך, צוקומענדיג, זאָגט דעם צווייטען:

— איי, ווי מיר ווילט זיך אצינד אויסשיסען!
— לאַנגווייליג! — איז מודה דער צווייטער.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

גאָט זיי דאַנק, איך בין שוין אויפ'ן מיטינג. קאָפּ אויף קאָפּ. עמיץ — דער צווייטער צי דער דריטער רעדנער — שטעהט ביים בעלעמער און האַלט אין מיט'ן דרשה. קלאַגענדיג — שעלטענדיג גערט דער טאָן:

„הייזער האָט איהר געבויט און זייט אין זיי נישט געזעסען... בוימער האָט איהר געפלאַנצט, און זייער פרוכט נישט פאַרזוכט; קליידער האָט איהר געוועבט, און פרעמדע האָבען זיי געטראַגען, און אייך האָט דורכגענומען די נעץ און די קעלט; קאָרן און ווייץ האָט איהר געמאָהלען, און קיינמאָל נישט געגעסען צו דער זעט! און אייערע זיהן, און אייערע טעכטער האָט מען אייך פון די אָרעמס ארויסגעריסען און צו פרעמדער, שווערער ארבייט געטריבען"...

איך דערקען די „תוכחה", מיין תוכחה, מיט וועלכער מען האָט מ י ך פאַרשאָלטען, און דאָך מיינט דער רעדנער נישט מיך... און אויך נישט מיך מיינט ער, ווען זיין טאָן ענדערט זיך, ווען עס שלאָגט זיך אונטער'ן באַלקען דער שטאָלענער קלאַנג:

— נאָר אצינד איז אייער טאָג געקומען! איהר וועט די ריכטער זיין... און איהר וועט משפט'ען... מאָס פאַר מאָס!

ווי די טראָמפּייטען איבער יריחו'ס מויערן קלינגט עס!

אַבער נישט מ י ך מיינט ער. און איך פאַרזינק אין מיינע געדאַנקען, און איך טראַכט:

— צי איז ווירקליך אזוי נאָהנט שוין דער טאָג?

מאָסקוואַ איז שטיל געוואָרען.... די באַריקאַדען צושמעטערט... דאָס „שולדיגע" און „אומשולדיגע" בלוט איז פאַרשיט מיט ריינעם, אונשולדיגען שניי. דער ב אַ ה ן - ש ט ר י י ק איז נישט געראָטען, דער אַ ל ג ע מ י י נ ע ר — נאָך ווייניגער. די רענטע איז געשטיגען. די אויסלענדישע פּרעסע ווינשט דעם גראַף וויטע גליק; זיינע פּאַפּירען זענען אויך געשטיגען! דורנאָוואָ וואַקסט נאָך איבער וויטען! די געפענגענישען זענען איבערגעפילט, אין די שפּיטעלער איז נישט אריינצוואַרפען קיין שפּילקע. פון די צערקלען געהען די קולות עד לב השמים...

און אמת׳ער סרום׳ער „הכצעקתה". נאר גאט מיט זיינע מלאכים קוקען נאך נישט אראפּ...

צי גלויבט דער ע ו ל ם דעם רעדנער?

איך קוק מיך אום און קום אויך צום גלויבען.

די צאהל פון די אַפּטריניגע, פון די איבערלויפער פון יענעם צד באווייזט עס מיר: איידער א שיף געהט אונטער, אנטלויפען די מייז. און דער מיטינג־זאל איז פול מיט אזוינע מייז...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אט די לייט פון דער פּרעסע, וואס שטעהען ארום „בעלעמער" און ווארטען אומגעדולדיג אויף זייער צייט צום רעדען, די היינט־מאדישע געלערנטע...

דאס זענען נישט די, וואס וועבען אין דער שטיל די אידעען פאר שפּעטערע צייטען; דאס זענען די, וואס ארבייטען א ו י פ ׳ ן ט א ג א ו ן פ א ר ׳ ן ט א ג! איינצעל־פּארקויפער... די צווייטע צי די דריטע הענט. פאר דאס אַבער מענשען מיט נעז פון כארטען אדער פון האזען, וואס דערשנאפּען אויגענבליקליך, פון וועלכער זייט עס הויבט אן צו בלאזען דער ווינט!

דאס זענען גלגולים פון די, וואס דינען שטענדיג דער גע־גענווארט, דעם ערשט־געבוירענעם אצינד. גלגולים פון די, וואס האבען אמאל די קנעכטשאַפט פארטיידיגט, וואס האבען אמאל שווארץ אויף וויים באוויזען, אז גאט האט עס אייגענהעגטיג בא־שאפען די סטאדע, און דעם הונט, צו היטען די סטאדע, און דעם פּאסטוך, צו שערען די סטאדע; אדער: הערען, קנעכט און די פּא־ליציי אין דער מיט.

דאס זענען גלגולים פון די, וואס האבען שפּעטער אביסעל דעם ב ע ל ־ ב ת י ש ע ן ל י ב ע ר א ל י ז ם געטראגען, די היילינע מאכט פון „פּרייוויליגען" קאנטראקט געפּרעדיגט, די גע־רעכט־מעסינקייט פון קייטען, וואס מען זעהט נישט מיט בלויזע אויגען — פון שווינדעל און שטילען רויב באוויזען; מיט איין ווארט: וואס האבען אלץ־אין־איינעם די בעל־בתישע ברודיגע וועש אין געלערטען זייפען־שוים געוואשען און גערייניגט. און היינט זענען זיי דא! היינט ווארפען זיי די בריק פון געלערטען שפּינ־

וועבס איבער'ן אפגרונט צווישען זעט און הונגער, צווישען פינס־טערניש און ליכט... און — זיי ווייסען געוויס, וואס זיי טוען!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

רעדנער רעדען; פער און שוועבעל גיסט זיך זיי פון מויל. מיט ברענענדיגע אויגען און טאפעלט־שארפע שווערדען טראגען זיי, ווי אמאליגע כרובים, די בעלי־בתים פון גן־עדן ארויס! אפגע־שאפט מוז ווערען זייער פריווילעגיע; די ג ע ד ו נ ג ע נ ע ארבייט... ווארים „דריי־פאכיג איז דער פלוך פון דער געדונגענער ארבייט!“ „מיט פארדרום ארבייט דער, וואס באקומט נישט דעם גאנצען ווערט פון דער ארבייט“. „מיט עקעל און גרימצארן ווערט איבערגעפילט דער לעבעדיגער מענש, וואס מוז ארבייטען, ווי א טויטע מאשין; וואס איז נאר א צולאג, א צודאט צו דער טויטער מאשין! וואס מוז זיין אונטערטעניג דעם ראד, דעם טויטען ווערק, אהן איניציאטיווע, אהן ווילען און דעריבער אהן לוסט צו דער ארבייט!“

און „פארפלוכט איז די ארבייט דורך איהר פארטיילונג, דורך איהר צוברעקעלטקייט; ווען דער מענש מאכט אלץ אינ־איינעם דיזעלבע אויסגעמאסטענע, פארגעשריבענע קליינע באווע־גונג, אפט נישט וויסענדיג אפילו, צו וואס זי נוצט“...

„נידריגער פאר'ן פיה איז דעריבער געפאלען דער מענש... מיר ווילען איהם הויבען!“

„הויך דער מענש!“ — „נידער מיט'ן בעל־הבית!“

„הויך דער מענש!“ — „נידער מיט'ן בעל־הבית!“ ברילט דער גאנצער סאלאן. נאר אינמיטען ברילען פון דער שטורמיגער מאסע קייקעלט זיך דורך א דונער פון גאס...

א פראוואצירטע באמבע, צי א שאס פער טעות פון א האר־מאט?

אבער דאס אלץ שרייט איבער דער רעדנער!

"נאר דער טאג פון דער וועלט־גערעכטיגקייט קומט! מ י ר וועלען די ריכטער זיין“ — —

און צווישען ארבייטער־עולם זיצען בעלי־בתים, מיט נארישע פנים'ער, נאריש־אויסגעגלאצטע אויגען, און הערען זייער שאנד, און פאטשען מיט: „בראוואָ!“ —

און עס טרייסלען זיך זיי די בייכלעך, ווי פאר נחת! זיי זענען נאך קיינמאל נישט אזוי הערליך געווען!

„די שקלאפעריי, די ניי־מאדישע שקלאפעריי מוז אפגעשאפט ווערען!“

„בראוואָ, בראוואָ!“ און הענט מיט גאָלדענע רינגען הויבען זיך אין דער הויך און פאטשען בראוואָ! און די גאָלדענע קייטען טאנצען איבער די פלושענע וועסטען פאר גרויס נחת!

און דאס זענען דאך דיזעלבע שטאָלצע בעלי־בתים, וואס האָבען ערשט נעכטען אינדיווידואליזם און, על פי ניטשע די „הערן־מאראל“ געפּרעדיגט, וואס האבען דעם שווייס פון ארבייטער־פאָלק נישט געקאָנט פארטראָגען, וואס האבען זיך געהויבען, ווי די געטער אין וואָלקען, הויך איבער'ן „פעבעל“. וואס האבען געהאלטען יעדען פארלאנג פון א העכערען לוין פאר א דרייסטקייט, דאס פאר־קירצען פון ארבייטס־טאג — פאר א פארברעכעריש אומפאר־שעמטקייט, וואס האבען אלע ארבייטער פאר איינפאכע גנבים גע־האלטען און געלאזט רעווידירען ביי יעדען אריין־און ארויסגעהן פון פאבריק...

און אצינד? אצינד לויפען זיי איבער! פאטשען זיי בראוואָ. און ווילט איהר, שלאגען זיי זיך אין הארץ אריין „על־חטא“. עס געהט, אפנים, דער יום הדין, עס געהט!

אט שטעלט מען ווי ערב יום כפור, קערות! פאר געפאנגענע, פאר פארוואונדעטע, פאר פאמיליען פון געפאלענע, פאר פארשיק־טע און — אויף געוועהר!

און דער בעל־הבית ווארפט מטבעות; אויף זיין אייגענעם „פאהיבעל“ ווארפט ער.

ער איז מיר קיינמאל נישט אזוי נמאס געווען.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און די שווארצע לייט קומען אויך.

לאנגזאם און שטיל קומען זיי. פאמעלעך, ווי עס פאסט פאר הייליגע לייט; שלייכענדיגע, ווי אמת'ע טעמפעל־דינער.

אט געהט איינער צו בעלעמער צו פרעדיגען. קריסטליך־סאציאל פרעדיגט ער.

נעכטען האט ער די באצווינגער געהייליגט. קלוגע שווינדעל־

קעפּ געזאַלבט, כאַפּער־העגט געבענשט; איבער בעכער פון בלוט און שוויים ברכה געמאַכט. און היינט?

„מיר האָבען עס שוין לאַנג געזאָגט! לייכטער איז א מויל־טיר צו פּאַסירען דורך אַן אויער פון א נאָדעל, אלס דעם רייכען דורכצוגעהן דעם טויער פון גן־עדן“...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

מיט דער צייט וועלען נאָך וועלט־באַצווינגער קומען און זאָגען: „יענע זענען שוין צו שוואַך; זייער נאַקען שוין צופיל דורכגעפּוילט, און קענען שוין אונזערע שטולען נישט דערטראָגען; א י ה ר זייט פריש און געזונט, בויגט אייך און לאָזט זיי אונז שטעלען אויף אייך“...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַלץ וועט קומען מיט דער צייט!

דערווייל, א היים־געהענדיג, פּאַסיר איך דורך טויטע גאַסען.

קאַלט און שטיל איז דער שטאָלענער הימעל, מיט אייז־פינקעלדיגע שטערענדלעך און א האַלב־אָפּגעשאָסענער לבנה...

אומהיימליך סקריפּעט דער שניי אונטער די פיס און אקעגען קומט מיר א וואַקעלדיגער קאָזאַק:

— טי קודא שליאַעשסיא?!

איך כאַפּ פאַר שרעק ארוים א פּאַפּיראָס און דערלאַנג איהם.

— ספּאַסיבאַ, באַרין! — ענטפערט ער מיר און וואַקעלט זיך ווייטער.

.1906

# פון דער שווערער צייט.

דאס קריסטליכע ווארשע איז פון דער העלער הויט פרום געווארען: איבער טיר און טויער, אין פענסטער און וויטרינעס, איבעראל — הייליגע בילדער. דאס פרומע קריסטליכע ווארשע קריגט פחד פאר'ן הונגעריגען, אפעלירט צום קריסטליכען רחמנות, יושר און ברודערשאפט און ווייזט אן מיט'ן מינדסטען פינגערל צום אידישען שכן; יענער איז געוועהנט דערצו און די שטראף וועט זיין לייכטער...

דערווייל פארשטעהט מען זיך נישט אויפ'ן וואונק.

א דרייצעהן יעהריגער יאשקא מיט אן אפגעריסענעם דאשעק און א צושפאלטענעם אויער און „זיינם גלייבען" יוסקע מיט לויפענדיגע אויגעלעך און א צוקראצטען נעזעל קוקען נישט אויפ'ן „להבדיל" פון צווישען שתי־וערב און ארבע כנפות, און כאפעןביידע צוזאמען איין פלאש מאנאפאל, און ווארפען אויף דער געפרווירענער גאס. דאס „לעבעדיגע וואסער", וואס האט געקאנט דערקוויקען אזוי פיל פרומע נשמות, שפריצט לחלוטין אומזיסט ארויס פון דער צושמעטערטער פלאש, און אמת'ער „בל־תשחית". און די פלאשען־שטיקער גליטשען זיך קלינגענדיג און פינקלענדיג, גלייך עפעס רעכטס, ווייטער איבער'ן אייז...

א פרומע ווייבערשע נשמה, ארייגעזעצט פון בעל־הרחמים־גאט אין א גוף מיט א געשטופעלט און האלב אנגעשוואלען פנים, טאפט א פלאש אונטער א שאל און לויפט צו א ווינקעל און וויל שוין א ברכה מאכען, — יאשקא און יוסקע האבען עס דערזעהען: שטעה, אלטע מכשפה! מיר זענען קיין גנבים נישט! און מען רייסט איהר אויס פון אונטער דער שאל די פלאש, טראסק! עס שפריצט, עס קנאקט — —

און פאר גרוים שמחה איבער'ן נצחון כאפען זיך יאשקא און יוסקע ארום און זינגען, און טאנצען מיט האלב־באָרוועסע פיס אי־בער אייז און גלאָז...

---

א גרויסער הויפען געהט. ערנסט, גלייך, „פריוועסאָווסקים" מיט מיצען און קאפעליושען אויסגעמישט, איבער דער גאַס, די אויגען פאר זיך, גלייך!... זיי געהען אפשר א קעגען משיח'ן?

צווישען עולם דערהערט זיך א קול: „עה, גוטע ברידער! וואו־הין געהט איהר? וואס טוט איהר? אויף דער פראנציסקאנער גאַס האבען אידען א גלח געטויט! קומט!" דער עולם פארצי־טערט א ווײלע, נאָר עמיץ נעמט די שלאַנג אַן ביי א לאַץ: „אין וועלכער פאבריק ארבייטסט דו, ברודער?" ער שווייגט, און פויס־טען האגלען אויף זיין קלוגען קאָפּ...

---

וואס איז געשעהען?

צי איז ווירקליך גענוג געווען, אז אַן אַלטער, אסטמאַטי־שער גענעראַל זאָל, אויפ'ן וועג פון ווילנא קיין פּאריז, אָפּשטעלען זיך ביי דער נעווא, און, אפשר אָהן שום כונה, ארויסזאָגען דאָס וואָרט: „צוטרויען" — עס זאָלען ווירקליכע וואונדער געשעהן?

צי האָט ער, נישט ווילענדיג, אָפּגעשפּראָכען אַן עין־הרע, פאַריאָגט א שווערען כשוף, אָפּגערוקט איין אַלף פון שווערען ה א ר ץ? און דער גרויסער עולם איז ארוים פון דער הינער־פּלעט?

אלץ קאַפּויר: בלינדע זעהען, לאַמיר לויפען, טויבע שרייען...

און אין מיט'ן ווינטער אונטער'ן גרעסטען אייז רודערט זיך, וועקט זיך: אַקסעל צו אַקסעל, ברידער! הויבט אייך, צוּאַווייגט אייך, צושמעטערט! דער הימעל רופט!

---

דערווייל איז נישט היימליך, איבערהויפּט אָווענט־צייט...

די לערע אָפּגעשטאָרבענע גאַס קוקט דיר אין פענסטער אריין מיט בלינד־אונטערגעשלאָגענע אויגען, מיט אַן איינאייניציגען

לאמטערן, א שריד ופליט פון אלע חברים... און דאס ארעמע פלע־
מעל דערינגען ציטערט, פלאטערט, ווארפט זיך ווי'ן א פיבער:
פיקט, ביקט, ניקט און טיקט זיך, אט פארשלינגט עס די היה רעה
— די נאכט; און עס שרעקט זיך פאר'ן טויט, און אין מיטען דער
גסיסה גיט זיך עס מיט'ן לעצטען כח א ווארף, ווי א שלייען פון
אונטערן מעסער, און א הייב, א טאנץ — ווי לאנג וועט דויערן
די גסיסה?

ערגעץ ווייט, ווייט פלאצט א שויב פון א ווינטאַווע, — אפשר
א שאס? א „צופעליגער"... אין עק הימעל שפריצט ארויס א
פייערדיגע צונג פארשווינדט און זינקט איין... און ווייטע פאר־
שטיקטע קולות הערען זיך —

נאר טסס!

עס הערען זיך פעסטע, זיכערע טריט איבער דער גאס...

די שטאטס־לאגיק אויפ'ן דרך הישר געהט, מיט „אותות
ומופתים" אין דער האנט... אותות ומופתים ז י כ ע ר ע,
ש נ י י ד ע נ ד י ג ע, פ י י ע ר ד י ג ע...

---

וואס נאך?

עס צושפריצען זיך די געדאנקען אין מח, ווי די פונקען, ווי די
פויגעל אונטערן פרייען הימעל...

עמיץ קלאפט אין טיר?

דאס לעבען? אדער נאר דער „א ו ר ח ח י י ם"?

ביידע נישט.

חברים...

אבער וואס פאר א פנימ'ער ד א ס האט!

— חוזק, — פרעג איך דעם עלטערן, — וויפיעל קווארט
עסיג האסט דו היינט אויסגעטרונקען?

חוזק, אין שווארצען העמדעל מיט'ן גרויסען ביינערנעם קנאפ,
מיט די וואסערדיגע אויגען אין פארמעטענעם פנים, זעצט זיך, פיהרט
מיט א ציטעריגער האנט איבער'ן שוואך־און אש־גרוי באוואקסע־
נעם קאפ, און זיפצט אפ:

— א וויסטער, פינסטערער חלום!

— וואס איז?

— איך בין, ענטפערט ער, קיין גבור נישט, פארפאַלען...

„פאראַן גרויסע שטארקע מענשען מיט אייזערנע הענט און שטאָלענע נעגעל, וואס געהען צו צו פעלזען ביים ים, רייסען פון איהם שטיקער און ווארפען אין הימעל אריין, און ווילען זיך אזויערנאך אראפוווארפען דאָס טעלערל פון הימעל...

„פאראַן קלענערע גבורים, שפּילען זיי מיט אייזערנע רעש־לער, ווי אין באַל...

„פאראַן נאך קונצענמאכער, וואָס שרעקען אומזיסט דאָס „געעהרטע פובליקום“ און ווארפען מיט פּ א פּ י ר ע נ ע קוילען, ד ע ק ע ל ־ ק ו י ל ע ן, נאָר הינטער דער סצענע שלאָגט עמיץ אין א בלעך אריין, מיינט מען: דאָס דונערן די קוילען...

„פאראַן נאכטוואַנדלער, וואָס קריכען מיט בלויזע הענט אויף גלייכע מויערן...

„איך בין עס נישט... נישט קיין גבור, נישט קיין סוראָגאַט פון א גבור...

„איך בין חוזק...

„איך בין א מענש, קאַטאַרי...

„א מענש, וואָס האָט אויך אַ הארץ און א לונג און לעבער...

„נאָר אז דאָס הארץ טוט מיר וועה, האָב איך קיין נביא'ישע טבע נישט, ארויסצולייפען מיט א קול אין מארק אריין: א רוח אין אייער טאַטענס־טאַטען־אריין! און, אז די לונג הייבט אָן פוי־לען און די גאַל גיסט זיך איבער, האָב איך קיין טבע נישט, ארויפ־צושפּרינגען אויפ'ן טורעם פון פייער־וועהר און אראָפּ שרייען: ס'ברענט!... עס ברענט נישט אין ערגעץ, נאָר ביי מיר...

„דאמאָלט האָב איך דוקא ליעב התבודדות...

„ליג איך מיר, ווי א בער אין דער בערלאָגע, און ביים מיך פאר הארץ־הונגער די לאַפּעס; גאַנצע בערג אָפּגעביסען...

„ערשט אז עס ווערט מיר גרינגער, געה איך ארויס.

„נאָך וואָס? פייפען אויף קהל...

„פיהרען, ווי ישיבה־בחורים־גבורים מיט שטענדער פאר כלי־זיין אין די הענט קעגען ארון־קודש, קען איך נישט... גיט מיר א חברה חדר־אינגלעך, מיט געמאכטע פייקלעך, וועל איך מיט זיי געהן צום ראש־הקהל אויף א קאַץ־מוזיק... דאָס קען איך...

„איך געהער נישט צו דעם, וואָס איהר רופט „לעבען“ און

דאס „לעבען“ נעהערט נישט צו מיר. איך שפיי אויפ'ן „לעבען“. און אויך נאר פון דערווייטענס...

„צווישען מיר און דעם „לעבען“ פ ל י ס ט און אפשר שטעהט א וואסער...

„איבער'ן וואסערל שפיי איך, איבער'ן וואסערל שטעל איך פייגען ארויס, פיער מיט אמאל, דאס קען איך! אמאל — א ווייסע צונג, איהר ווייסט, איך לייד אויפ'ן מאגען...

„אז מען זעהט מיך און הערט מיך נישט גוט, שטעל איך מיך אויף שטאלצען און פייף... עס איז נישט אזוי נ א ט י ר ל י ך, נאר עס טראגט זיך וויט, וויט... עס הערט זיך!

„און דער עולם שרייט: בראוואָ! ביס!

„נישט דער געטראפענער — אנדערע... דער געטראפענער שילט...

„כאטש ניט איך בין שולדיג; איך שפיי אין דער וועלט אריין. שולדיג איז דער ווינט, די השגחה פרטית... ער אבער שילט מיך און דער עולם קייכט, פלאצט פאר געלעכטער...

„אמאל פלאצט א גבאי...

„ער האט פון צדקה־פושקע ארויסגעשניפט א גאלדענע מטבע; ער האט געזעהען, ווי א באנקיר האט אריינגעוואָרפען, נישט באַ־מערקט, אז עס איז א פ א ל ש ע מטבע... האט ער גע'לקח'נט... האט ער מורא געהאט פאר באזוכען און געפינען, האט ער די מטבע אויף דערוויל איינגעשלונגען... קום איך ארויס אויף שטאלצען, מיט א יראת־שמים־פנים און איין ארויסגעשטעקטע צונג, און פיער פייגען אין די הענט, — לאכט ער, קנאקט ער, פלאצט ער; איין העלפט—רעכטס, די צווייטע—לינקס, די מטבע—אין דער מיט... דערזעהט דער עולם, זי איז פאלש, פלאצט דער ע ו ל ם פאר געלעכטער“...

— נו, אויך מיין עסק! — וויל'מיר איהם טרייסטען.

— „בא — זיפצט חוזק אפ — דאס אלץ איז גוט געווען איבער'ן רוהיגען, שטיל־פליסענדיגען אדער גרינגליך־שטעהענדיגען וואסערל. מען האט מיך געזעהען, געהערט, און: בראוואָ, ביס!

„צינד — א ים!

„שטעל דיך אויף שטאלצען, פאליעס דעקען דיך איבער!

„פייף — ווען א ים קאכט און זידט...

„שפּיי — ווען ער שפּייט, און גלייך ארויף צום הימעל; טו עפּעס, ווען די וואסער־ריזען צושפּילען זיך, צווזינגען זיך, און שפּארען אין דער וועלט אריין, טראַגענדיג מיהל־רעדער און שטיקער גרעבל אויף די אַקסעל...

„טו עפּעס!“...

---

חוזק פארשטומט, און נישט בעסער, ווייזט זיך אויס אין דעם פּאַעט...

— גם אני בחלומי, זאגט ער...

„א פוילע זאך...

„ווארים וואס בין א י ד? א מענש מיט א פייפערל...

„מיט א פארכשוף'טען פייפערל...

„פון א פארכשוף'טער קאלינע א פייפערל... פון עק וועלדעל, געבויגען איבער'ן וואסער שטעהט זי, און זאפּט אין זיך איין דאס גערויש פון קליינעם שטילען וואסערל, פון קליינעם פארחלומ'טען וועלדעל, פון מחנות פייגעל, וואס פליהען אונטער בלויען הימעל, שלינגען ווערימלער און זאגען שירה, און די ווייסע בייכלער ציטער־רען פאר נחת, פאר דאנק... פון ד ע ר קאלינע א פייפערל“...

און א מיידעל האָב איך געהאט מיט א פויגעל־הארץ...

זיצען מיר אין שאטען פון דער קאלינע, אין עק וואלד, בייס קלאָרען טייכעל; איך שפּיל און איהר פויגעל־הארץ צוגעהט, צור־געהט...

שפּארט זיך אַן דאס זיסע קעפּעל אויף מיין קני, קוקט זי צו מיר ארויף מיט שטיל־זיסע־ברידער־אויגען, וואס פינקלען מיט שטילען נחת, ווי א פויגעל, וואס האט א ווערימעל געכאפּט, און איך זאפּ איין דאס נחת און שפּיל פאר גרויס פרייד, פאר דאנק, וואס גאט האט מיר די פינקעלדיגע אויגלעך מיט'ן זינגענדיגען פויגעל־הארץ באשערט, עס איז מיין...

עס ציטערט איהר ברוסט פאר נחת, טרערען קומען מיר אין די אויגען אריין פאר גרויס דאנק און איך שפּיל אויפ'ן פייפערל...

און עס מאכט א רושם, שטארק! — אויף איהר... זי שטרעקט

צו מיר הונגעריג אוים די ווייסע הענט... דורשטיג שווילען מיר אקעגען די קרעלענע ליפלעך!

און נישט נאר אויף איהר...

א ווייסע גאנז שווימט איבער'ן טייכעל און שטעלט זיך אפּ מיט א דינעם גרעזעל אין מויל... און זי שלינגט עס נישט איין, פאַרגעסט עס און בויגט אוים צו מיר דעם ווייסען האלז און קוקט, און שווייגט...

א יאַלאָווקע קומט ארוים פון שטילען וועלדעל, מיט עכט פרום־קעלבערנע אויגען, מיט א חן'עווודיגען, צערטליך־רינענדיגען מיילעכל און בלייבט שטעהן ווי פארכשופט, און זעגעלט שטיל מיט'ן זיידען־העריגען עק אין דער שטיל־שמעקענדיגער לופט...

און פייגעל מיט ווייסע און געלע בייכלעך שטעלען זיך אפּ אונטער'ן הימעל און צוויטשערען:

— ווער איז דער פויגעל דאָרט?!

„איך געפעל...

„איך געפעל און ווער גרוים; עס איז צייט צו געהן אין דער וועלט אריין, שפּילען פאר דער וועלט... פארכשופ'ן א וועלט, דאָס לעבען באצויבערען, ווי דען!

„און אז מיין מיידעל דרימעלט איין, קוש איך זי שטיל צום „אדיע" אין ווייסען שמאָלען שטערן אריין — און לעג לאַנגזאַם איהר קאָפּ פון מיינע קני אויף א בינטעל גראָז אראָפּ, — זי זיפצט אָפּ אין דרימעל, עס ריהרט מיך נישט, העכערע צוועקען פיהרען מיך... איך פארשווינד, צו דער וועלט לויף איך מיט מיין פייפערל, מיט מיין פארכשופטען פייפערל, פון דער פארכשופטער קאלינע, פון עק וואלד, ביים שטילען טייכעל"...

— נו, שפּיל פאר דער וועלט?

— שפּיל! די וועלט שפּילט, און נישט אויף א פייפערל!

„דאָס לעבען אליין גיט קאָנצערט!

„נישט אויף פייפערלעך, נישט אויף פליטען, נישט אויף הילצערנע און געבלאָזענע אינסטרומענטען...

„האַרמאַטען שפּילען, קאַרטעטשען זינגען, טענער — שראַפּנעלען!

„די לעבענס אָפּערע געהט, א וועלט־פּאָעמא!

„ווי קום איך מיט מיין פייפערל"...

ער האקט אָפּ און מאכט אוועק מיט דער דורכזיכטיגער האנט...

— א רחמנות נאָר אויפ׳ן מיידעל, נעבעך...

---

— מיר איז נישט בעסער! זיפצט דער פילאָזאָף...

יאָהרען האָט ער אין דער הויך אין זיין דאכשטיבעל פאר־בראכט... ביי קאָרגע שטראַלען דורך פארגרינטע שייבלעך ביי טאָג ביי א ציטערינגען חלב׳נעם ליכטעל ביינאכט, איז ער אַ גאַנץ לעבען אָפּגעזעסען, קלערענדיג און גריבלענדיג, וואָס „גלייך" איז...

און אז ער איז שוין גרוי און אַלט געוואָרען, אַז די צייט האָט איהם אויסגעצויגען דעם מארך פון די ביינער און אויסגע־זויגען די פאַנטאַזיע פון קאָפּ, איז ער ערשט גֶעפאַלען אויף דער המצאה, אז „גלייך" איז דאָס, וואָס עס איז נישט קרום...

און ער האָט געוואָלט אויפשפּרינגען פאר פרייד, נאָר די קני האָבען אָנגעהויבען קנאַקען!

אַלץ איינס! אבי נישט אומזיסט אזוי פיעל יאָהרען, אזוי פיעל לעבען געוואָרגען און געשטיקט! ער האָט ארויסגעפישט א פּערל פון תהו ובוהו־דיגען ים... און ער איז אַ גוטער, נישט פאר זיך אליין האָט ער זי געפונען, ער וועט זי שענקען דער וועלט... ווי קראַנק און עלענד ער איז, וועט ער באַשענקען א וועלט...

און ער געהט קוים אראָפּ פון די טרעפּ, אָפּט קריכענדיג אויף אַלע פיער; די ביינער קנאַקען... נאָר, געלויבט איז זיין ליעבער נאָמען, אָט איז די גאַס...

— רבותי, הויבט ער אָן — —

זיין קול אָבער ווערט דערשטיקט...

פאַליעס מענשען שלאָגען איבער דער גאַס, טויזענטער צונגען רופען:

— מיר ווילען! מיר ווילען!

„ווער פרעגט וואָס גלייך איז?"

מיר אַלע פארשוויינען... יעדער פון אונז פיהלט די לאַסט.

זיי — פון שווערע געדאַנקען, איך — פון די יאָהרען...

עמיץ קלאַפּט!

צהאַ? דאָס לעבען?...

ניין... עס האָט זיך נאָר געדאַכט!

שווערע, נאָר זיכערע טריט אין גאַס, די שטאַטסלאַניק געהט מיט אותות ומופתים געחט זי... פּעסט, שטייט, אייזערען...

.1906

# פראַמעטעאוס.

רציחה'שע נקמה!

דאַס שטאָלענע געטליכע האַרץ!

אַ נאַקעטען, האָט ער מיך מיט קאַלטע אייזערנע קייטען צום קאַלטען פעלזען צוגעשמידט.

און פון דער פייכט־קאַלטער הויך לאָזט זיך אַן אַדלער, אַ שוואַרצער, ברייט־פליגעלדיגער אַדלער, מיט אַן אומבאַרמהאַרציג־קאַלטען בליק אין אויג...

און דאַס קאַלטע אומגעהייער, דער קאַלטער פעלז וועט פון מיר זאַפּען און זאַפּען די וואַרעמקייט פון האַרץ, און דער מער־דערישער אַדלער וועט עסען פון מיר די לעבער...

און אייביג, אייביג וועל איך ליידען!

דער מערדער — —

די געטליכקייט האָט ער מיר נישט צוגענומען, די אומ־שטערבליכקייט — נישט! אייביג זאָל שלאָגען דאָס האַרץ, דער פעלז זאָל האָבען פון וואָס צו ציהען. און אייביג וועט צוריק און צוריק וואַקסען די לעבער, דער אַדלער זאָל האָבען אייביג צו פרעסען!

אַזוי וויל ער, יופּיטער —

אַזוי איז ער זיך נוקם!

---

און פאַרוואָס?

ליכט האָב איך ביי איהם גע'גנב'עט, ליכט — אַ פונק פייער פאַר אָרעמע מענשען!

אַלץ וויל ער זאָל זיין איינגעזונקען אין פינסטערען תהום און פון דאָרט אַרויפקוקען מיט באַגייסטערט נאַרישע אויגען צו די

געטער אויפ'ן אָלימפּ, צו די, וואָס זיצען איינגעהילט אין פּרעכ־טיגען ליכט, עסען אמבראָזיאַ און טרינקען נעקטאַר.

און ער וועט זיך פון צייט צו צייט אראָפּלאָזען אין פינסטערען תהום אריין, אין געשטאַלט באַדיי פון א קוה — ארויסצוכאַפּען א שעהנע און א טייערע פּערל פון ים...

און איך האָב זיי ליכט געבראַכט —

כאַ—כאַ—כאַ — עס איז גענוג א פונק ליכט! ביי א פונק ליכט, זעהען די געטער, זעהט דער אָלימפּ אנדערש אויס — און יופּיטער, וואָס קאָן שוין די קוה־פּעל פון זיך אינגאַנצען נישט אראָפּוואַרפען...

---

וואָס לאָזט זיך דער אָדלער אַזוי לאַנג אראָפּ?

וואָס באַטייטען די רעדער, וואָס ער מאַכט אין דער לופט אין דער הויך?

וויל ער מיך פריהער נאָך שרעקען — איז נישט די שרעק גרעסער פאַר דער ערגסטער שטראָף?

האָ — ווי שאַרף עס ענטפּערט די לופט אויף יעדען ריהר פון די שוואַרצע פליגעל, אויף יעדען שניט פון די שפּיציג־שוואַרצע ברייטע מעסער...

און ער שווימט און שווימט...

גאָט אין הימעל איז עס נישט — — —

וואָס?

עס איז דאָך אוממעגליך!

פאַרוואָס? פאַר א פונק פייער! אין פייער און פלאַם איינ־געטונקטע געטער זאָלען קאַרגען א פונק פייער! יופּיטער, וואָס דונערט ביי יעדער לייכטסטער געלעגענהייט, אויף יעדען געבורטס־טאָג פון דער אינגסטער אָלימפּישער סוברעטע, ביי יעדער מאָל־צייט, טיילמאָל פאַר זיך אליין ביי יעדען הויך — זאָל קאַרגען א פונק?

און וואָס וועלען זיי, די אָרעמע מענשען, מאַכען פון א פונק פייער וועלען זיי מאַכען, כאַ, כאַ, כאַ! קעלבער וועלען זיי בראָטען. פאַר זיך, פאַר דיר אויך, יופּיטער!

און אז ס'וועט דיר ארויס פון האַלז, וועט דיר שמעקען אבי־סעל געבראָטען קעלבערנער רויך!

---

ניין — נארישע מענשען, נארישע געטער!
קעלבער בראָטער, קעלבער פרעסער...
פאר וועמען, פון וועמען וועל איך ליידען...
ניין — טויזענט מאָל ניין!

עס איז א מיראַזש, א וויסטער חלום — מען דאַרף נאָר די אויגען אויפרייסען!

געוויס א שטיק שווארצער, פארגליווערטער, טויטער וואָל־קען בלאָנדזשעט פארוויסט ארום אין דער לופט — נישט קיין אדלער — וואָס פאר א פעלז, כא—כא—כא! קיצלען לאָזט ער זיך, קראַצען, איך שייל איהם, ווי א קעכין א קארטאָפעל — א ווייכער נארישער פעלז...

און די קייטען —
כא—כא—כא!
שטרוי, פויערישע שטרויענע שטריק — —
שפרינג אויף פראָמעטעאוס!

דו האסט פון דיין אייגענם א שווארצען חלום געליטען... קיין פעלז, קיין קייטען, קיין אדלער, קיין יופיטער, קיין אָלימפּ...
וואו האסט דו א פונק פייער גענומען!
הא, וואָס!
פראָמעטעאוס — כא—כא—כא!
געוויס אויך א חלום — — —

א וואהנזיניגער חלום, א ליגנער א גרעקס אויסגעטראַכטע מעשה — ווער פראָמעטעאוס, ווען פראָמעטעאוס —
וואָס פאר א פונק פייער...
עס איז פינסטער, נאכט.
א א א — —
נאָך אביסעל שלאָפען!
צי בין איך נישט א פורים־רב נאָך אן איבעריגען גלעזעל?

.1906

# דער טאג.

דער מאניפעסט איז, וואס אנבאלאנגט צו דער אידישער לאגע, ג י ש ט קלאר. אין וויטע'ס ערקלערונג — וואקעלדיג... די רעגי־רונג וועט שטרעבען צו גלייכבארעכטיגען אלע איינוואוינער אין דער אימפעריע. קיין צייט דערויף איז נישט באשטימט, און וויטע, ווי מיר ווייסען פון די בלעטער, האט פולע הענט ארבייט און אוי־סער דעם נאך אפענע טירען פאר דער פרעסע, אפענע אויערען פאר אלערליי פארשטעהער; כמעט ער שלאפט נישט!... צי קלינגט עס נישט ווי: משיח וועט קומען, ער מוז קומען, נאר ווען?

און אנטשיידען וועט די דומע. זי וועט פילייכט, ווי אמאל די פוילישע געזעצגעבונג, זאגען: אדרבא, אידען קומט גלייכבא־רעכטיגונג, נאר זיי מוזען זי פארדינען, אומזיסט טרינקט מען וואסער, און אויך נאר אין קליינע שטעדטלעך; און — אויב די פאות זענען שוין אפגעשניטען; אומגעשוירענע בערד טראגע' רוסען אויך, לאנגע רעק אויך, דארף מען נאר פארלאנגען, זיי זאלע' דאוו־נען אויף רוסיש!

האט מען טאקע געקלאפט א טעלעגראף צו וויטען מיט אן אנפראגע, צי איז די אידישע גלייכבארעכטיגונג פארזיכערט, האט ער — א פארנומענער מענש — נאך נישט געענטפערט... פאר דאס האבען אויף זיין ארט געענטפערט אנדערע: די כוליגאנעס, די שווארצע מאות, די באסיאקעס, רופט זיי, ווי איהר ווילט נאר; די באהעלפער און אונטערשטיצער פון דער הערשענדער פארטיי, וואס מוז און וויל פארט נישט אראפ, און שפרעכט אפ איהרע שלעק מיט'ן אלטען שפרוך: פון מיין קאפ אויפ'ן אידישען קאפ...

די אלטע שפיצלעך, פון וועלכע פארטשריטס־פארטייען לא־כען און מיר, מיר אידען, וויינען. יענע קייקלען זיך פאר געלעכטער

און מיר פאר שאנד, שפּאָט און וועה, און פארגיסענדיג אונזער בלוט, אונזער הארציג בלוט אין דער בלאָטע אריין...

---

און די אלטע אידעו, וואס מיר האָבען אין אונזערע חלומות לאנג באגראָבען, לעבען נאָך און געהען ארום אין די גאסען; היינט מעג מען; מען כאפּט אינעווייניג א ציטער און מען געהט כלומר׳שט מיט א פּנים פון פראנק־און־פריי אויף א הפקר־וועלט...

— פּאָגראָמען! שריי איך אַזאַ אידען אין אויער אריין; איך וויל וויסען, צי ער לעבט באמת, צי ער געהט ארום אויפ׳ן עולם־הדמיון.

— אין רוסלאנד: ענטפערט ער מיר שטאָלץ.

פרעמד בלוט, הייסט עס, פארגיסט זיך.

איך פארלאָז דעם אפּגעשטאָרבענעם און געה ווייטער איבער דער מארשאלקאָווסקי גאס... מאַסען געהען. ביי יעדען אין מח בוירערט די פראגע: מען וועט שיסען, צי ניין? און געהן געהט מען. עס געהען באגייסטערטע פּארטיי־מענשען, וואס זענען ווירקליך גרייט אריינלאזען אין זיך דעם ערשטען בעסטען באיאנעט, אויפצורייסען זיך די ברוסט פאר דער ערשטער בעסטער קויל... עס געהען אויך מענשען, וואס ווערען מיטגעריסען מיט דער מאַסע, מענשען, וואס האָבען גאָרנישט זייער אייגענס און ווערען צוגעצויגען פון דער קראפט פון דער מאַסע, גלייך אייזען־שטויב פון א מאגנעט, און וועלען זיך אויך צופליהען, ווי דערזעלבער שטויב ביים ערשטען טראָמפּלען פון באריטענע פערד, פון ערשטען הילך פון א שאָס אין דער לופט, אפילו פון א הויכען פּאָליציאַנטען־געשריי, גאָר פארגעסענדיג, אז היינט רעגירט עמיץ אנדערש איז דער גאס, אז דער ערשט־נישט־לאנג אליין הערשענדער פּאָליציאַנט איז געפאלען! און נאָך אַן אנדער סאָרט מענשען געהען... איינציגווייז געהען זיי, שטיל, ווי גנבים, אויסקוקענדיג, ווי דאָס ערגסטע אומרוהיגע געוויסען און מיט בליצען פון שלאַנגען־גיפט אין די אויגען — אַגענטען פון דער אלטער אָרדנונג געהען...

עס הערט זיך געזאַנג. עס באווייזט זיך א רויטע פאָן, עס

ווערט א געשריי: היטלען אראפ! און דער מענש פון דער מאסע, פאר ליעבשאפט, פאר פרייד און גאנץ אפט פאר בלויזער געוועהנ־הייט צו פאלגען, כאפט זיך צום היטעל, נאר אויב עס איז א קריסט, הערט ער הינטער זיך:

— הויב נישט! עס איז א א י ד י ש ע פאן... א אידישער געזאנג!

און איינער פון די אונטער־זאגער געהט צו צו זיין חבר און פרעגט:

— אפשר אנפאלען?

— ניין, מיר זענען צו ווייניג! — הער איך א תשובה.

---

עס קומט צו צו מיר איינער א האלב־לעבעדיגער, האלב־טויטער איד און פרעגט:

— צי קאן זיין אין ווארשוי א פאגראם?

און איך קריג אויף איהם, אויפ'ן האלב־טויטען, האלב־לע־בעדיגען, קוים אטעמדיגען ווארשעווער איד, רחמנות און זאג איהם: ניין.

— זיכער? — גלאצט ער אויף מיר די אויגען אוים.

— זיכער, דער היגער פראלעטאריאט איז אנטוויקעלטער; די צאהל פון לומפענפראלעטאריאט — קלענער. דער געוועהנ־מאן טרינקט פיעל ווייניגער, צו די געהיימע אגענטען האט מען קיין צו־טרויען נישט, און הער! מען שרייט: יעדנאשטש! ניעך זשיע יעדנאשטש! אויסערדעם — צוויי גרויסע אנטיסעמיטען האבען אויף א וויץ פארזיכערט, אז עס וועט נישט זיין, זייער אנטיסע־מיטיש עהרען־ווארט געגעבען...

און עס קומט אין איהם אריין א חיות, א ניי לעבען, דאס פנים שיינט, די אויגען לייכטען, ווער איך פלוצלונג בייז אויף איהם און זאג:

— און א פ ש ר יא... קיין נביא בין איך נישט!

און ער איז צוריק האַלב־טויט, האַלב־לעבעדיג געוואָרען... ער שטאַרט! ער פאַלט...
אפשר פאַרבעטען איהם צום זעלבסט־שוץ?

---

רויטע פענער — מאַסען באַגייסטערטע פּנים'ער, פלאַמענדיגע אויגען — העלדען... אייערע און אונזערע צוזאַמען! יעדנאָשטש! און אין מיר אַרעמען, נאַך לעבעדיגען איך דרעהט אין אַלטען קראַנקען האַרץ די פראַגע:
— צי וועלען זיי מיר אויך העלפען?
עס געהען פּאַרטייען נאָך פּאַרטייען, פענער נאָך פענער — מיינע, ביז אין דער לעצטער מינוט היים־געליעבטע פענער: פריי־הייט! אכט־שטונדיגער ארבייטס־טאָג! עס לעבע דער פּראָלעטאַריאַט!... און דאָך איצט, אין דער מינוט, ווען פּאַגראָמען שטעהען אין דער לופט, זענען זיי מיר  נ י ש ט  אַזוי היימיש,  נ י ש ט  אַזוי היים געליעבט... דאָס איז מיר איצט פיעל צו־ווענינ!
צוויי געהען פאַרביי און איינער פון זיי לערענט דעם צווייטען:
— דער קלאַסען־קאַמף מוז זיך אריינמישען אין נאַציאָנאַלען קאַמף, נאָר אויף אַזוי ווייט, ווי עס אינטערעסירט דעם קלאַסען־קאַמף — — —
ווי ווייט עס קאָן אינטערעסירען, האָב איך נישט געהערט. עס האָט אַ דונער געטאָן: יעדנאָשטש! הייזער ציטערען...
איך אָבער ציטער אויך...

---

מיין טאָן איז נישט געפעלען געוואָרען. „סטייטש, אין היינטיגען מאָמענט, ווען די וואַנט פאַלט, די טירען פון תפיסות סקריפּען און ווילען זיך עפענען, און וועלען זיך היינט־מאָרגען עפענען, ווען די צייטונגען געהען אַרויס (אין די רעזידענצען) אָהן „דאָזוואָלענאָ צענזוראָי“, ווען צעהן מאָל אין טאָג פאַרזאַמלען זיך מיטינגען, און מען רעדט וועגען אַלץ פראַנק און פריי אין די אויגען פון'ם אַלטען טשינאָווניק... היינט רעדסט דו פון קאַפּעלושען?“

רבותים, זייט מיר מוחל... זייט מיר מוחל, וואס איך האב מיינע אויגען, און אויף זיי מיינע אייגענע ברילען און קאן נישט, און וויל נישט זעהן אויף אייערע אויגען, קל וחומר — אויף אייערע ברילען! און אז איך זעה אין דער לופט ארומשוועבען קאפעלושען — מוז איך געבען א משל מיט א קאפעלוש... און אין דער לופט זעה איך שווימען ארום קאפעלושען אהן קעפ, אהן מענשען... א טראגי־קאמעדיע זעה איך, א פורים־שפיל!

אין קאפ דרעהען זיך מיר, ווי פליגעל פון א ווינט־מיהל, רעס־קריפטען, מאניפעסטען, מיטינגען, פארזאמלונגען, סאמע גוטע זא־כען, און פול בין איך „גאלגען־הומאר"... איך זעה אז עולם געהט אין באד, זיך כלומר'שט אפוואשען, און האט אפילו א בעזעמעל צום שמייסען זיך אין די הענט, נאר אהן פרישע וועש! ארויסגע־הענדיג פון דער היץ, פון פלוצלונג'דיגער התלהבות, וועט ער צוריק אין אלטען העמד, אין דער אלטער ברודיגער וועש... א נייער טאג, זאגט איהר, — איהר גלויבט, און איך גלויב נישט! צי האט איהר דאס רעכט צו פארלאנגען פון מיר אמונה?

---

און נישט איהר אליין, לעזער, פארלאנגט אמונה...

די אלטע וועלט, וועלכע איהר האט שוין, ווי אייך חלומ'ט זיך, אין קבר אריינגעלעגט, מיט ערד באשיט און איהר, ווי עס דאכט זיך אייך, געהט צוריק פון דער לויה און רייסט גראז אוןווארפט צוריק אויפ'ן קבר — די אלטע וועלט האט פארלאנגט אמונה...

אויף א הויכער פאלקע פון האלץ־ווערים צופרעסענעם שראנק איז געשטאנען אן אלטער, דריי־פיערטעל אויפגעגעסענער ספר, און האט פארלאנגט אמונה. און איהר לעבט נאך אין זיין צייט, און דארפט אייך נאך פיהרען לויט זיינע עצות...

דער רב און דער צדיק האבען פארלאנגט אמונה, אז פאר זיי איז אפען ד ע ר הימעל, וואס איז פארשלאסען פאר א י י ך...

דער דאקטאר, ביים בעט פון קראנקען, האט פארלאנגט אמונה אין זיינע סודות, אין זיין באהאלטענער קבלה־מעדיצין, וואס ער טאר נישט אויסזאגען, נישט דעם קראנקען, נישט זיינע נאהנטסטע

קרובים. דער סוחר בכלל, דער רייכער און דער קאַפּיטאַליסט בפרט, האָבען פאַרלאַנגט אמונה, אז יעדער גראָשען איז עהרליך פאַרדינט; דער ביוראָקראַט האָט אודאי פאַרלאַנגט אמונה! איהר מוזט איהם גלויבען, אז ער ווייסט אַלץ, כּוֹט אַלץ צו אייער בעס־טען, בפרט ווען איהר באַצאָהלט דערפאַר, און קוים האָט איהר אָנ־געהויבען מסופק צו ווערען, איז ער, גאַנץ עהרליך, בייז געוואָרען און אַז אַ טאַטע ווערט בייז, שמייסט ער; פון דעם האָט נאָך שלמה המלך געוואוסט...

און אויב די ניי־געעפענטע וועלט פאַרלאַנגט אויך אמונה, זאָג איך אייך, אַז די נייע וועלט איז קיין נייע נישט, אַז דאָס איז אַ מלמד, וואָס האָט זיך פּורים לשם מצוה, איבערגעקנעפּעלט אויף גוי'ש, פון רעכטס אויף לינקס, און געמיינט, אַז מען וועט איהם נישט דערקענען...

וואָרים נישט נאָר איהר, לעזער, פאַרלאַנגט אמונה...

די בעלי־בתים, וואָס פאַרפלייצען די מיטינגען און הערען אויס די זיסע רייד פון פּאַסטעמפּאָווער דעמאָקראַטיע, וואָס בליהט אַלץ אויף גערעכטיגקייט; די פייערדיגע אויסגעשרייען פון דער נאַראָ־דאָווער דעמאָקראַטיע, וואָס טראָגט די ווייסע פאָן; די שטע־כענדיגע, בייסענדיג־ברענענדיגע רייד פון פּראָלעטאַריאַט־רעדנער און נאָך און נאָך אַלערליי פאַרשידענע רעדען, און פּאַטשען נאָך יע־דער רעדע „בראַוואָ!", ווילען אויך, מען זאָל זיי גלויבען; גלוי־בען, אַז זיי האָבען: ע ר ש ט ע נ ס, פּאָליטישע איבערציינונגען, צווייטענס, בלויז געפיהל פון גערעכטיגקייט, כאָטש זיי באַנוצען זיך מיט'ן אַרבייטער־בלוט פאַר זייערע צוועקען, און דריטענס, אַז זיי האָבען באמת אהבת נפש ליעב דעם שטרייקענדיגען פּראָלעטאַריאַט, וואָס שטעהט פאַר זיי און פּאַטשט זיי און שמייסט זיי מיט אייז־זערנע ריטער און שפּייט זיי נאָך דערצו אין פּעטען פּרצוף אַריין...

און די רעדנער, די פּאַרטייען־פאַרשטעהער?

אַט שטעלט זיך אויף אַ אידעל מיט וואָנסען און שיט פייער און פלאַם, ער זאָגט, אַז ער איז אַ געבוירענער פּאָליאַק, אַז אין דער שטוב, וואו זיין ווינג איז געשטאַנען, האָט מען גערעדט פּויליש, אַז דאָס ערשטע ליעדעל, וואָס ער האָט געהערט, איז געווען אַ פּויליש ליעדעל — אַז זיין גאַנץ פאַרלאַנגען, דאָס ציל פון זיין גאַנצען לע־

בען, זיין איינציגע האפנונג איז צו פארדינען דעם טיטעל: „אבי־וואטעל פאלסקי"...

און דערביי פארלאנגט ער א קליינינקייט; ער פארלאנגט, אז איך און די אלע, וואס זענען געזעסען ביים טיש פאר דער פרעסע, און דאס גאנצע פובליקום אין סאלאן פון פילהארמאניע זאלען האבען אין איהם אמונה, און גלויבען איהם, אז ער רעדט אין נאמען פון „בונד", אז דער „בונד" האט'ם געשיקט, אזוי צו זאגען, אז זיין פראגראם איז דעם „בונדס" פראגראם...

און א פארטרעטער פון ס. ד., וואס וויל אפילו קיין באזונדערע קאנסטיטואירענדע פארזאמלונג פאר פוילען נישט, פארלאנגט, מען זאל איהם גלויבען, אז ער איז אזא גוטער הייס־ברע־נענדינגער פאליאק, ווי דער, וואס וויל דאס גאנצע פאליטיש אויפ־געברויזטע, פאליעס־שלאגענדיגע וואסער צוציהען צו זיין מיהל, עס זאל דרעהען דאס איינציגע רעדעל פון „באזשע צאש פאלסקי".

און א פארטרעטער פון פ. פ. ס., וואס וויל א קאנסטיטואי־רענדע פארזאמלונג עקסטרא פאר ווארשוי און דערמאנט נישט א ווארט וועגען ליטא, מאלאראסיע, ליפלאנד א. ד. גל., פארלאנגט פון מיר אמונה, אז ער וויל, ערשטענס, בשום אופן זיך נישט אפ־טיילען פון רוסלאנד, אז ער איז, צווייטענס, גערעכט פאר אלע פעלקער אויף דער וועלט, און דריטענס, אז עס איז מעגליך א קאנסטיטואירענדע פארזאמלונג אין פעטערבורג, די צווייטע אין ווארשוי און אז ביידע וועלען אויספיהרען גראד דאס זעלבע, ווארים דאס לעבען וועט שוין ווייזען, ווי אזוי!

און א אידעל מיט א נאז א לא פינטשעוו, אפילו מיט א בארד, פארטרעט די פוילישע נאציאנאל־פאסטעמפאווע דעמאקראטיע, און זאגט, אז די וועלט מוז שטעהן אויף פרייהייט און גערעכטינקייט גלייך פאר אלע, און דעריבער מוז אין גאנץ פוילען. וואס האט איין דריטעל אידישע באפעלקערונג, הערשען נאר די פוילישע שפראך, קאנען עקזיסטירען נאר פוילישע שולען, און מאכט זיך אפילו נישט וויסענדיג, אז דאס אידישע דריטעל, מיט'ן אויסנאם פון א גאנץ קליין ביסעל אפטריניגע, וואס האבען איינגעזאפט דאס „פוי־לישע ליעדעל נאך אין דער וויג", וויל אידישע שולען, דאס אנער־קענען פון דער אידישער שפראך, ווענינסטענס אין אייגענע אפ־געזונדערטע אנגעלעגענהייטען, — דאס משה־רבינו־פערדעל פאר־

לאַנגט פון מיר אמונה, אז ער האָט א לאַגישען קאָפּ, אז געוועכט
איז פּויליש פאר פּאָליאקען און אומגערעכט—אידיש פאר אידען...

און אונזער איינער, וואָס בויט זיין ירושלים אויפ׳ן אידישען
נאַציאָנאַליזם, וויל: איך זאָל איהם גלויבען, אז דאָס צוברעקלען
פון גרויסען רוסישען לאנד אויף קליינע לענדער, וואָס מוזען זיך
מיט דער צייט אָפּרייסען גאָר אינגאנצען, וועט נישט צוברעקלען
די אידישע מאסע אין לאנד, און אז עס וועט קיינמאָל נישט קומען
די צייט, ווען דער ליטווישער איד מיט׳ן פּוילישען, וואָס לעבען
אזוי אויך נישט ווי אמבעסטען, וועלען זיך נישט זיין אזוי פרעמד,
ווי דער דייטשער איד מיט׳ן פראנצויזישען, און נישט קוקען אויף
זיך, ווי קאַץ און מויז!

און אפילו דער טיש פאר דער פּרעסע, וואָס פאַרלאַנגט גאָר
געוואַלטיג דאָס פרייע וואָרט און ווערט שיער נישט משוגע פאר
כעס, אז מען רעדט קעגען ליעדעל „באַזשע צאַזש פּאָלסקי“ און
טאַפּעט מיט די פיס, און שרייט, ווי אין א דול־הויז: אראָפּ!
אראָפּ! פאַרשטאָפּט איהם דאָס מויל! אפילו דער טיש פאר דער
פּרעסע פאַרלאַנגט פון מיר אמונה, אז דאָס פאַרלאַנגען די פריי־
הייט פון וואָרט איז ביי איהם אַן ערנסט און ער מיינט עס פאַר
אַלע...

און די, וואָס געהען מיט מיר צוזאַמען ארוים פון וויעץ, פאר־
לאַנגען אויך פון מיר אמונה, איך זאָל גלויבען, אז די רעזאָלוציע
פון וויעץ, מען זאָל פאַרלאַנגען גלייכבארעכטיגונג פאר אידען, דאַרף
מיך אינגאנצען בארוהיגען, כאָטש פאר דער רעדאקציע פון „גאַ־
ניעץ“ שטעהט א גרויסער פּוילישער פאָלקס־מיטינג און שרייט,
צווישען אנדערע געשרייען: פּרעטש ז זשידאמי... און כאָטש די
שוואַרצע מאה רעגירט פראַנק און פריי איבעראַל, אידישע פּאָגראָ־
מען צופלייצען זיך אומעטום און — צווי פּוילישע גמינעס האָבען
שוין פאַרלאַנגט, מען זאָל ארויסטרייבען די אידען...

און אַלע בעלי־בתים, זייערע און אונזערע, פאַרלאַנגען פון
מיר אמונה, אז עס איז א יושר, דער פּראָלעטאַריאַט זאָל ברענען,
און זיי זאָלען אויפ׳ן לעבעדיגען פייער בראָטען געג׳זל׳טע קאר־
טאָפעל; אז עס איז א יושר, דער אָרעמער ארבייטער זאָל זיין אין
דער פינסטערער נאַכט א לעבעדיגער שטורקאַץ, ביי וועלכען זיי

װעלען צעהלען זייער געראַבעװעט געלט און אונטערשרייבען זיינע פאַרשװינדעלטע װעקסעל...

און די װאַרשעװער פּאָליציי װיל, איך זאָל איהר גלױבען, אַז דער מאַניפעסט איז מאַניפעסט פאַר איהר אויך, בשעת, װען זי שטעכט און שיסט די נישט־באַװאָפענטע מענער, אַלטע לייט, װײ־בער און קינדער אין די גאַסען... אַז איהר גאַנצער מיין איז, עס זאָל זיין שטיל און רוהיג אין גאַס און דעריבער מוז זי שטעכען און שיסען; בשעת, װען זי לאָזט דורך פראַנק און פריי די גרעסטע מאַניפעסטאַציעס פון דער שװאַרצער נאַראָדאָװע דעמאָקראַטיע...

אין פּעטערבורג פאַרלאַנגט, אַז דער מאַניפעסט, װאָס מען האָט באַקומען דורך געשרייען, פּראָטעסטען און סטרייקען, קאָן ערפילט װערען ערשט דאַמאָלט, װען די געשרייען, פּראָטעסטען און סטריי־קען װעלען אויפהערען! דאָס גאַסען־גערודער שטערט דער רעגי־רונג ביי דער ארבייט!

זאָל האָבען אמונה, װער עס האָט... איך האָב נישט, און װייל איך האָב נישט, שרייב איך פעליטאָנען פון קאַפּעלושען... פון קאַ־פּעלושען אָהן קעפּ, אָהן מענשען.

אוים! מעהר פיהר איך מיט דער אַלטער רעגירונג קיין מחלוקת נישט.

כל־זמן די אַלטע רעגירונג, װאָס װיל בשום אופן נישט אַלט װערען, האָט מלחמה געהאַלטען מיט מאַניפעסטען, איז געװען אַ נעשעפט צו ענטפערען מיט לייט־אַרטיקעל, פעליעטאָנען — מיט אַלערליי ל י ט ע ר א ר י ש ע מאַניפעסטען, און — שרייבען קענען מיר ב ע ס ע ר! האָט א י ן זייט געבעטען זיין קרעדיט, האָט די צװייטע קורץ און שאַרף געענטפערט: לאָו! האָט איין צד געזידעלט: פאַר׳חלומ׳טע קעפּ, דעמאַגאָגישע אונטערהע־צער וכדומה, האָט דאָס צװייטע געענטפערט: שטאַר־קעפּ, אינטרי־גאַנטען, שװינדלער, פּראָװאָקאַטאָרען! אויפ׳ן פּאַפּיר האָבען מיר שטענדיג די אויבער־האַנט געהאַט; דאָצו האָבען מיר געשיקטערע הענט, שאַרפערע צונגען און אַ פרייערען סטיל. נישט אומזיסט זענען מיר טינט־אָין־פעדער לייט! אַצינד האָט זיך אָבער די אַלטע רעגירונג מישב געװען און האָט צוריק אַרויסגענומען און אַנגע־שאַרפט דאָס אַלטע כלי־זין: קריגס־צושטאַנד, קאָלבעס, שטיקעס, אַרעסטען, פאַרשיקערייען, קריגס־געריכטען — אויף דעם איז שוין

מיט טינט און פעדער נ י ש ט צו ענטפערען! זאָל זי קומען אויף אַ נ ד ע ר ע ה ע נ ט, און מיר, מיר עצה־געבער און טינט־און־פעדער־לייט, וועלען זיך דערוויייל באַשעפטיגען מיט כשר'ע, שטילע ה י י מ י ש ע ג ע ש ע פ ט ע ן — ביז דער צאָרן וועט אריבער! ביז דער הימעל וועט זיך אויסלייטערען און די שטילע ארבייט פון אונטער דער ערד וועט צוריק ארויס אויף דער ליכטיגער שיין.

און היימישע געשעפטען האָבען א ו י ך ד אָ ס ר ע כ ט אויף אויפמערקזאַמקייט.

---

און היימישע געשעפטען פעהלען נישט.

די קאָמיסיע, וואָס איז געזעצט געוועזען ביים וואַרשעווער גע־נעראַל־גובערנאַטאָר, אום אויסצואַרבייטען דאָס נייע געזעץ פון אַ שטאָדט־פאַרוואַלטונג (זאַרזשאַנד מיעיסקי — גאָראָדסקאָיע סאַ־מאָ אופּראַוולעניא) אין פּוילען, און וואָס האָט איבערגעריסען איהר אַרבייט ביים ערשטען אויסרופען פון קריגס־צושטאַנד, — די קאָ־מיסיע האָט אצינד צוריק אויפגענומען איהר אַרבייט און האָט שוין אויפּס־ניי עטליכע זיצונגען געהאַט.

אויף דער לעצטער זיצונג איז געשטעלט געוואָרען די פראַגע: אין וועלכער באַציהונג דאַרף שטעהן דער אידיש־פּוילישער קהל צו דער שטאָדט־פאַרוואַלטונג? אוןביידע אידען, וואָס זיצען אין קאָמיסיע, צוויי פּייערדיגע זיילען פון דער פּויליש־אידישער אסי־מילאַציע, האָבען ארויסגעזאָגט די מיינונג, אַז די אידישע געמיינדע דאַרף אין קיין באַציהונג נישט אונטערפאַלען דער שטאָדט־פאַר־וואַלטונג; אַז די אידישע געמיינדע דאַרף זיך פיהרען באַזונדער, עמאַנציפּירט פון אַלגעמיינע שטאָדט־זאַכען. אַזוי אויך דאַרפען באַפרייט ווערען אַלערליי צדקה־חברות און — וואָס דער עיקר איז — די מיינונג איז פון דער קאָמיסיע אָנגענומען געוואָרען. עס פראָפּאָנירט זיך נאָך: דער וואַרשעווער דאָזאָר זאָל שטעהן אין דער שפּיץ פון אַלע עמאַנציפּירטע פּראָווינציאַלע דאָזאָרען, אָפּגע־נער געזאָגט: עס ווערט פאָרגעלעגט אַ פרייע אָרגאַניזאַציע פון אַלע אידישע געמיינדען אין פּוילען מיט וואַרשוי אין דער שפּיץ.

זעהט איהר נאָך אַמאָל, אַז אַ „אידישע קישקע קאָן מען

וו י ר ק ל י ך נישט שאצען", אסימילאטארען איז א רעגירונגס־קאמיסיע פארלאנגען א פרייע אידישע פאלקסטימליכע ארגאניזאַציע, און ווען אפילו אהן א „געזעצגעבענדען סיים"!

---

נאר צי ערלויבט דערויף דאס הערשענדע געזעץ וועגען אידישע געמיינדען?

דאס הערשענדע געזעץ איבער אידישע געמיינדען ערלויבט אלץ און גארנישט; געשווינדער — גארנישט, ווייל דערוייל איז נאך געגען געזעץ אלץ, וואס דאס געזעץ האט נישט אויסדריקליך ערלויבט, און דאס געזעץ, פון וועלכען מיר רעדען, איז זעהר אלט, זעהר קנאפ און — ווי אלע אונזערע געזעצען — געלאטעט און דורך נישט־געשיקטע הענט.

איבער דער גאנצער צייט, ווען דאס לעבען האט זיך אזוי גע־וואלטיג געענדערט, האט זיך די רעגיערונג מיט די אידישע גע־מיינדען כמעט נישט באשעפטיגט, און אזוי ווי מען קאן לאנג די קינדער־שיך נישט טראגען, האבען די אנטוויקעלטערע געמיינדען (ווארשוי, לאדז...) לאנגזאם, יעדעס מאל מיט א ספעציעל ער־לויבניש פון מאגיסטראט, זייערע אטריבוציעס (רעכטע) פאר־שפרייט, פארטיפט, און וואס מען האט באקומען, שוין פעסט גע־האלטען אויף שפעטער און ווייטער אנטוויקעלט. מיט דער צייט האט די געמיינדע זיך אויפגעהערט צו פארלאזען אויפ'ן געזעץ און דער איינציגער מאטיוו אין אלע פאפירען צו דער רעגירונג איז געווארען: היות, ווי דער מנהג איז... אויף רוסיש הייסט עס „По примѣру прежнихъ лѣтъ"

אצינד, אז דאס אלטע און פארשימעלטע שווימט אפ און ער־ארגאניזירט זיך, אויף דער גאנצער דערוויילינגער רעאקציע נישט קוקענדיג, א ניי לעבען, וואס מוז האבען נייע פאסענדיגע געזעצ־ליכע פארמען, בלייבען די אידישע געמיינדען אדם־נאקעט, און עס איז נויטיג א ניי געמיינדע־געזעץ, וואס זאל פאסען צו די נייערע לעבענס־פארמען. און ווירקליך: דער ווארשעווער דאזאר האט ארויסגעזעצט א קאמיסיע פון עטליכע פארשטעהער, אויסצואַרביי־

טען א נייעם געזעץ־פּראָיעקט פאר די אידישע געמיינדען אין פּוילען.

דערפאר, וואס דער ווארשעווער דאָזאר שלאָפט נישט, קומט איהם א שעהנעם דאנק, פון דער צווייטער זייט אבער, איז א פּראָיעקט פאר אידישע געמיינדען, וואס וועט אויסגעארבייט ווערען פון היינטיגען ווארשעווער דאָזאר, פאר'ן אידישען נאציאָנאל־לעבען, אביסעל צו געפעהרליך.

די היינטיגע פאָרשטעהער, אלס פּאָליטיש עהרליכע לייט, טאָרען נישט פארגעסען:

1) אז דער אוסטאַוו דארף זיין נישט פאר ווארשוי אליין, נאָר אויך פאר דער פּראָווינץ. נאָך מעהר: אז די פּראָווינץ איז מעהר פאראינטערעסירט דערינען, ווייל זי דארף אונטערפאלען ווארשוי.

2) אז זיי, די היינטיגע פאָרשטעהער, זענען אויסגעוועהלט געוואָרען, לויט א זעהר אלטען, היינט שוין, אפילו אין רוסלאנד, נישט פּאסענדיגען וואהל־רעכט, וואס האָט געגעבען די דעה נאָר, פארהעלטניסמעסיג, פאָרמעגליכע לייט.

3) אז געוועהלט זענען זיי געוואָרען; נאָר צום פאַרוואַלטען מיט דעם, וואס עקזיסטירט שוין: חשבונות צו פיהרען, הכנסה והוצאה צו מאכען, נעמען געלט און געבען געלט און לויט א באַקאַנטען און באַשטעטיגטען בודזשעט, אבער נישט ארויפצוואָרפען אויף קהל א נייע לעבענס־פאָרם, פארבינדען דאָס אידישע לעבען מיט א נייעם אוסטאַוו. דאָס געהערט צו זייער מאַנדאַט נ י ש ט, אויף ד ע ם האָבען זיי קיין פּאָלמאַכט פון ק י י נ ע ם נישט! און אויך —

4) אז די קאָדענץ פון די היינטיגע פאָרשטעהער איז טויזענט נייַן הונדערט און פינף געענדיגט, און ווען נישט דער קריגס־צושטאַנד מיט די אומרוהען, דורך וועלכע די געמיינדע־וואַהלען זענען אָפּגעלעגט געוואָרען, וואָלטען מיר פּיליכט שוין געוואוסט, אז די געמיינדע האָט נ י ש ט דעם גאַנצען צוטרויען צו די רייכע, עהרליכע, טעטיגע, אבער ווענ'ג, אָדער גאָרנישט א י ד י ש געבילדעטע יעצטיגע פאָרשטעהער...

און אז עס איז דעריבער א יושר:
צום באטראכטען דעם אוסטאוו צוצורופען די פראווינץ און אין ווארשוי אליין — די ווירקליך־אידישע אינטעליגענץ. —

---

טרא־א־אך!
די דיקע מויערען ציטערען.
גאטס דונער איז נישט אזוי שטארק. ערד־ציטערניש, וואל־קען־ברוך!
— מאדאם!
זי הערט מיך נישט. זי ציטערט, די פינגער אין די אויערען. די אויגען שטאר, דאס געזיכט אהן א טראפען בלוט, א דיקער טראַ־פען שוויים אויפ׳ן שטערן, זי פאלט טיף אריין אין פאטעל.
— וואסער! — רוף איך, נאר מיין שטימע ווערט פארדעקט מיט דריי נעדיכטע סאלוועז.
דאס שיסען האט זי שוין נישט געהערט.
דער קערפער איז ווי אפגעשטאנען; א לייכטער שווידער לעשט זיך אוים ביי די פארבלאסטע ליפען.
און נאך א גאנצער שטונדע, אז זי איז קוים צו זיך געקומען, האט זי, מיט א טרערען־אנגעזאפטער שטימע, געפרעגט:
— וואס איז עס?
— קריג, מאדאם!
— אבער דער האס! פון וואנען נעמט זיך דער האס?

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— איהר ווילט ליעבשאפט, מאדאם?
— ליעבשאפט, בארמהארציגקייט... הארמאניע...
— גוטע זאכען, מאדאם!
— הארמאניע, מלאכים־געזאנג, הימעל־שפיל...
— ווי איז אבער, מאדאם, אז א פרעכע האנט האט די האר־מאניע איבערגעריסען? אז אינמיטען הייליגער ברודערשאפט איז עמיץ געשעדיגט געווארען, בלוט איז פארגאסען געווארען — דאן, מאדאם...

— וואס דאן? — פרעגט זי מיט נאך נישט בארוהיגטע אויגען, נאר שוין מיט עטוואס גערויטעלטע ליפען.

— דאָן, מאדאם, איז די ל י ע ב ע, די בארמהארציגקייט, די אלץ־פארצייהענדיגע ברודערשאפט א פארברעכען!

— א פארברעכען?

— געוויס. לאזט זי, די ליעבע, הערשען, די ווייכע, פארטרערטע, אייביג קושענדיגע ליעבע, וועט קיין ווייץ און קיין קארן נישט וואקסען; זי וועט נישט לאזען אויסרייסען די דערנער, און זיי וועלען פארדעקען דאס פעלד. עס וועלען קיין פרוכט־בוימער נישט ארויס, עס וועלען קיין בלומען אין קיין גארטען נישט שפראצען, ווייל פלאנצען און לערע בוימער וועלען פארנעמען דעם פלאץ. „ריהר נישט“! זאגט די ליעבע.

און צוואוואקסען וועלען זיך אויך נאר די מענשען־דערנער. די ווילדע מענשען־פלאנצען... און פאר גוטע און פרומע און עדעלע וועלען שטעהן תליות אין די ג א ס ע ן, וואס וועלען געוואשען ווערען מיט'ן עהרליכסטען בלוט... „ריהר נישט!“ זאגט די ליעבע.

און ביי די תליות וועט זי שטעהן און מיט די גוטע און פרומע און עדעלע ודוי זאגען און פארשפרעכען, ו ו א ס איהר ווילט אויף י ע נ ע ר וועלט... ד י וועלט אבער וועט זיך אייביג באדען אין בלוט, אין בלוט פון די בעסטע, פון די שענסטע, פון די העכסטע...

— אך, גאט! — רופט זי אויס דערשראקען, און פארשטעלט די קוים־אויפגלאנצענדיגע אויגען מיט די מארמאר־ווייסע הענט.

— גאט, מאדאם, האט זיינס געטאן. ער האט אויסער ליעבע נ א ך עפעס באשאפען.

— וואס?

— דאס, וואס איהר רופט ה א ס און איז ווירקליך נישט מעהר אלס ג ע ר ע כ ט י ג ק י י ט!

דאס פרעכע אינסטרומענט, וואס האט שלעכט אריינגעבלאזען אין דער מענשליכער סימפאניע, מוז פארשטומט ווערען... די הארמאניע, וואס איז צושטערט געווארען מיט געוואלט, מוז צוריקגעשטעלט ווערען מיט געוואלט!

זי נעמט די הענט פון די אויגען אוועק.

— און דאן? פרעגט זי, אז זי וועט צוריקגעשטעלט ווערען?

— דאן, אויב עס וועט אמאָל געשעהען, זאָל הערשען די ליעבע!

---

די וועלט, ווי געזאָגט, איז די אַלטע...

עס האָבען זיך נאָר געענדערט די אויסרופען, די קלינגענדיגע ווערטער, די אָרט, לויט וועלכער יעדער פּאַרטיי־מענש, יעדער פּאַר־טיי־קאָמי־וואָיאַזשער רופט אין זיין געוועלבעל אריין, איז פאַר־ענדערט געוואָרען — דאָס פּאַרטיי־מאַטעריאָל — דער מ ע נ ש האָט זיך נ י ש ט געענדערט...

און ווייל דער מענש האָט זיך נישט געענדערט, וויל ער, מען זאָל איהם ג ל ו י ב ע ן! ווער עס האָט אַ לערע קאַסע, מוז לעבען אויף קרעדיט, מוז אונטערשרייבען וועקסלען, און גאַנץ אָפט — פאַלשע וועקסלען, וועלכער ער האָט גאָרנישט בדעה צו צאָהלען!

איך רעד שוין נישט פון דער ביוראָקראַטיע (שפּייט אויס דריי מאָל!), וואָס ב א ר ו ה י ג ט דאָס פּאָלק פון פּאַנגראָמען... פון שטאָטס־מענער, וואָס צוטיילען צווישען פרייהייטס־הונגעריגען פּאָלק מעניו־צעטעל, וואו עס ווערען אויסגערעכענט אַלערליי מאכלים טובים, און רעכענען גאָרנישט צו דערלאַנגען, און דעקען אפילו נישט דעם טיש, און הייצען אפילו נישט אונטער די קיך...

איך רעד ג אָ ר פ אַ ר ק ע ר ט פ ו ן צ ד ש כ נ נ ג ד ו...

זאָלען די שטאַרבענדע באַגראָבען זייערע טויטע, איך רעד פון לע־בעדיגע, פון די, וואָס גיהען אַקעגען דעם נייעם לעבען און רופען עס אַרויס פון אַלטען ביוראָקראַטישען תהו ובהו, פון די, וואָס רו־פען אַלע פינף מינוט „לחיים!" און נישט איבער'ן בעכער פון ביור־ראָקראַטישען בלוטיגען וויין, נאָר לחיים קאָנסטיטואַנטע, לחיים דער אכט־שטונדיגער ארבייטס־טאָג און — לחיים וואַרשעווער קאָנסטיטואַנטע!

פון פּ. פּ. ס. רעד איך!

פּ. פּ. ס. פאַרלאַנגט פון מיר אמונה, אַז דאַמאָלט, ווען עס וועט אויסגעפיהרט ווערען איהר פּאָליטישע פּראָגראַם, וועט זיין פריי, אַלץ פריי, יעדעס פאָלק, אפילו יעדע איינצעלנע אינדיווי־רואַליטעט; — „מיר — זאָגט מאַדאַם ס...קי, די געוועזענע ג—ע

מיט איהר קלינגענדיגער, ארײנשלײכענדיגער שטימע, — מיר, פּ. פּ. ס., אז מיר װעלען זיגען, װעלען נישט זײן אזוי קלײנליך, אזוי ענגהערציג עמיצען אין זײנע געװעהנהײטען צו שטערען, מיט געװאַלט זײן געשמאַק צו ענדערען, זײן פרײ־װאָרט צו שמעלען" — און דער מיטינג־זאַל, דער פּ. פּ. ס.־עולם, פּאַטשט: בראַװאָ! עס הײסט: אודאי! און אויף דעם זעלבען מיטינג ענדערט דאַס פּ ר ע ז י ד י ו ם פון פּ. פּ. ס. מוטװיליג די ר י י ה ע פון אויסגעטײלטע שטימען... רוקט אָפּ די נישט פּ. פּ. ס.־שטימען, װאָס װײטער און װײטער, און בשעת עס לאָזט די פּ. פּ. ס.־לײט רעדען, װי לאַנג זײ װילען, כאַטש די אויערען אין זאַל װערען גע־שװאָלען, באַגרענעצט זי די צײט פאַר נישט פּ. פּ. ס.־רעדנער...

פּ. פּ. ס. פאַרלאַנגט פון מיר אמונה, אז דער נאַציאָנאַל־קאַמף איז גאָרנישט, כמעט גאָרנישט, דער עיקר איז דער קלאַסען־קאַמף, װאָרים די ערשטע „פּ" פון „פּ. פּ. ס.", די אַל, װאָס שטאַרט פון זאַק ארויס, איז, אויב נישט נאָר לנוי, כלל וכלל נישט לתשמיש, עס געהט נאָר װעגען דעם, װאָס די „סמך" מוז באַצײ־כענען די גרענעצען פון טעריטאָריום, פון דעם פּלאַץ, װאו דאָס פּאָלק, װאָס איז נישט מעהר, אלס א טײל פון דער אַלגעמײנער פּראָלעטאַריער־אַרמײ, שטעהט! און דער פּאַראָל איז: פּראָלעטאַ־ריער פון אַלע לענדער, פאַראײניגט אײך! װאָרים דער ב ל ו ט־פּ א ר ב א נ ד, דאָס נאַציאָנאַלע געפיהל, איז בײ איהם פיעל שװאַכער אלס דער קלאַסען־פאַרבאַנד — די סאָלידאַריטעט פון אַלע פּראָלעטאַריער, — און דאָך װיל זיך פּ. פּ. ס. אויף קײן פּאַל נישט אויסגלײכען מיט ס"ד און „בונד", װאָס פאַרלאַנגען, עס זאָל זײן אײן קאָנסטיטואַנטע אין פּעטערבורג פאַר אַלע פּראָװינצען, װאו אַלע פּראָלעטאַרישע פּאַרטײען װעלען זיך צוזאַמענהאַלטען און אויסרײסען פון ביוראָקראַטישען האַלז די גאַנצע פאָלקאַמענע פרײהײט פאַר אַלע פעלקער, די װײטסטע אויטאָנאָמיע פאַר פעל־קער טעריטאָריאַלישע און א קולטורעלע אויטאָנאָמיע פאַר עקס־טעריטאָריאַלע פעלקער! און פּ. פּ. ס. פאַרלאַנגען, נישט קוקענדיג אויף דעם, װאָס זײ שעדיגען די פאַראײניגונג פון פּראָלעטאַריאַט, אויף אָרט־און־שטעל אַן עקסטרא קאָנסטיטואַנטע פאַר פּוילען, גאַנץ גוט װיסענדיג, אז אויב די פּראָװינצען, װאָס רײסען די בלוטיגע פעדים, מיט װעלכע די געװאַלט האָט זײ צוגענעהט צום אימפּער־

יום, וועלען זיך אפּטרענען צו פּריה, וועט אין די אינערע גובער־ניעס דער פּראָלעטאַריאַט, צוזאַמען מיט די ראַדיקאַלען און ליי־בעראַלען, ווערען אַזוי אָפּגעשוואַכט, עס וועט זיך אפילו נישט לוינען אַרויסצושטעלען קעגען זיי עטליכע כּוליגאַנעס...

איך, פּערזענליך, האָב איך גאַרנישט דאַגעגען, וואָס דאָס בלוט פּולסירט אָפּט שטאַרקער און דאָס נאַציאָנאַלע געפיהל רופט העכער, אַלס עס ווילט זיך אַמאָל דעם טעאָרעטישען גענאָסע פון פּ. פּ. ס.! נאָך וואָס אָבער פּאַרלאַנגען פון מיר גלויבען אין דעם, אין וועלכען ער גלויבט אַליין נישט?

פּ. פּ. ס. פּאַרלאַנגט נאָך קרעדיט אויף עפּעס אַנדערש: עס וויל מיר איינרעדען, אַז עס האַלט מלחמה נישט נאָר מיט דער פינסטערער נאַראָדאָווער דעמאָקראַטיע, נאָר אַפילו מיט'ן קלויס־טער שלאָגט עס זיך! וואָרים נישט נאָר די נאַראָדאָווע דעמאָ־קראַטיע וויל טאַנצען איהר אייגען טענצעל אויף די שאַנצען פון דער אַלטער פעסטונג, וואָס דער פּראָלעטאַריאַט האָט איינגענומען מיט הונגער, שוויים און בלוט, נאָר אויך די גלייכגילטיגקייט וויל אַריינשטעקען איהר פאָן אויף דער שאַנץ. — „אַוועק מיט'ן קלויסטער!“ רופט פּ. פּ. ס. און ווייטער: „לעבען זאָל דער רעד־נער!“ די פּיעלהאַרמאָניע ציטערט! וואָרים באמת, „די ליעבשאַפט, די ברודערשאַפט, וואָס דער גלח פּרעדיגט, איז נאָר אַ הוילער. פּוסטער קלאַנג! — זאָגט ווייטער דער רעדנער, — דאָס איז די פאַלשע שלאַנג, וואָס וויל פאַרזינדיגען דעם פּראָלעטאַריאַט, ער זאָל נישט קאָנען קומען אין זיין גן־עדן אַריין“... און נאָך אַמאָל: בראַוואָ! העגט ווערען געשוואָלען, פּ. פּ. ס. ברילט, ווי אַ לייב! און פּלוצלונג, שאַ! עס ווערט שטיל אין זאַל, ווי אויף אַ בית־עלמין, די פאַרשוויצטע פּנים'ער ווערען פאַרקלערט, די אויערען שפּיצען זיך און ציהען זיך, ווי קעגען שופר של משיח, די אויגען ווערען פול האָפנונג, פרייד, תּענוג און שטראַלען מיט אַ וואונ־דערליכען גלאַנץ פון אונטערגעבענקייט און עהרע... וואָס איז? ווער רעדט, וואָס מען הערט'ן אַזוי? ווער רעדט, וואָס זיינע רייד אַגיסען זיך צאַי אין די הערצער, אין די העלדען־הערצער פון פּ. פּ. ס.? עס רעדט אַ גלח, אַ מאָנאַך! און פון וואָס רעדט ער? פון דער זעלבער קלויסטער־ליעבע, וואָס איז ערשט נישט לאַנג אויס־געלאַכט געוואָרען, געטויט און באַגראָבען געוואָרען!

און פּ. פּ. ס. פארלאנגט פון מיר אמונה, אז זי מיינט מיך אויך, אז מיך, מיך ארעמען איד, וועט עס אויך פארזארגען; אפילו אין די ביכלעך פון פּ. פּ. ס. ווערט געשריבען, ווערט געדרוקט. אדרבה, אידען זענען אויך מענשען... און איך זעה, זיי זענען מענשען! אין דער שפּיץ פון פּ. פּ. ס. שטעהען, ברוך השם, אסך אידען און אידענעס!

רבונו של עולם, — טראכט זיך נישט איין אידישער פּראָלעטאריער אין זאל — נאך וואס זאל עקזיסטירען דער בונד? נאך וואס טיילען זיך?

און פונדעסטוועגען, פונדעסטוועגען איז דער וועקסעל, וואס פּ. פּ. ס. שרייבט פאר אונז אונטער, נישט קיין רעכטער וועקסעל... דאס איז א באנקנאט, וואס די קאסע פון פּ. פּ. ס. קאן נישט און האט גאר בדעה נישט צו צאהלען...

ערשטענס — ווערט דער באנקנאט געוויזען נאר אונטער פיער אויגען... אין דער רעזאלוציע ווערען מיר נישט דערמאנט! די פיינסטע און שטארקסטע רעדנער, וואס רעדען פון פעלקער־באַפרייאונג, האבען, אויסרעכענענדיג אלע פעלקער, וואס פּ. פּ. ס. וועט און מוז באפרייען — מיך נישט גערעכענט, מיין פאלק נישט דערמאנט... און, ווי געזאגט, נישט נאר פון פּראלעטארישע אינטערעסען איז גערעדט געווארען! סיערא־שעווסקי האט גערעדט, און מיט באגייסטערונג גערעדט, וועגען דער גרויסער און פיינער ראלע פון נאציאנאליטעטען און ווייטער מיך און מיין נאציאן נישט דערמאנט. איך גלויב זיין הארץ! עס איז גוט, עס איז ווייך, עס איז עהרליך און ערהאבען, נאר ליפּען האט ער וואונדערליכע: זיי קענען דאס ווארט אידישע נאציאנאליטעט, אויב עס הויבט זיך אויף פון הארץ, נישט דורכלאזען, עס ווערט ערגעץ פארלוירען אין דער הייל פון מויל, אין א לאך פון א שלעכטען צאן, אדער דערשטיקט אין האלז...

איך גלויב נישט פּ. פּ. ס., און גלויב נישט טאקע דעריבער, ווייל עס האט צווישען די פארשטעהער אזויפיעל אידען פון געוויסען סארט, און צווישען די אפיציעלע רעדנער אזויפיעל פון דיזעלבע אידען! ווייל איך קען די אידען, איך קען די אלטע

קנעכט, די אלטע פאלקס־פארקויפער, נאציאנאל־הענדלער — די אלטע אסימילאטארען!

די גרעסטע ווייבערישע זייל, אויף וועלכער דאס היילינגטום פון פ. פ. ס. הויבט זיך, א געבוירען אידיש קינד, האט גערעדט נישט נאר אין פיעלהארמאניע, נאר אויך ערגעץ אנדערש... און דארט האט זי דערקלערט, אז זי איז א „פאלקא", ווייל א פאלאק איז נישט קיין בלוט־באגריף, נאר א באוואוסטזיין־באגריף; „די, וואס פיהלט זיך אלס פאלקא, איז עס!" — מיר קענען דעם „גע־לעהרטען" הער פ.... נאר גענוג מיט נעמען!

דערמאנען מוזען מיר נאך איין אידיש געבוירענעם רעדנער פון פ. פ. ס., וואס האט נאר דאס רענדעל געטווישט! דער האט געזאגט: „חברים, צי איז צייט צו רעדען וועגען פעלקערשאפטען דאמאלט, ווען מען רעדט וועגען פראלעטאריאט?" דעם קענען מיר אויך!... ערגעץ אנדערש האט ער אונז געזאגט: „איך בין מודה, איך האב צוויי נשמות, איינע א פוילישע און די צווייטע (הערט: די צווייטע!) א אידישע"... און ער האט רעכט דעריבער, וואס ער וויל נישט רעדען פון דער נאציאנאל־פראגע, ער וויל זיך נישט ווייזען פאר'ן עולם אלס אומרוה, וואס רודערט זיך אהין און אהער, פון איין נשמה צו דער צווייטער! אלס לעדערנער דישעל, וואס איין נשמה שלעפט אהער און די צווייטע אהין!

— און הער ד.? אייגענטליך נישט הער ד., נאר גענאסע ד.! עס איז אן ארבייטער, א אידיש געבוירענער ארבייטער! אלס ארבייטער פרעהט ער זיך, און קאן די פרייד אין זיך נישט בא־האלטען און מוז די שמאטע אויפ'ן זאל ארויסווארפען, — ער פרעהט זיך. אז ער, דער איינפאכער ארעמער ארבייטער האט די זכיה צו זיין אין פיעלהארמאניע, וואס איז באשאפען געווארען נאר פאר רייכע לייט... דער רעדט שוין אפילו אידיש אויך, דער איז שוין באריהרען מיד אויך...

„און עס איז — זאגט ער — א אידיש, פאליטיש פריי פאלק געווען! נאר במשך דער צייט זענען פארשידענע פארענדערונגען געווארען..."

על כן? צי זענען מיר א פאלק, צי ניין?

קיין תשובה קאן ער נישט געבען! ווארים — פ. פ. ס.,

ביי וועלכער די „פ.“ וואקסט מיט יעדער סעקונדע אויפ'ן חשבון פון „ס“ — האט קיין צייט נישט צו אזעלכע נארישע פראגען!...

---

רבותי, איך גלויב נישט! איך וועל נישט גלויבען פ. פ. ס., כל־זמן זי וועט האבען אין זיך אזוי פיעל אידען פון געוויסען סארט. אידען יונגע, נאר אויסגעפוילטערע אלס אונזערע לאנג־געשטאר־בענע און באגראבענע שענקער און פריצ'ישע פאקטוירים. און איך ראט אויך דעם אידישען פראָלעטאריאט: גלויב נישט! דיין ארט איז אין א אידישער ארבייטער־ארגאניזאציע!

היט דיך — זאג איך איהם — פאר פ. פ. ס., כל־זמן זי האט אויף איהר לייב די אלטע אידישע אסימילאטארישע מכה!

---

וואס איז די וועלט?

א פאדערהייזעל צו יענער! דא געהט מען פארביי, דארט בלייבט מען.

דא ארבייטען? דא ליעב האבען? דא אויף מאר־גען און איבערמארגען רעכענען?

זאלען מיליאנערען זיך מארמארענע מאנומענטען בויען; פאר אונז ארעמע איז גענוג א דין און שמאל ברעטעל צוקאפענס...

---

און מען לעבט „אבי ווייטער“, „אבי איבערצוקומען“...

ערב יום טוב זיפצט מען אָפּ: שוין נאך יום טוב!

צום מארגענס, מען עפענט קוים די אויגען אויף, קלערט מען שוין: ווי אזוי וועט מען איבערלעבען דעם טאג, און פאר'ן שלאף הויבט מען אויף די הענט: געלויבט איז זיין ליעבער נאמען — איבערגעלעבט א טאג!

---

פארקירצען זיך די צייט אין פאדערהויז טאר מען נישט. דעם באָדעם איבערהאקען טאר נישט קיין אידישע האנט — ווי לאנג גאט וועבט, וועבט ער — בעל כרחך אתה חי — לעבט מען איבער

דאנק. דערהאלט מען דאס לעבען מיט „אבי וואס", פארביסען מיט „וואס עס איז".

און ברענגט די מארק־אידענע א הון אין שטוב אריין, נעמט די בעל־הבית'טע די הון אין האנט אריין, טאפּט זי און וועגט, און פרעגט: וואס וועל איך אפּקומען מיט איהר?

און זעהט איהר עפּעס שיינט, פליהט אייך דורך פאר די אויגען א גלאנץ, איז עס אן אטלעסענע קאפּאטע — לשם מצוה, פאר יענער וועלט, א בגד לשבת ויום־טוב...

---

אבי ווייטער...

קינדער־יאהרען זענען א פארשפּיל צו דער חופה... און קומט דער חופה־טאג, טוט מען אן דעם חתן תכריכים, חתן־כלה פאסטען און זאגען ודוי — זיי גרייטען זיך שוין צום טויט...

און די ערשטע גרויע האר?

א „פאוויעסטקע צום בית־דין־של־מעלה!" דין וחשבון גיב אפּ!

און — „לעב גוט, וועט דיר לייכט זיין דער טויט" און „געדענק אינ'ם טויט, זאלסט קאנען גוט לעבען" — דאס איז די מאראל...

---

מענשען וואנדערען, מענשען שטארבען, קהילות בויען זיך, קהילות ווערען חרוב. די שפּראצען, יענע וועלקען...

אבי ווייטער!

נעשעפּטען אויף ניין און נײַנציג יאהר?

א וועלט פארזארגען?

נעמויערטע צדקות?

ערגעץ איינוואָרצלען זיך? צוויי גלות־בלימעלעך שפּראצען אין אידישען הארץ! „אבי ווייטער!" און „אבי איבערקומען!"

לעבעדיגע שטעהען נישט פעסט; מתים ווארטען אויף גלגול מחילות... ווער עס וויל זיכערער געהן — קריכט אויף אלע פיער!

---

טאנדעט.

אליץ איז טאנדעט: דאס לעבען, דער האנדעל, די ארבייט...

אהן ליעבשאפט, אהן זיכערקייט — אהן מאָרגען און שפּע־טער — ציטערדיגע שאָטען, ציטערדיגע און כאַפּענדיגע...

פון דער לופט אין דער לופט אריין...

אַלץ איז נע־ונד; דער איד, זיין ארבייט, זיין לעבען, זיין פּאָ־ליטיק... אין אָרט, ווי אין דער צייט... צווישען „קויפען“ און „פאַר־קויפען“ האט דער סוחר קיין צייט נישט אפּצואָטעמען... אפּהאַל־טען, אויסהאַלטען איז ער נישט אימשטאַנד...

אויסגעלערענט א שטאַך מיט דער נאָדעל, חתונה געהאַט, אַ ווערק־שטעל געעפענט — אם לא עכשיו, אימתי? אפען שטעהט די גרוב און וואַרט!

אַלץ איז אויף דער מינוט און פאַר דער מינוט; מיד ליד, פון האַנט צו האַנט... אבי ווייטער!

צדקות ומעשים טובים, פּאַרטיי־לעבען, פּאָליטיק — האַלבע מיטעל, פיערטעל מיטעל, צוויטען, פעדים...

די „כנסת ישראל“ זיצט און לאַטעט און צערעוועט... אבי איי־בערצוקומען...

---

און דאָסזעלבע: ליטעראַטור... קונסט...

דער שטריך, די סקיצע, א מאָמענטעל, א פּאָרטרעטעל, א בליץ־אויפנאַם — וואו איז דאַס ווערק?

דער פויער אקערט אָפּ און וואַרט... זייהט אָפּ און האָפט... דער זאָמען געהט אויף, ער קוקט, דאָס האַרץ קוועלט, — ער וואַרט; גאָלדען ווערט די זאַנג, דאַמאָלט ערשט קומט ער מיט דער קאָסע!

מיר שניידען נישט גאָלדענס, נאָר „גרינס“... אפּט רייסען מיר מיט די נעגעל פון דער פייכטער ערד ארויס די קוים־אויפגעשוואָלענע זאָמען און באָקען!

טאַנדעט: „וואָס עס איז“ מיט „אבי וואָס“... גראַזען! די שפּראָצען. יענע וועלקען — ווען וועלען בוימער וואַקסען?

---

די אַלטע „יחידי סגולה“, די עטליכע אָפּגעשטאָרבענע, פאַר־שטיינערטע צעדער אויפ׳ן לבנון, קוקען אַראָפּ צו אונזערע גרעזע־לעך און זיפצען: דאָס זענען אונזערע אייניקלעך!...

---

...און מיינט נישט, אז איך זעה נאָר אייערע רוקען און מיך פאַרבלענדט דער שטויב פון אונטער אייערע פיס.

איהר האָט מיך נ י ש ט אויסגעמידען; אום מיט ליעב־שאַפט א בליק צו וואַרפען אויף אייערע בלאַסע פנים׳ער און פלאַ־מענדיגע אויגען, מוז איך מיך גאַנץ אָפּט א ו מ ק ע ר ע ן...

צווישען אונז איז דער שטרייט פון „מאָרגען“ און „איבער־מאָרגען“...

א י ך בין דער זוהן פון אויסדערוועהלטען אייביגען וואַנ־דער־פאָלק...

און מיט׳ן „אויסדערוועהלטען“ איז מיין ערנסט; מיין בלו־טיגער, מיין טראַגיש־שטאָלצער ערנסט.

אונז האָט מען אויסדערוועהלט צו שאַנד און שפּאָט, צו וואונד און וועה, צו שלעג און פּיין; מיר זענען די שוואַכסטע און די מינדסטע...

איהר פ י ה לט עס נישט? איהר זייט ספּעציאַליסטען פון קלאַסען־וועה...

עס ליגט א מענש אין גאַס און קאָן קאָן אויסגעהן אָהן הילף צווי־שען ספּעציאַליסטען. ער איז אָפּגעשוואַכט און פּאַכט מיט דער נשמה —

— נישט מיין זאַך, א צאָן־דאָקטאָר בין איך!

— נישט א י ך דאַרף עפּעס טון, איך הייל נאָר נעז...

אַן אַנדערער איז א מבין ספּעציעל אויף אויערען, נאָך איינער פאַרנעמט זיך מיט הויט־קראַנקהייט, איינער זאָגט:

— מיין פאַך איז דער מאָגען!

און דער מענש פּאַכט דערווייל מיט דער נשמה און קאָן שטאַרבען.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

— מיין פאָלק האָט מען אויסדערוועהלט צו שאַנד און שפּאָט, צו וואונד און וועה, צו שלעג און פּיין! אָבער עבען דערמיט

טרייבט מען איהם צו דער ווייטסטער מ ע ט ע פון דער מענש־ליכער גערעכטיגקייט, צום ווייטסטען פּאָסטען אויפ'ן וועג פון דער מענשליכער פרייהייט, צום לעצטען זיג איבער די פיזישע מאַכט, איבער'ן פיזישען צוואַנג, און — די „מערהייט“, אין וועלכער נאָ־מען א י ה ר רעדט און וועלכע איהר ווילט באַגליקען, איז אויך נאָר איינע פון איהרע געשטאַלטען.

מיט קין'ס שטעמפּעל האָט מען מיין פאָלקס שטערן געצייכענט און דערמיט צום אייביגען וואַנדערען פ א ר ש א ל ט ע ן און — ג ע ב ע נ ש ט.

איהם האָט מען מיט געוואַלט אריינגעשטעקט די רויטסטע פאָן אין די הענט און גערופען:

— גערה! אליץ ווייטער און ווייטער גערה, מיט אלע באַפרייער, מיט אלע צוקונפטס־קעמפּער, מיט אלע סדום־איבערקערער... נאָר בלייבען שטעהן מיט זיי, קאָנסט דו נישט... די ערד וועט ברענען אונטער דיר!

— אויף שריט און טריט צאָהל די בלוטיגסטע קאָסטען פון יעדען באַפרייאונגס־פּראָצעס, נאָר אין די באַפרייאונגס־דעקרע־טען וועט ווייניג, זעלטען אָדער גאָרנישט דערמאָנט...

דו גערה און בלוטיג ווייטער!

— דו ביסט דער שוואַכסטער און דער מינדסטער און וועסט אויסגעלייזט ווערען ערשט צו אַלערלעצט...

— אַזוי לאַנג, ווי עס וועט בלייבען א שטיין פון אַלטע מויערען, וועט ער ליגען אויף ד י י ן אַקסעל און דריקען!

— אַזוי לאַנג, ווי עס וועט בלוט פאַרגאָסען ווערען, א ווילען — אונטערדריקט, א פליגעל — אונטערגעשניטען, — וועלען עס זיין ד י י נ ע פליגעל, ד י י ן ווילען, ד י י ן בלוט...

דו וועסט באַפרייט ווערען ערשט צו אַלערלעצט, ווען דער מענש וועט באַפרייט זיין פון דער ערד! ווען פון מענשען־ווערם וועלען מענשען־אָדלער ווערען.

---

שטאָלצירט נישט מיט אייער רויטער פאָן, זי איז נאָר דער שוואַכער אָפּגלאַנץ פון דער בלוטיגער פאָן אין דער האַנט פון אויסדערוועהלטען פאָלק!...

פון פאלק, וואס איז פארשאלטען און געבענשט געווארען, אויסגעלייזט צו ווערען צו א ל ע ר ל ע צ ט, צו זיין דער אייביג בלוטענדיגער, אמווייטסטען געהענדיגער אנטראג, וואס ווערט גאט אין דעם לעבען געשטעלט...

מיט מיין פאלק געה איך, פון גלאנץ פון זיין פאן פלאמט מיין נשמה און א י ך רוף: אידען פון אלע לענדער און פעל־קער, פאראייניגט אייך... לאנג און געפעהרליך איז דער וועג — האלט אייך צוזאמען!

---

דאס לעבען ארום אונז וואקסט, ווי א גוט איינגעזויערט טייג, נאר ביי אונז איז שטיל — כמעט שטיל, ווי אין די אלטע גוטע צייטען...

פ. פ. ס. פארזאמעלט אין פיעלהארמאניע טויזענטער און טוי־זענטער — עפענטליך און קרעפטיג הערט זיך איהר ווארט, איהר שמעטערענד ווארט; באהאלטען און בסוד־סודות זענען די מי־טינגען פון אונזער „בונד“...

נ. ד. (נאראדאווע דעמאקראטען) שווייגט נישט — מיטינגען און דעמאנסטראציאנען — פארוואס שלאפען אונזערע ציוניסטען?

„אהן אונטערשייד פון גלויבען“ האט זיך געעפענט א געזעל־שאפט צו לערנען, לעזען און שרייבען. „אויס אנאלפאבעטען!“ ווערט געררופען, און פון הויז צו הויז, פון טיר צו טיר געהען ארום אינטעליגענטען און אינטעליגענטקעס און פרעגען זיך נאך: נישט דא עמיץ אין הויז, וואס קאן נישט שרייבען, נישט לעזען און האט חשק זיך צו לערנען? און מען לערענט אומזיסט, מען גיט ביכער אומזיסט און שרייב־געצייג אומזיסט, און מען בעט זיך רחמים: לערענט אייך! א פאלק, וואס וויל אויפלעבען, מוז קענען לעזען און שרייבען!

וואו איז א ו נ ז ע ר חברה „אלף־בית“! — וואס טוען אונזערע אינטעליגענטען?

א לעהרער־פאראיין, א שול־פאראיין, — אויף דער גאנצער ליניע געהט א מלחמה פאר פויליש, פאר דער פאלקס־שפראך! מען דארף באפרייען דאס שוואכע קינד פון דעם דאפעלטען יאך צו לערנען אין א פרעמדער שפראך! — פויערען אין די דערפער נע־

מען זיך צוזאמען, טרייבען ארויס די פרעמדע שרייבער, די פרעמ־דע לעהרער — פויליש מוז זיין די שולע.

ווער שטרייט פאר א י ד י ש ?

די חברה „בעלי בתים" האט זיך געווענדט צום מאגיסטראט און געבעטען, דער מאגיסטראט זאל געבען זיינע לאקאלען אויף פארטרעגע פאר'ן פאלק. דער גענעראל ביביקאוו האט צוגעזאגט.— צו די פארשטעהער פון דער אידישער געמיינדע האט זיך קיינער דארום נישט געווענדט...

פאר'ן פראסטען פאלק ווערט געעפענט א פרייע אוניווערזי־טעט, מיט'ן צוועק:

אויפצוהויבען די בילדונג פון דער מאסע;

פארטיפערען די קולטור צווישען ארבייטער און געווערבס־לייט;

צו געבען זיי די מעגליכקייט זיך ארענטליך און געהעריג צו פארוויילען!

צו דעם צוועק ווערען איינגעפיהרט:

סיסטעמאטישע, אלגעמיין בילדענדע פארטרעגע.

עפענטליכע, פאפולער־וויסענשאפטליכע פארלעזונגען פאר גרויסע מאסען.

ספעציעלע פארטרעגע און פארלעזונגען אין פאבריק־שולען —

אויסער דעם וועט מען פארמעגליכען דעם „פראסטען עולם" דאס באזוכען פון מוזעען, אויסשטעלונגען, פאבריקען און אלגע־מיינע עפענטליכע אנשטאלטען... ארגאניזירט וועלען אויך ווערען רעדלעך (קרייזען) פאר טעאטער, כאר און ארקעסטער...

וואו איז א ו נ ז ע ר פאלק־הויז, א ו נ ז ע ר טאמביי־האלע?

ד א ר ט וועקט זיך דאס נייע פרייע לעבען, די גייסטליכ־קייט קאן אויך שוין נישט שלאפען ווי אמאל. עס איז די טעג א מיטינג פון גייסטליכע געווען. און ווייסט איהר, וועגען וואס זיי האבען געקלערט און וואס זיי האבען באשלאסען? נישט וועגען הי־מעל־זאכען! נישט וועגען הכשרים אויף וואס עס איז!

זיי האבען געקלערט, ווי אזוי מיטצואווירקען מיט'ן פאלק...

דער גייסטליכער, האבען זיי באשטימט, איז נישט באפרייט פון פליכטען, קעניג, לאנד און פאלק...

זיי האבען פראטעסטירט געגען זייער אפיציעלען ארגאן אין ווארשוי, וואס באשעפטיגט זיך נאר מיט דינים פון תענית און מנהגים פון קלויסטער און ווייסט גארנישט וואס צו זאגען, ווענען דעם נייעם לעבען, וואס וועקט זיך ארום און ארום!

זיי האבען באשלאסען צו שטרייטען צוזאמען מיט'ן פאלק פאר דער אויטאנאמיע פון פוילען... פאר א ריין פוילישער אד־מיניסטראציע, פאר דער פוילישער שפראך, פאר א ווארשעווער קאנסטיטואנטע! און געוועהלט זאל זי ווערען אלגעמיין, גלייך, אוממיטעלבאר און געהיים...

און דעם ארבייטער — זאגט די גייסטליכקייט — טאר מען פון האנט נישט ארויסלאזען; מען דארף דעם סאציאליזם ארייננעמען אין קלויסטער, ווארים — הערט, הערט! — ווארים אלץ דארף זיין פאר'ן פאלק און דורך דעם פאלק!

און דעריבער — זאגט די גייסטליכקייט, — מוז מען הויבען די מאראלישע און עקאנאמישע לאגע פון פאלק, זיין נאציאנאל־געפיהל — פארטיפערען, דערוועקען אין איהם דאס געפיהל און דעם געברויך פון זעלבסט־הילף — — —

און אונזער „ראראמער רב" לאזט אפילו צו שלשים נאך די פאגראמען נישט פאסטען — —

פארוואס געהען פארלוירען די אידישע פאלקס־ליעדער? פאר־וואס מוזען אידישע טאלאנטען שפילען „בר כוכבא" און „אשה רעה"? וואו זענען אונזערע אידישע אויסגאבען?

און צוזאמענקומען קאן מען זיך נישט; די „דייטשע שול" איז פארהאמערט, די „גמינע" פארשלאסען, און דער עולם שלאפט...

---

עס פלאצט.

דער שטורעם רייסט דעם דאך. אייזערנע טאראנען לעבערען די ווענט, דער לאנג פוילער פונדאמענט צורודערט זיך — —

„מפי עוללים ויונקים" — קינדער מארשירען מיט רויטע פענער איז די גאסען; הויבט די מיצען, אלטע, קלוגע, פארזיכ־

טיגע לייט! עס האָט זיך שוין געפונען א ווייכער קאָזאַק, אַן אמת'ער „קאָזאַק הנגזל״, וואָס האָט נישט געוואָלט שיסען! „זאַ־טשעם? — פוסקאַי סאָביראַיוטסיאַ!״

דער פּלאַץ שטעהט אין פייער — מיליטערישע מוזיק ציהט דורך די גאַסען מיט מאַרסעליאַנקעס! סאָלדאַטען לעזען מאַרקס אין די קאַזאַרמעס — מיט פּאָליטישע פאָדערונגען טרעט ארויס די פּאָליציי; באַ! אַפילו קנעכט ביי קנעכט, וואָס דינען אַנדערע קנעכט — די „טשינאָווניקעס״ פון דער וואַרשעווער גמינע, צו־זאַמען אַפילו מיט די קברנים פון היילינגען אָרט, אָרגאַניזירען זיך. דעלעגאַטען שוין געקליבען! — אַלץ פלאַמט, רעזידענצען ברענען. אין העלען פייער שטעהען פּראָווינצען! אין די פינסטערסטע ווינ־קעלעך פון מענשליכען לעבען באַווייזט זיך ליכט! ביים ליכט איז דער עולם בודק חמץ, וואַרפט ארויס דעם אַלטען שימעל, דאָס אַלטע, דאָס פוילע, דאָס שרעקענדיג־ציטעריגע, דאָס שוואַרצע, מיט די פאַרלעגטע הענט, פאַרוויינטע אויגען, דאָס אייביג האַפענדיגע און נישט טוענדיגע — —

אַ נייַ לעבען שפּינט זיך, וועבט זיך אויף דער חורבה פון אַלטען — —

און מ י ר, וואו זענען מיר?

— אַם ראַדיקאַלסטען — זאָגט מען — זענען אידען! אַחוץ אַ קלער צו טון רייסען זיי דאָס אַלטע, אָדער העלפען עס איינ־צורייסען, אַהן רחמנות שטורעמען זיי אַלע אַלטע לעבענס־פאָרמען, אַלע עקאָנאָמישע און מאָראַלישע אינסטיטוטען: ווייל אַלץ האָט זיי נאַר גערדיקט, געשטיקט און געוואָרגען. זיי קאָנען דאָס פאַר־גאַנגענע נישט ליעב האָבען, ווייל דאָס איז דורכגעזאַפּט מיט זייער קריוודע; דאָס געהענדיגע — נישט באַדויערען, ווייל עס איז מיט זייער בלוט באַשפּריצט!

אַזוי זאָגט מען, און דאָך — וואו זענען מ י ר?

מיר אידישע שרייבער, וואָס דאַרפען געהען פאָראויס? וואו איז אונזער אָרגאַניזאַציע? פאַרוואָס זענען מיר צושפּרייט און צו־זייהט, ווי די שעפּסען?

וואו איז די „אגודת סופרים״? דער „שריפטשטעלער־פאַר־באַנד״?

צי האבען מיר נישט קיין אינטערעסען, מאראלישע אדער עקא־נאמישע, ארום וועלכע מיר דארפען זיך זאמלען?

גלויבען מיר נאך אין אלטען, דריקענדיגען, פינסטערען, וואס צוטיילט, אום צו הערשען? — אדער מיר גלויבען נישט אין זיך אליין, אין אונזער קראפט, אין אונזערע צוועקען, און אונזער גאנצע מאראל איז: „כאפ פאר דער שורה און עס, כאפ פאר דער שורה און טרינק“. „מארגען“ איז קיין טאג נישט?

.1906

# אינהאלט:

